מיט װאַרימען געפיל הײליק איך
דאָס בוך פאַר דעם אָנדענק פון דער
פריצײטיק פאַרשטאָרבענער

**ז י נ אַ  ר אַ פּ ע ל**

און פאַר אַלע בלאָנדזשענדע שטערן
װאָס האָבן זײער לעבן געװידמעט
פאַר דער אידישער בינע!

**נ. צוקער**



נחמיה צוקער

# פיר דורות אידיש טעאטער

## די לעבנס־געשיכטע פון זינא ראפעל

אייגענער פארלאג.

בוענאס איירעס

1944



מישע שווארץ

NECHEMIAS ZUCKER

# *Cuatro Generaciones de Teatro Israelita*



●

ארויסגעגעבן מיט דער פרײַנטלעכער מיטהילף פון קאַרלאָס טשערווין,
סאלאמאָן יאַנקעלעוויטש, מאַריאַנאָ פעלדשטיין
און כאַקאָבאָ טשאוסאָווסקי

שער-בלאַט געצייכנט פון מישאַ שוואַרץ

Buenos Aires 1944

Talleres Gráficos "OPTIMUS — Valentín Gómez 2719 — U T. 47-7354

# פאָרוואָרט:

ווען איך האָב באַשלאָסן צו שרייבן די לעבנס-געשיכטע פון דער צאַרטער און פיין-פילנדיקער אַקטריסע זינאַ ראַפּעל, איז עס נישט געווען קיין צופאַל.

שוין לאַנג, נאָך אין די ערשטע יאָרן פון מיין אַקטואַציע אַלס פאַרוואַלטער פון אידישן אַקטיאָרן פאַריין פאַר אַרגענטינע און אורוגווײ, איז מיר געקומען אפן געדאַנק צו שרייבן אַ טעאַטער-בוך, פון וועלכן דער הויפּט-העלד זאָל זיין איינער פון אונזערע היגע אידישע בינע-קינסטלער.

דער געדאַנק האָט מיך געמאָנט, אָבער נישט אַזוי שנעל האָב איך געקענט באַשליסן וועמען פון די היגע קינסטלער איך זאָל אויסקלייבן אַלס הויפּט-העלד פון אַזאַ בוך און עס האָט געדויערט עטלעכע יאָר, ביז איך האָב פון אַ גאַנצע רייע קאַנדידאַטן אויסגעקליבן די צאַרטע זינאַ ראַפּעל, וואָס איז דאָ געקרוינט געוואָרן מיט דעם טיטל: — די מאַמע פון אידישן טעאַטער אין אַרגענטינע.

עס איז גאַנץ מעגלעך, אַז ביי עמיצן פון די אַנדערע קאַנדידאַטן וואָלט איך געפונען פיל מער געשיכטלעכן שטאָף און זיכער נישט ווייניקער עפּיזאָדן, וואָס זיינען ווערט פאַרצייכנט צו ווערן, אָבער איך בין דאָך נישט אויסן געווען צו שרייבן טעאַטער געשיכטע, נאָר די געשיכטע פון אַ לעבן וואָס האָט זיך געווידמעט אויסשליסלעך פאַרן טעאַטער און זיכער האָט אויך געווירקט מיין פאַרערונג צו דער סובטעלער קינסטלערן און נישט ווייניקער האָט אף מיר געווירקט דער פאַקט, וואָס זינאַ ראַפּעל האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט נישט בלויז דעם יחוס-עצמו איר אייגענעם טעאַטער-יחוס ווי מיינע אַנדערע קאַנדידאַטן, נאָר מיין אויסגעקליבענע העלדין האָט מיט זיך פאָרגעשטעלט **פיר דורות אידיש טעאַטער.**

זינאַ ראַפּעלס עלטערן — וואַנדערנדיקע אידישע אַקטיאָרן נאָך פון דער גאָלדפאַדן-עפּאָכע; אירע שוועסטער און ברידער — וואָגלענדיקע אידישע בינע-קינסטלער; זי אַליין — אַן אַקטריסע פון באַדייטנדיקן פאַרנעם; אירע קינדער און איידעמס — אויך אידישע אַקטיאָרן מיט

קינסטלערישן אָנזען און דאָס ערשטע אייניקל אירס, די פערטע שיכט פון דעם פאַרצווייגטן אידישן טעאַטער־בוים, דאָס ערשטע קינד פון פערטן דור וואָס הייסט אסתר־רחל, נאָך דער באַרימטער מאַמע פון אידישן טעאַטער אין פוילן און רוסלאַנד, די קאַמינסקי ע"ה — איז שוין אויך אויפגעטראָטן אויף דער אידישער בינע און מיט די פרטים האָט זיך זינאַ ראַפּעל אַרויסגעהויבן איבער די אַלע קאַנדידאַטן און שוין דערפאַר האָט זי זיכער פאַרדינט פאַראייביקט צו ווערן אַלס הויפּט־העלדין פון אַ טעאַטער־בוך.

און ווען איך האָב זיך נאָך באַקענט מיט מאַנכע דאַטן פון זינאַ ראַפּעלס לעבן, ליידן און פריידן, האָב איך זיך איבערצייגט, אַז אירע פיל־פאַרביקע איבערלעבענישן וועלן מיר ליפערן גענוג אינטערעסאַנטן שטאָף, אַז מיין בוך זאָל זיך קענען לייענען ווי אַ שפּאַנענדיקער ראָמאַן פון אַ אידישער אַקטריסע, אַ ראָמאַן וואָס ציט זיך ווי אַ זיידן שנירל באַ די ראַנדן פון אידישער טעאַטער־געשיכטע.

און אפשר איז עס גאָר געווען אַ וואונק פון דער השגחה וואָס האָט געוואָלט, אַז די לעבנס געשיכטע פון זינאַ ראַפּעל זאָל פאַרצייכנט ווערן אין אַ בוך, איידער דער פּריצייטיקער טויט וועט זי אַוועקרייסן פון אונז?

אפשר איז עס געווען דער אינסטינקטיווער פאַרגעפיל אַז מען דאַרף שרייבן די געשיכטע פון איר לעבן איידער דאָס דאָזיקע לעבן לעשט זיך אויס?

יעדנפאַלס, צי געשטויסן פון שרייבערישן דראַנג, צי פון אַ געהיימען אומבאַוואוסטזיניקן פאַרגעפיל, עס האָט זיך ביי מיר אויסגערייפט דער געדאַנק, אַז אויב שרייבן אַ טעאַטער־בוך, זאָל זינאַ ראַפּעל, די געקרוינטע מאַמע פון אידישן טעאַטער אין אַרגענטינע, זיין די הויפּט־ העלדין פון דעם בוך.

---

נאָך מיין אויסוואַל פון דער הויפּט־העלדין, האָט נאָך גענוג לאַנג געדויערט ביז איך בין צוגעטראָטן צו דער אַרבעט פון שרייבן דאָס בוך.

זינאַ ראַפּעל איז געווען געזונט און פריש, זי האָט יאָר איין־יאָר אויס אינטערפּרעטירט אויף איר סובטעלן אופן אירע ראָלן אַלס מאַמע און עס האָט מיר נישט געקאָנט איינפאַלן, אַז איך דאַרף זיך איילן מיט דער אַרבעט.

ערשט אין חודש מערץ 1941 האָב איך דער קינסטלערן פאַרגעלייגט מיין פּלאַן וועגן בוך און די באַשיידענע צאַרטע זינאַ ראַפּעל האָט זיך גערויטלט ווי אַ זעכצן יעריק מיידל בעת זי דערהערט די ערשטע ליבעס־דערקלערונג.

מיין פאָרשלאַג האָט זי אַזוי צעטומלט, אַז זי האָט מיר נישט געקאָנט באַלד ענטפערן; אָבער ביי אַ צווייטן שמועס האָט זי שוין געשמייכלט מיט פאַרלעגנהייט און אויסגעדריקט איר צווייפל צי זי וועט נאָך געדענקען גענוג דעטאַלן, וואָס זאָלן ווערט זיין פאַרשריבן צו ווערן.

איך האָב זי באַרואיקט און פאַרזיכערט, אַז איך וועל מיט מיינע פראַגן באַווייזן אויפצואוועקן אין איר זכרון זאַכן וואָס זי האָט אפשר פאַרגעסן און נאָך עטלעכע אַזעלכע שמועסן איז איר פאַרלעגנהייט פאַרשוואונדן, זי איז געוואָרן דרייסטער און איך בין ענדלעך צוגעטראָטן צום אויפנעמען און פאַרצייכענען די ענטפערס וואָס זי האָט מיר געגעבן אויף מיינע פראַגן.

---

עטלעכע הדשים האָבן געדויערט מיינע פאַרצייכענישן.

זינאַ ראַפּעל איז געווען געזונט, זי האָט אַקטואירט אין טעאַטער עקסעלסיאָר און אויסער שרייבערישער דראַנג, זיינען נישט געווען קיין שום סבות וואָס זאָלן צואיילן צו דער אַרבעט; פאַרקערט, באַ אַ גוט-מוטיקער שטימונג האָבן מיר אָפּגעשמועסט, אַז מען דאַרף אויסמעסטן די צייט, אַז דאָס בוך זאָל קענען דערשיינען אויף מערץ 1944, ווען עס פאַלט אויס איר זעכציקסטער געבורטסטאָג.

ווייסנדיק די מאַטעריעלע שוועריקייטן פאַר אַרויסגעבן אַ גרעסערן בוך, האָבן מיר אויסגערעכנט אַז אין צוזאַמענהאַנג מיט פייערן דעם זעכציקסטן געבורטסטאָג פון דער באַליבטער קינסטלערן, וועט געשאַפן ווערן די שטימונג און דער אינטערעס פאַרן בוך, וואָס וועלן באַזייטיקן אַלע שוועריקייטן.

האָב איך פּאַמעלעך און מיט פאַרערנדיקער באַציאונג קלאַסיפיצירט די פאַרצייכענישן אין כראָנאָלאָגישן סדר און ווען איך האָב שוין גע-וואָלט אָנהויבן שרייבן דאָס בוך, האָט זיך מיר ערשט געשטעלט די פראַגע: — אין וואָס פאַר אַ פאָרם זאָל איך עס שרייבן? זאָל איך שרייבן די געשיכטע פון זינאַ ראַפּעל אין דריטער פערזאָן, אָדער אין ערשטער פערזאָן, אין פאָרם פון אויטאָ-ביאָגראַפיע?

און ווייל איך האָב אין די פאַרצייכענישן געהאַט אַ סך געשיכטלעכע דאַטעס וואָס נישט פון אַלע האָב איך געקענט פעסטשטעלן די פּאָזיטיווע ריכטיקייט, האָב איך דעריבער באַשלאָסן אַז דאָס בוך זאָל זיין געשריבן אין פאָרם פון אויטאָ-ביאָגראַפיע, אין ערשטער פערזאָן, אַזוי ווי זינאַ ראַפּעל אַליין וואָלט זי דערציילט.

— איז עס טאַקע געווען צוליב דער פּינקטלעכקייט פון די געשיכט-לעכע דאַטן? איז עס געווען בלויז אַ צופעליקער איינפאַל אַז איך זאָל

שרייבן דאָס בוך אין דער פאָרם ווי מיין הויפּט-העלדין וואָלט עס אַליין דערציילט, אָדער איז עס געווען אַ שטומס פון דער געהיימער פאַרזעאונג, אַז די צאַרטע קינסטלערן זאָל דורך דעם בוך קענען אַליין אויסשפּילן, אַליין אינטערפּרעטירן פאַרן אידישן עולם איר לעבנס-געשיכטע, שוין נאָך איר פּריצייטיקן טויט?...

אין משך פון יאָר 1942 ביז סוף אַפּריל 1943 האָב איך געשריבן דאָס בוך.

זינאַ ראַפּעל איז געווען געזונט און מונטער און גאַנץ אָפט האָט זי מיר געבעטן איך זאָל איר פאָרלייענען דאָס געשריבענע, איך האָב איר וואונש דערפילט און הערנדיק אַרויסלייענען שטיקער פון איר לעבן, האָט זי געוויינט פון גליקזעליקן איבערמוט.

עס איז געווען סוף אַפּריל 1943; די פּראָטאַגאָניסטין פון מיין בוך איז געווען פאַרנומען מיט פּראָבן און נישט געהאַט קיין צייט אויסצוהערן די לעצטע קאַפּיטלען פון מיין שוין פאַרענדיקטן בוך און זי האָט זיך עטלעכע מאָל אויסגעדריקט, אַז כאָטש אַ פּרוי וויל דאָך נישט אַזוי שנעל אַלט ווערן, פונדעסטוועגן וואָלט זי שוין געוואָלט דערלעבן איר זעכציק-סטן געבורטסטאָג, כדי זי זאָל קענען זען איר לעבנסגעשיכטע אָפּגעדרוקט אין אַ פאַרטיקן בוך.

עס איז שוין געווען עפּעס ווי אַ פּאָר-געפּיל וואָלט איר באַאומרואיקט, זי האָט מיך עטלעכע מאָל געפרעגט צי דאָס בוך וועט נאָך קענען זיין פאַרטיק ביז צו איר געבורטסטאָג, זי האָט זייער געוואָלט הערן די לעצטע קאַפּיטלען, נאָר די אָפטע פּראָבן האָבן איר פאַרנומען די צייט און ליידער האָט זי ערשט געהערט די לעצטע קאַפּיטלען ליגנדיק אין אידישן שפּיטאָל, בלויז צוויי טעג פאַר איר אומגעריכטן פּריצייטיקן טויט...

אָבער ניין: איך וויל דאָ נישט דערמאָנען אַז זינאַ ראַפּעל לעבט נישט מער; דאָס וועל איך טאָן אין עפּילאָג, צום סוף פון בוך און דערווייל — לייענט די אינטערעסאַנטע געשיכטע און הערט ווי די מאַמע פון אידישן טעאַטער אין אַרגענטינע רעדט מיט איר אייגן מויל, איידער אירע ליפּן האָבן זיך געשלאָסן אויף אייביק...

נחמיה צוקער

# ערשטער קאַפּיטל:

אַריינפיר — מיין פאָטער און זיינע עלטערן — אַ קויל שניי עפנט פאַר אים די טויערן פון טעאַטער — אברהם און אידל גאָלדפאַדן — מיין פאָטער ווערט אַ אידישער אַקטיאָר — מיין מוטער און אירע עלטערן — אַ טייוולשע מאַניפּאָרגע פון אַנטיסעמיטן — מיין מוטער שפּילט קינדער־ראָלן און איז מפרנס די שטוב — מיין באָבע ווערט רייך — מיין פאָטער באַקענט זיך מיט מיין מוטער — התן־כלה קעגן על־טערנס ווילן — יעקב זיידל ציפּקוס מיט איטע פויגל האָבן חתונה — דער גורל איז געחתמט — מען פאָרט ווייטער — אַ שרפה אין בערדיטשעווער צירק — די מאַמע איז דאָ און וואו איז דער טאַטע? — יעקב אַדלער — מיין מאַמע פאָרט מיט מיר צים טאַטן — מאָלעוו און אָטעק־מאָלעוו — אַן אַקטיאָרישע שמחה צוליב מיר.

## אַריינפיר:

איידער איך הויב אָן דערציילן די געשיכטע פון מיין לעבן, מוז איך קודם אָפּגעבן פלאַץ אויבנאָן פאַר ד י פּערזאָנען, וועלכע האָבן מיך אַף דער וועלט געבראַכט.

דאָס איז נישט בלויז די פּיעטעט וואָס אַ קינד דאַרף אַרויס־ווייזן צו די עלטערן, נאָר אויך אַ נויטווענדיקייט פאַר דער גע־שיכטע פון אַ לעבן, אַז מען זאָל אויך וויסן ווער עס האָט דאָס לעבן געבראַכט אַף דער וועלט און באַקענענדיק זיך מיט זיי, וועט מען אפשר אויך זען די קערנדלעך וואָס זיי האָבן פאַרפלאַנצט און דערמיט אָנגעצייכנט דעם וועג אַף דער גרויסער וועלט פאַר דער נייער שאַפונג.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס וואָס איך גיי דאָ דערציילן, איז נאָך פון פאַר דער צייט פון מיין זיין און איך קאָן נישט אפילו פּרואוון זיך דערמאָנען צי דאָס אַלעס איז טאַקע געווען פּינקטלעך אַזוי מיט אַלע דאַטן און שילדערונגען און עס וואָלט אויך באַדאַרפט פאַרנעמען צופיל פלאַץ, ווען איך זאָל וועלן דערציילן אַלעס וואָס איך האָב געהערט אין מיינע קינדער יאָרן וועגן מיינע עלטערן. קאָנצענטריר איך דעריבער דאָס אַלעס וואָס איך האָב געהערט ביז צו אַ מיטל־פּונקט און איך גלויב, אַז אַוועקשיילנדיק די אַלע באַפּוצונגען וואָס וועבן זיך געוויינלעך ווי לעגענדעס אַרום יעדן קינדס באַציאונג צו זיינע עלטערן, בלייבט דער

ריינער אמת, ווער און וואָס זיי זיינען געווען און ווי אַזוי זיי האָבן געלעבט און געשטרעבט.

## מיין פאָטער און זיינע עלטערן.

מיין פאָטער, יעקב-זיידל ציפּעס, אָדער ווי ער האָט זיך שפּעטער גערופן אַלס אַקטיאָר — צ י פּ ק ו ס , איז געבוירן געוואָרן אין מאכנאָווקאַ, נעבן בערדיטשעוו.

ער איז נאָך געווען אַ קינד, ווען זיינע עלטערן זיינען פון מאכנאָווקע אַריבער קיין בערדיטשעוו און זיי האָבן דאָרט געעפנט אַ וויין-שענק בשותפות מיט אברהם פישזאָנס עלטערן.

די וויין-שענק האָט געגעבן גרויסע פּאַרדינסטן און דער זיידע האָט געקויפט איין הויז נאָכן אַנדערן ביז ער האָט געהאַט זיבן הייזער און פּלוצלינג האָט זיך דאָס רעדעלע איבערגעדרייט, די געשעפטן האָבן אָנגעהויבן גיין ערגער און די שטייערן מיט שטראָפן זיינען געוואָרן גרעסער, אַזוי לאַנג און אַזוי ברייט, ביז דעם זיידן איז מיאוס געוואָרן דער גאַנצער עסק און ער האָט זיך מיט דער גאַנצער פאַמיליע אַריבער-געקליבן קיין אָדעס.

מיין פאָטער איז דעמלט אַלט געווען צוועלף יאָר.

געקומען קיין אָדעס דער צוועלף יעריקער יעקב-זיידל אין דעם לאַנגן קאַפּאָטקעלע, האָט ער פּאַר זיך שנעל דערזען אַ נייע ליכטיקע וועלט וועגן וועלכער ער האָט אין בערדיטשעוו אפילו נישט געקענט חלומען און דאָס ערשטע פון דער נייער ליכטיקער וועלט, וואָס האָט אים אינגאַנצן פאַרכאַפּט ווי דורך כשוף, איז געווען דאָס אידישע טעאַ-טער.

ער האָט געזאַמלט די קאָפּיקעס וואָס דער זיידע האָט אים מיטגע-געבן אין חדר אַריין און אַבי ער האָט שוין געהאַט גענוג אויף אַ בילעט אויף דער גאַליאָרקע, איז ער שוין געווען אין טעאַטער און שפּעטער, ווען דעם זיידנס געשעפטן זיינען געגאַנגען ערגער און ערגער און דער יונגער טעאַטער ליבהאָבער האָט שוין נישט באַקומען קיין קאָפּיקעס, האָט ער זיך געפּרואווט אריינגנבענען אין טעאַטער אָן אַ בילעט און אַ סך מאָל האָט עס זיך אים איינגעגעבן.

דעם זיידנס געשעפטן האָבן שוין געמוזט גיין זייער שלעכט, ווייל נישט לאַנג נאָכן אָנקומען אין אָדעס, האָט ער דעם קליינעם יעקב-זיידל געמוזט שיקן צו דער אַרבעט אין אַ ציגאַרן-פאַבריק, וואו דאָס אינגל האָט געמוזט איינזויגן אין זיך דעם טאַבאַק-שטויב און עס איז גאָרנישט

קיין וואונדער, ווען יעקב-זיידל האָט ליבער געהאַט צו שפּאַצירן איבער די אדעסער גאַסן און לייענען די אַפישן פון טעאַטערס, איידער זיצן אין פאַבריק און שלינגען דעם ביטערן טאַבאַק-שטויב.

צוערשט האָט ער דערקענט די טעאַטער-אַפישן צוליב די קלישעען פון די אַרטיסטן וואָס האָבן באַצירט די אַפישן און זייענדיק נייגעריק וואָס מען שרייבט דאָרט אַף די אַפישן וועגן זיי, האָט ער זיך געפרעגט בא די חברים וואָס ער האָט שוין געהאַט, און ווי ער וואָלט זיך געוואָלט איבערצייגן צי זיי זאָגן אים דעם אמת, האָט ער זיי איבערגעפרעגט און געבעטן זיי זאָלן פאַר אים איבערלייענען די ווערטער אות-באות און ער האָט זיך דערביי גוט איינגעקוקט אין די רוסישע אותיות און אַזוי האָט זיך יעקב-זיידל אויסגעלערנט די רוסישע אותיות און ער האָט געלערנט מיט אייפער און שפּעטער מיט יאָרן, ווען איך בין געווען אַ קינד, האָב איך גאַנץ אָפט געהערט ווי דער טאַטע האָט מיט שטאָלץ געזאָגט: — וואָס? לערנען רוסיש? מען דאַרף נאָר וועלן און מען קאָן זיך אַליין זיין דער בעסטער לערער! אָט האָב איך זיך אויסגעלערנט לייענען רוסיש בלויז פון די טעאַטער-אַפישן און אַבי מען קאָן שוין לייענען אַן אַפיש, לערנט מען שוין אויך אויס לייענען אַ בוך!...

אין דער דעמלסדיקער צייט, האָט אָבער נישט כסדר געשפּילט אידיש טעאַטער: דעמלט האָט ערשט דאָס אידישע טעאַטער געשטעלט די ערשטע ציטערדיקע טריט פון אַ קינד און עס האָבן אויסגעפּעלט דערציער, וואָס זאָלן זיך וועלן ניאַנטשען דערמיט. אָבער יעקב-זיידל האָט שוין געקענט לייענען רוסיש; און ער האָט שוין געלייענט די אַפישן פון די רוסישע טעאַטערס און פון דער אָפּערע און די ליבע צום טעאַטער האָט אים געשטויסן זען אויך רוסישע פאָרשטעלונגען און קיין זאַך האָט אים שוין נישט געקענט אָפּהאַלטן פון גיין אין די רוסישע טעאַטערס און אין דער אָפּערע.

די פאַרדינסטן אין טאַבאַק-פאַבריק — אַף וויפיל ער האָט געאַרבעט — האָט ער געמוזט אָוועקגעבן אין שטוב און נישט האָבנדיק קיין געלט אַף טעאַטער-בילעטן, האָט ער געזוכט אַנדערע וועגן ווי אַזוי זיך אַריינ-צובאַקומען אַף די פאָרשטעלונגען און די וועגן זיינען גאַנץ אָפט געווען געפערלעכע, ווייל ער האָט זיך אַ סך מאָל פּשוט אַריינגעריסן אַף כח, שרייענדיק, אַז ער מוז זען די פאָרשטעלונג. זיין דראַנג צו זען פאָר-שטעלונגען איז געווען אַזוי גרויס, אַז ער האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט ביז סקאַנדאַלן און אַזוי איז ער געוואָרן אַ באַקאַנטע מאַרקע בא די אַקטיאָרן און טעאַטער-אונטערנעמער און ווייזט אויס, אַז זיי האָבן זיך אָנגעהויבן אינטערעסירן מיט דעם פאַרברענטן טעאַטער-ליבהאָבער, ווייל

מען האָט שוין אָנגעהויבן מאַכן אַזוי, אַז ער זאָל אַריינגעלאָזן ווערן און אַזוי איז ער אין די טעאַטער-קרייזן געוואָרן ווי אַן אייגענער.

מיין פאָטער האָט מיט יאָרן שפּעטער גאַנץ אָפט דערציילט וועגן דעם גרעסטן סקאַנדאַל וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיין ווע̇לן אַריין אין אַ טעאַטער אָן אַ בילעט און דער סקאַנדאַל האָט טאַקע גורם געווען, וואָס ער איז געוואָרן אַ היימישער אין די טעאַטער-קרייזן.

דאָס איז געווען אין דער אָפּערע.

יעקב-זיידל האָט באַ זיך נישט מער געהאַט ווי זיבן קאָפּיקעס און דער ביליקסטער בילעט אַף דער גאַליאָרקע האָט געקאָסט פערציק קאָפּיקעס.

מענטשן האָבן זיך געשטויסן צו דער קאַסע פון טעאַטער און ער איז געשטאַנען און געוואַרט אַף אַ נס ווי אַזוי זיך אַריינצובאַקומען אינעווייניק.

די צייט האָט זיך אָבער גערוקט און קיין נס איז נישט געשען. איז ער עטלעכע מאָל צוגעגאַנגען צו דער קאַסע און געוויזן זיינע זיבן קאָפּיקעס און געבעטן מען זאָל אים פאַר די זיבן קאָפּיקעס אַריינלאָזן וואו עס איז, אַבי ער זאָל זען די פאָרשטעלונג.

די קאַסירשע האָט זיך אָבער זייער שטאַרק געבייזערט אַף אים און אַ בילעטיאָר האָט אים כסדר אָפּגעשטויסן פון דער קאַסע.

דערווייל איז געוואָרן נאָך שפּעטער, דער עולם איז געוואָרן שי־טערער און ער האָט זיך פאַרגעשטעלט אַז דאָרט אינעווייניק האָט זיך שוין דער פאָרהאַנג זיכער אויפגעהויבן און דאָס האָט אים אַזוי אַרויס־געבראַכט פון די כלים, אַז ער האָט אַף שנעל צוזאַמענגעשאַרט אַ גרויסע קויל מיט שניי און זי מיטן גאַנצן כח אַ וואָרף געטאָן אין פענסטערל צו דער קאַסירשע פון טעאַטער.

עס איז געוואָרן אַ סומאַטאָכע, דער בילעטיאָר האָט זיך געיאָגט נאָך דעם שנעק און אים געכאַפּט, יעקב-זיידל האָט זיך פאַרענטפערט און אויסגעדריקט זיין ווייטיק, וואָס ער האָט נישט מער ווי זיבן קאָפּיקעס און ער וויל זיי אינגאַנצן אַוועקגעבן, אַבי צו קענען זיין באַ דער פאָרשטעלונג און דאָ האָט זיך געיאַוועט אַ מענטש וואָס האָט זיך אָנגע־נומען פאַר דעם פאַרברענטן טעאַטער-ליבהאָבער און אַזוי איז עס געשען. אַז די קויל שניי וואָס ער האָט געוואָרפן אין דער טעאַטער-קאַסע, האָט פאַר אים געעפנט דאָס טעאַטער און ער איז דערין געוואָרן ווי אַן אייגענער.

אַלס היימישער אין טעאַטער, האָט ער זיך באַקענט מיט נאָך אַזעלכע, וועלכע זיינען אפשר אַף ענלעכע אופנים געוואָרן היימיש אין

די טעאַטער-קרייזן און צווישן זיי האָבן זיך געפונען סאַבסיי, דער שפּעטערדיקער אידישער טעאַטער-דירעקטאָר, בינע אַבראַמאָוויטש, די שפּעטער באַרימטע אידישע אַקטריסע און בוכבינדער, וואָס האָט דערנאָך געשפּילט אַזאַ וויכטיקע ראָל אַלס אידישער טעאַטער-פּיאָנער.

ווען יעקב-זיידל איז געווען אַפן זיבעצנטן יאָר, האָט זיך קיין אדעס געיאָוועט אידל גאָלדפאַדן.

אידל גאָלדפאַדן, דער ברודער פון אברהם גאָלדפאַדן, איז געווען פון פאַך אַ זייגער מאַכער און אַ זייגער מאַכער, טאַקע גאָר פון די אויסדערוויילטע.

ווי איך האָב אין מיינע יוגנט-יאָרן געהערט, איז אידל גאָלדפאַדן אַרומגעפאָרן איבער דער וועלט מיט אַן אויסערגעוויינלעכן זייגער וואָס ער האָט אַליין צונויפגעשטעלט און דער זייגער איז געווען אַזאַ וואונדער, אַז מענטשן האָבן געקויפט בילעטן אָף צו קענען אָנקוקן און באַוואונ-דערן דעם אויסערגעוויינלעכן מעכאַניזם.

אָבער ווען זיין ברודער אברהם האָט געשאַפן דאָס אידישע טעאַטער איז אידל פון טעאַטער אַזוי באַגייסטערט געוואָרן, אַז ער האָט פאַרגעסן אַן זיין זייגערמאַכעריי און זיך אויך גענומען צו טעאַטער און דאָס איז ער געקומען קיין אדעס ווערבירן אידישע טעאַטער ליבהאָבער און אָרגאַ-ניזירן פון זיי אַ טעאַטער-טרופּע.

די פיר חברים, האָבן זיך אָנגעכאַפּט מיט פולער באַגייסטערונג אַן דעם פּלאַן און אידל גאָלדפאַדן איז טאַקע באַלד צוגעטראָטן צו דער אַרבעט, ער האָט אָנגעהויבן מאָביליזירן נאָך און נאָך מיטאַרבעטער, ער האָט זיי אַרויסגענומען פון די טאַבאַק-פאַבריקן, פון די שניידער-ווערקשטאַטן און פון די בעקערייען און אָט איז שוין געשטאַנען אַ גאַנצע טרופּע און אידל גאָלדפאַדן האָט רעפּעטירט זיין ברודערס פּיעסע „ני בע, ני מע, ני קוקעריקו” און נאָך אַ חודש רעפּעטיציעס איז די פּיעסע אויפגעפירט געוואָרן און דער דערפאָלג איז געווען גרויס און אידל האָט גענומען איינרעפּעטירן אַ צווייטע פּיעסע, אויך פון זיין ברודער, — „די שטומע כלה” און דער יונגער יעקב-זיידל ציפּעס האָט געשפּילט וויכטיקע ראָלן און זייער שטאַרק אויסגענומען און עס האָבן נישט געהאָלפן די פאָרוואורפן און דאָס ברוגזן זיך פון זיינע עלטערן, יעקב-זיידל איז געוואָרן אַ אידישער אַקטיאָר.

## מיין מוטער און אירע עלטערן.

מיין מוטער, איטע פויגל, איז געבוירן געוואָרן אין בערדיטשעוו בא פאַרמעגלעכע עלטערן.

איר פאָטער, איז באַלד נאָך איר געבורט געקומען קיין אדעס, וואו ער איז געווען אַן אָנגעזעענער מענטש, אַ מיליטער־שניידער, אַ פּאָדריאַטשיק, ער האָט צוגעשטעלט מונדירן פאַרן צאַרישן וואָיסק און געמאַכט גוטע געשעפטן.

דאָס גוטע האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט. עס האָט זיך געטוישט די קאָמאַנדע פון דעם מיליטער אין די אדעסער קאַזאַרמעס און די נייע קאָמאַנדע איז געווען מער אַנטיסעמיטיש און זיי האָבן דעם אידישן פּאָדריאַטשיק אָנגעהויבן דערגיין די יאָרן זוכנדיק כסדר נייע פעלערן אַף זיינע צוגעשטעלטע מונדירן, ביז איינמאָל האָבן זיי דורכגעפירט אַ טייוולשע מאַניפאַרגע וואָס האָט דעם אידישן פּאָדריאַטשיק אַזוי געער־גערט, אַז ער האָט באַקומען אַ האַרץ־אַטאַקע, דעמלט האָט מען אים אָפּגעראַטעוועט, אָבער ער איז שוין געבליבן מיט אַ האַרץ־פעלער און עס האָט נישט לאַנג געדויערט ביז ער האָט ווידער באַקומען אַן אַטאַקע און געשטאָרבן.

די טייוולשע מאַניפאַרגע פון די אַנטיסעמיטישע קאָמאַנדירן וואָס האָט מיין זיידן יונעגרהייט געטריבן אין דער ערד, איז געווען אַן אויס־געפּלאַנט קונץ־שטיקל, אַז די סאָלדאַטן זאָלן אָנמעסטן די מונדירן, נאָר די קלענערע און דאַרערע זאָלן אָנמעסטן די גרויסע מונדירן און די הויכע און דיקערע סאָלדאַטן זאָלן אָנטון די קלענערע מונדירן און ווען דאָס איז געשען, האָט מען גערופן דעם אידישן פּאָדריאַטשיק און די עלטצטע האָבן אים געהייסן קוקן וואָס פאַרא מונדירן ער האָט צוגעצ־שטעלט פאַר די סאָלדאַטן, ווי אַף איינעם איז דער מונדיר קליין מיט קורצע אַרבעלעך און נאָגאַוויצעס און אַף אַן אַנדערן הענגט דער מונדיר און לאַבערט פון אַלע זייטן און די סאָלדאַטן זעען אויס ווי די פאַר־שטעלטע לצים...

דער פּאָדריאַטשיק האָט געפּרואווט אויפמערקזאַם מאַכן אַף דעם קונצשטיקל וואָס מען האָט אים דאָ אָפּגעטון, די בייזוויליקייט פון דעם שפּיצל האָט דאָך פּשוט געשריגן אין פּנים אַריין, אָבער די קאָמאַנדירן האָבן זיך געמאַכט טאַמעוואַטע און גענומען שרייען אַף די אידישע שווינדלער, אַז נאָר אַף קאַטאָרגע דאַרף מען זיי פאַרשיקן און מען האָט באַפוילן צו שרייבן אַ ראַפּאָרט וועגן דעם שווינדלערישן פּאָדריאַטשיק.

דאָס האָט מיין זיידן אַזוי ווי געטאָן און ער האָט זיך די באַהאַנד־לונג אַזוי גענומען צום האַרץ, אַז ווייטער איז ער נישט געגאַנגען. בלויז עטלעכע חדשים שפּעטער, איז מיין באָבע געבליבן אַן אלמנה מיט קינדערלעך און זי אַליין האָט געמוזט טראַכטן ווי אַזוי צו שפּייזן די יתומהלעך.



זינאַ אין יעקאַטערינאָסלאַוו
1909
זינגענדיק דעם קופּלעט:
„אַ קשיה אױף אַ מעשה"



זינאַ אין אַ סצענע
פון
„מלכהלע סאָלדאַט"
אדעס 1914



**זינאַ אַלס „שושנה די צנועה"**

**האָט יאָרן לאַנג געמאַכט דעם גרעסטן פוראָר אין די שענסטע אידישע טעאַטערס אין פוילן און רוסלאַנד.**

(קאָמבינירט מיט אַן אינטערעסאַנטער פאָטאָגראַפיע
**פון איר ברודער שייקע ציפּקוס)**

ווען די באבע איז מיט די יתומים געבליבן אַליין, איז מיין מוטער נאָך געווען אַ קליין קינד און די באבע האָט שווער געמוזט קעמפן צו קענען מפרנס זיין די קינדער און די נויט איז נישט געווען קיין זעלטע־נער גאַסט אין איר שטוב.

אָבער דער גרויסער גאָט וואָס שפּייזט אפילו אַ ווערימל פון אונטער דער ערד, וועט דאָך נישט לאָזן, אַז אָרימע יתומימלעך זאָלן חלילה אויסגיין פון הונגער, האָבן זיך די יתומימלעך יאַקאָש געכאָוועט און געוואקסן און טראָץ דער אָפּטער נויט, האָט די קליינע איטעלע געזונגען אַזוי שיין, אַז עס האָט אָפּגעקלונגען ווי די טרעלן פון אַ קאַנאַריקל און איר זינגען האָט באַקומען א שם, ביז מען האָט זי גענומען אין אַ אידישן טעאַטער שפּילן אַ ראָל פון אַ קינד און די קליינע יעריקע איטעלע האָט אַזוי אויסגענומען, אַז מען האָט זי שוין פאַרהאַלטן אין טעאַטער פאַר קינדער־ראָלן און אירע פאַרדינסטן האָבן געלינדערט די נויט אינדערהיים.

די באבע האָט ווייטער געהאַנדלט מיט וואָס עס האָט זיך געלאָזט, זי האָט געוויינט אָף איר טרויעריקער דאָליע, וואָס איר קינד מוז גיין זינגען צו די קאָמעדיאַנטשיקעס און ווען גאָט האָט איר געהאָלפן און זי האָט ביי אַ מאַטראָז איינגעהאַנדלט אַ שנור רובינען, וואָס די באבע און אַלע באַקאַנטע האָבן דעמלט געזאָגט אַז נאָר אליהו־הנביא האָט איר אונטערגעטראָגן די כשרע מציאה און זי האָט פאַרדינט א סך געלט און זי האָט שוין דערנאָך אָנגעהויבן מאַכן גוטע געשעפטן און זי האָט געוואָלט אַרויסנעמען איטעלען פון די „קאָמעדיאַנטן", האָט שוין איטעלע אַזוי ליב געהאַט דאָס אידישע טעאַטער, אַז זי האָט עס בשום אופן נישט געוואָלט פאַרלאָזן.

מיין מוטער איז אַלט געווען פופצן יאָר, ווען איר גורל איז שוין געווען אַ געחתמטער צו בלייבן אַ אידישע אַקטריסע.

## מיין פאָטער באַקענט זיך מיט מיין מוטער

יעקב־זיידל ציפּעס, האָט שוין פון לאַנג געהאַט באַוואונדערט די קליינע איטעלע פויגל וואָס האָט געזונגען ווי דאָס שענסטע שפּיל־פויגעלע, אָבער ער האָט נישט געוואוסט ווער זי איז און ער האָט נאָך נישט געהאַט קיין צוטריט צו די קוליסן פון אידישן טעאַטער.

אָבער ווען ער איז געקומען צו אידל גאָלדפאַדן אָף פּראָבע, האָט ער דאָרט אויך געטראָפן איטעלע פויגל, זי איז שוין דעמלט אַלט געווען זעכצן יאָר און זי האָט זיך שוין אויסגעצייכנט נישט נאָר מיט איר

שיינעם זינגען, נאָר אויך מיט איר שיינקייט און די צוויי יונגע קינדער האָבן זיך שנעל ליב באַקומען.

די עלטערן פון ביידע צדדים האָבן איינגעלייגט וועלטן, אַז דאָס פּאָרל זאָל נישט זיין צוזאַמען; די באָבע, די אלמנה האָט געוויינט מיט ביטערע טרערן און געטענהט, אַז זי האָט זיך געפרייט מיט גאָטס גאָב, אַז זי זאָל קענען איר איטעלען אַרויסנעמען פון די קאָמעדיאַנטשיקעס און דערנאָך האָט זי געהאָפט, אַז אפשר דורך אַ גוטן שידוך וועט זי איר טעכטערל באַפרייען פון דער קאָמעדיאַנטסקער מאַנקאַליע און דער־ זוויל האָט זי זיך שוין צוגעטשעפּעט צו אַן אַקטיאָרשטשיק און איין גאָט ווייסט וואָס פון איר וועט ווערן.

דאָס זעלבע כמעט האָבן אויך געטענהט יעקב-זיידלס עלטערן. זיי האָבן געמיינט, אַז דער אינגאַטש וועט עלטער ווערן, וועט ער ווערן אַ לייט און מען וועט מיט אים טאָן אַ לייטישן שידוך מיט אַ באַלעבאַטיש מיידל און ער וועט פאַרגעסן אָן די טעאַטערס און דערוויל — אַן אומ־ גליק, האָט ער זיך פאַרכלוביעט אין איינער פון זיי, פון די אַקטיאָרש־ טשיקעס, אַ מיידל וואָס זינגט און טאַנצט הונגעריקערהייט פון קינדווייז אָן אַף די בינע־ברעטלעך און וואָס קאָן שוין דאָ זיין זייער ביידנס תכלית?...

האָבן זיך די עלטערן פון ביידנס צדדים געבייזערט אַף די קינדער און געוועזן קעגן זייער פאַרליבעניש און די קינדער, יעקב-זיידל מיט איטעלען האָבן זיך געטאָן דאָס זייעריקע, זיי האָבן זיך ליב געהאַט און וואָס אַ טאָג ווייטער איז זייער ליבע געוואָרן הייסער, ביז זיי האָבן זיך פאַר חברים אין טרופּע פאַרגעשטעלט אַלס חתן-כלה.

דאָס פאַרשטעלן זיך פאַר חברים אַלס התן-כלה איז געוועזן אַ נויט־ ווענדיקייט, ווייל אַנדערע אַקטיאָרן און כאָריסטן האָבן זיך געזוכט צו טשעפּען צו איטען פונקט ווי אַקטריסעס און כאָריסטקעס האָבן געזוכט צו פאַנגען דאָס האַרץ פון יעקב-זיידלען און מען האָט זיי באַדאַרפט אַזאַ שטאַרקן זאָג טאָן — ריר נישט דאָס וואָס איז נישט דיין... דאָס איז מיין כלה און דאָס איז מיין חתן!...

דערוויל האָט זיך אברהם גאָלדפאַדן דערוואוסט אַז זיין ברודער אידל שפּילט מיט אַ טרופּע זיינע פּיעסן אין אדעס, איז ער אַליין געקו־ מען קיין אדעס און עס האָט זיך דעמלט אודאי געמוזט געניג אָפּטון צווישן די צוויי ברידער און דער סוף איז געוועזן, אַז אברהם גאָלדפאַדן האָט אנגאַזשירט די גאַנצע טרופּע און אַרויסגעפאָרן מיט איר איבער דער מדינה ,איבער שטעט און שטעטלעך און דאָס יונגע חתן-כלה-פּאָרל יעקב-זיידל ציפּעס און איטע פויגל האָבן געשפּילט טעאַטער אונטער

דער דירעקציע און רעזשי פון שאַפער פון אידישן טעאַטער — אברהם גאָלדפאַדן.

## יעקב-זיידל מיט איטען האָבן חתונה

אָנגעהויבן האָט זיך די טורנעע מיט אברהם גאָלדפאַדן זייער גוט.

אין יעדער שטאָט אָדער שטעטל האָט מען די טרופע אָפגעוואַרט, די טעאַטערס זיינען געווען געפאַקט און דאָס האָט צוגעגעבן מוט און פייער די יונגע בינעקינסטלער צו זייער געהויבענער און דערהויבנדיקער פראָפעסיע, אָבער שפעטער האָבן זיך אָנגעהויבן שווערע טעג, מען איז געפאָרן איבער קליינע ישובים, מען איז מיט די פורן געזונקען אין די בלאָטעס און די געשעפטן האָבן אָנגעהויבן גיין שלעכט, ביז איטע מיט יעקב-זיידלען זיינען צוריקגעקומען קיין אדעס אָפגעריסענע און אָפגע-שליסענע און טויט-הונגעריקע.

איטעס מוטער, שוין אַ רייכע סוחרטע וואָס האָט געלאָזן די איבעריקע קינדער שטודירן, האָט געגלויבט אַז איצט איז געקומען די צייט, ווען זי וועט איר איטעלען קענען אַרויסשלעפן פון די קאָמעדיאַנטן און מאַכן זי פאַר אַ לייט; דאָס זעלבע האָבן אויך געגלויבט יעקב-זיידלס עלטערן און ווידער האָט מען געוואָלט די קינדער באַווירקן, אַז זיי זאָלן זיך אָפזאָגן פון זייער ליבע פון איינם צום אַנדערן און פון זייער ביידנס ליבע צו טעאַטער, אָבער דאָס האָט זיך די עלטערן ווידער נישט איינגע-געבן, ווייל אָט האָט זיך ווידער געיאַוועט אידל גאָלדפאַדן און ווידער אנגאַזשירט אַ טרופע און צווישן די אנגאַזשירטע זיינען אויך געווען יעקב-זיידל מיט איטען. איטע האָט געהאַט אַ שאַרפן קאָנפליקט מיט איר שוין רייכער מוטער, איטע האָט מיט פייער פאַרטיידיקט איר ליבע צו טעאַטער, זי האָט דערמאָנט די מוטער ווי גליקלעך זי איז געווען אין אירע אָרימע טעג, ווען זי, די קליינע איטע האָט פאַרדינט מיט איר זינגען אין טעאַטער אַף צו דערנערן די שטוב און זי האָט אויך דערמאָנט ווי זי האָט זיך געפלעגט „פאַרשטעלן" און שפילן טעאַטער פאַר איר קראַנק שוועסטערל, כדי צו מאַכן זי לאַכן און זי אַביסל אויפהייטערן און זי האָט דערמאָנט די מוטער, ווי זי האָט זיך אַמאָל אַזוי פאַרשטעלט, אַז פאַרבייגייענדיקע מענטשן האָבן זיך דערשראָקן פאַר איר און זי האָט אַזוי געשפילט „טעאַטער" פאַר איר קראַנקער שוועסטער און ווען דער נאַדזיראַטעל איז אָנגעקומען און זיך אויך דערשראָקן פאַר דעם „שד" און גענומען זי שמייסן מיטן ראַפניק, האָט זי אַלץ נישט אויפגעהערט שפילן טעאַטער פאַר איר קראַנק שוועסטערל און די מוטער האָט איר

געמוזט דערנאָך הײלן די וואונדן פון נאַדזיראַטעלס שמײַץ...

די אַלע טענות מיט וועלכע איטע האָט געוואָלט איבערצײַגן די מוטער אַז איר ליבע צו טעאַטער איז צו גרויס, אַז זי זאָל עס איצט קענען פאַרלאָזן, האָבן נישט געהאָלפן, די מוטער האָט געטעהנט אַז דעמלט איז געווען עפּעס אַנדערש, די נויט האָט געצוואונגען און הײַנט איז ווידער עפּעס אַנדערש און אַזוי האָבן זיך די עלטערן געהאַט זײערע טענות, ביז די קינדער, יעקב־זײדל און איטע, האָבן באַשלאָסן און חתונה געהאַט קעגן די עלטערנס ווילן.

## מען פאָרט ווײַטער...

מיט זײער חתונה, האָבן זײ זײער גורל שטאַרקער פאַרחתמעט, זײ האָבן אָנגעהויבן וועדן די „בלאָנדזשענדע שטערן" און אָנגעהויבן דעם לאַנגן נע־ונד וועג אַלס אידישע אַקטיאָרן.

ווידער איז געקומען אברהם גאָלדפאַדן קײן אָדעס און ווידער האָט ער אַנגאַזשירט אַ טרופּע אף אַרויסצופאָרן מיט אים איבער שטעט און שטעטלעך און דאָס יונגע פּאָרל האָט געפּראַוועט די האָניק־וואָכן אף צרומפאָרנדיקע בוידן וואָס האָבן געזונקען אין די בלאָטעס, אָבער דער־פאַר האָבן זײ אף די בינעס וואו זײ זײַנען אויפגעטראָטן, געפילט דעם תענוג פון די אַפּלויזן און דאָס האָט זײ געמאַכט פילן גליקלעך.

איטע פויגל איז געווען דער זינג־פויגל פון דער טרופּע און יעקב־זײדל איז געווען אי אַ מיטשפּילער און אַלס קענער פון אידיש און רוסיש, האָט ער אַ סך מאָל געמוזט סופלירן און שרײַבן די טעקסטן פאַר אַפּישן און ער האָט זיך געמוזט באַגנוגן ווארעמענדיק זיך בײַ די פײַערן פון איטעס גרויסע דערפאָלגן אף דער בינע.

איטעס דערפאָלגן האָבן באַקומען אַ שם און עס האָט זיך געיאָוועט אַ דירעקטאָר מיטן נאָמען גאַרטענשטײַן, ער האָט דאָס פּאָרל אַנגאַזשירט פאַר זײַן טעאַטער אין בערדיטשעוו און ווען איטע מיט יעקב־זײדלען זײַנען געפאָרן קײן בערדיטשעוו שפּילן טעאַטער, בין איך שוין געווען פּראָיעקטירט...

וועגן דער צײַט ביז איך בין אויסגעטראָגן געוואָרן, האָט מײַן מוטער גאַנץ אָפט ליב געהאַט צו דערצײלן..

דאָס איז געווען די גליקלעכסטע צײַט פון איר לעבן. זי האָט דעמלט געשפּילט מיט גרויס דערפאָלג אין בערדיטשעוו. זי האָט שוין געשפּירט ווי איך צאַפּל זיך אונטער איר האַרץ און עס האָט איר אויסגעוויזן אַז איך טאַנץ מיט מיט איר און העלף איר זינגען און קומענדיק אף דער

וועלט, וואָלט איך זיכער באַלד געווען דערזען נעבן זיך אַ טאַטן מיט אַ מאַמען וואָס האָבן מיך אַף דער וועלט געבראַכט, אָבער גאָט האָט געוואָלט אַנדערש און עס האָט פּאַסירט אַן אומגליק, וואָס האָט שנעל אַ סוף געמאַכט צו די דערפאָלגרייכע פאָרשטעלונגען פון אידיש טעאַטער אין בערדיטשעוו.

## אַ שרפה אין בערדיטשעווער צירק

אין יענער צייט, האָט אין בערדיטשעוו אַקטואירט אַ גרויסער צירק און אין איין אָוונט, איז דער צירק פּלוצלינג אַוועק מיטן רויך.

דער צירק איז געווען פול געפּאַקט מיט פּובליקום און כמעט די גאַנצע בערדיטשעווער יוגנט האָט זיך דאָרט געפונען ווען די שרפה האָט אויסגעבראָכן, עס איז געקומען צו אַ פּאַניק, מען איז געלאָפן איבער מענטשלעכע קערפּערס אבי זיך צו קענען אַרויסראַטעווען פון די פייער־צונגען וואָס האָבן געבושעוועט פון אַלע זייטן און אפצומאָרגנס האָט מען שוין געוואוסט, אַז עס זיינען געווען א סך קרבנות און אַז זעלטן זוער פון פּובליקום איז אַרויס פון דער שרפה אומבאַשעדיקט.

בערדיטשעוו איז געווען איינגעהילט אין טרויער, חתנים האָבן אַנ־געהויבן אָפּלאָזן שדוכים מיט זייערע כלות וואָס האָבן באַקומען שווערע בראַנדוואונדן און זיי זיינען געוואָרן מיאוס און דער בראָך איז געווען אַזוי גרויס, אַז באַ אַזעלכע באַדינגונגען איז געווען אומעגלעך וויטער צו שפּילן אידיש טעאַטער און די טרופּע איז זיך צעפאַלן.

די שרפה אין צירק האָט אויך אַף מיין מוטער אַזוי געווירקט, אַז זי האָט מורא באַקומען עס זאָל נישט שאטן צו איר שוואַנגערשאַפט און זי האָט באַשלאָסן אַהיימפאָרן קיין אדעס און בלייבן דאָרט ביז איבער דער קימפּעט.

יעקב־זיידל האָט זיך אַוועקגעלאָזן צוזאַמען מיט דער טרופּע אַף וויטערדיקע וואַנדערונגען איבער שטעט און שטעטלעך און איטע, מיין מוטער צוזאַמען מיט מיר וואָס איך האָב ערשט געהאַלטן אין ווערן, איז געפאָרן צוריק קיין אדעס.

## די מאַמע איז דאָ און וואו איז דער טאַטע?

מיין מוטער האָט נאָך געמוזט אין אדעס געננוג אויסשטיין פון איר רייך־געוואָרענער מאַמע, וועלכע האָט איר כסדר פאָרגעוואָרפן, וואו זי האָט איבערגעלאָזן דעם פאָטער פון דעם קינד וואָס זי דאַרף אויסטראָגן;

זי האָט איר געוויזן אַף די שוועסטער וועלכע שטודירן און וועלן זיין לייט און וואָס וועט זיין פון איר?... דער „קאָמעדיאַנשטשיק”״ פּאָרט דאָרט ערגעץ-וואו אַרום מיט אַ כאַליאַסטרע און ער וועט נאָך דאָרט ערגיץ פאַרגעסן איר אַדרעס און דאָ וועט דערווייל אַ קינד קומען אַף דער וועלט און וואו וועט זיין דער פאָטער?...

אָבער מיין מוטער האָט זיך וועגן דעם נישט געזאָרגט. זי האָט געוואוסט ווי שטאַרק יעקב-זיידל האָט זי ליב און זי האָט טאַקע כסדר באַקומען בריוו פון אים, בריוו מיט צאַרטע אויסדרוקן וועגן זיין גרויסער ליבע און געוואַלדיקער בענקשאַפט נאָך איר און אין איין בריוו האָט ער איר געשריבן, אַז די טרופּע איז זיך אַפּן וועג צעפאַלן און אַ נס וואָס עס איז אונטערגעקומען אברהם גאָלדפאַדן און ער האָט די טרופּע ווידער אָרגאַניזירט און אַז ער האָט פאַר דער טרופּע צובאַקומען נאָך אַ קראַפט אַ יונגן יאַט, וואָס מען זאָגט, אַז ער וועט זיין פאַרן טעאַטער אַזוינס און אַזעלכעס, דער יאַט הייסט יעקב אַדלער און ער שפּילט די ראָלן גאַנץ אַנדערש ווי אַלע האָבן זיי געשפּילט. ער שפּילט אַף אַ גאָר אייגענעם אופן...

עטלעכע טעג נאָכדעם ווי מיין מוטער האָט באַקומען דעם בריוו, בין איך געקומען אַף דער וועלט.

מיין מאַמע האָט מיט יאָרן שפּעטער גאַנץ אָפט דערמאָנט אירע ליידן ווען זי איז מיט מיר געלעגן אין קימפּעט.

כאָטש זי האָט שטאַרק געגלויבט אין מיין טאַטנס ליבע צו איר, פונדעסטוועגן האָבן איר כסדר געהאַמערט אין די אויערן איר מוטערס ווערטער: — די מאַמע איז דאָ און וואו איז דער טאַטע?... זי האָט מיך, דאָס ערשט-געבוירענע באַשעפעניש געדריקט צו איר ברוסט און מיך באַוואַשן מיט טרערן פון בענקשאַפט און כסדר נאָר געטראַכט און געטרייסט זיך מיט דער האָפענונג, אַז באַלד וועט זי ווידער זיין צוזאַמען מיטן טאַטן און ווידער אויפטרעטן און שפּילן טעאַטער.

און נאָך שווערער איז איר געוואָרן די לופט אַרום, ווען זי איז אויפ-געשטאַנען פון קימפּעט. זי האָט זיך געפילט געזונט און געוואָלט זיין טעטיק, אָבער גיי, ריר זיך, אַז עס איז דאָ אַ קינד וואָס וויינט כסדר נאָך דער מאַמעס ברוסט און מען דאַרף עס באָדן און וויקלען און אַלע אַרום קוקן אַף איר ווי אַף אַ זיכערן קרבן, וואָס ווער ווייס וואו דער פאָטער פון קליינעם באַשעפעניש געפינט זיך איצט ערגיץ און צי ער טראַכט אפילו וועגן איר...

צום אומגליק האָט נאָך געטראָפן, אַז די טרופּע איז דאָרט ערגיץ פאַרפאַלן געוואָרן אין אַ העק וואו עס איז געקומען אַ פאַרשוועמונג און

מען האָט נישט געקענט אַרויסשיקן קיין בריוו און די מאַמע, וויפיל זי האָט נישט געגלויבט אין טאַטנס ליבע און געטריישאַפט, האָט שוין אויך אָנגעהויבן ציטערן, ווער וויים וואָס דאָרט איז אַזוינס געשען...

אָבער דער טאַטע האָט די מאַמען צו שטאַרק געליבט און ווי נאָר עס איז געווען אַ מעגלעכקייט, האָט ער אַרויסגעשיקט די אַלע בריוו וואָס ער האָט געהאַט אָנגעשריבן צוזאַמען און ער האָט אויך באַשריבן די דערפאָלגן וואָס די טרופּע האָט און ווי שטאַרק עס צייכנט זיך אויס דער נייער יאַט, דער יעקב אַדלער. און ווען דער טאַטע האָט זיך דערוואוסט אַז די מאַמע האָט אים געבוירן אַ קליין שפּיל-פויגעלע, אַ מיידעלע אַ גאָלד, האָט ער אָנגעהויבן שטורמען מיט בריוו, אַז די מאַמע זאָל קומען צו אים מיט זיין גאָלדן מיידעלע.

## די מאַמע פאָרט מיט מיר און מען פּראָוועט מיר מיין ערשטן באַנקעט

לויט ווי איך האָב מיט יאָרן שפּעטער געהערט, בין איך קוים אַלט געווען זעקס וואָכן, ווען מיין מאַמע האָט מיט מיר אונטערגענומען די נסיעה איבער שטעט און שטעטלעך קיין אַטעק מאָלעוו צום טאַטן.

עס זיינען געווען צוויי שטעטלעך. מאָלעוו און אָטעק-מאָלעוו און צווישן די צוויי שטעטלעך, איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ ברייטער טייך. קיין בריק איז דאָרט נישט געווען און די צוויי שטעטלעך זיינען געווען פאַרבונדן צווישן זיך דורך אַ גרויסן פּאַראָם, וואָס האָט אַריבערגעפירט די מענטשן מיט וועגענער מיט בוידן פון איין ברעג טייך צום צווייטן און אַף דעם טייך איז אַלעמאָל געווען אַ לעבעדיקע באַוועגונג, ווייל די צוויי שטעטלעך זיינען געווען זייער פאַרבונדן געשעפטלעך.

די מערסטע איינוואוינער פוןביידע שטעטלעך זיינען געווען אידן און אין מאָלעוו האָט די טרופּע שוין געהאַט געשפּילט און איצט האָט די טרופּע אקטואירט אין אָטעק-מאָלעוו און דאָס שטעטל איז געגאַנגען כּאַדאָראַם, קינד און קייט האָט גערעדט וועגן אידישן טעאַטער און וועגן דעם נייעם שפּילער יעקב אַדלער.

דער טאַטע האָט אין אַ בריוו גענוי באַשריבן ווי אַזוי די מאַמע דאַרף פאָרן קיין מאָלעוו, אָבער די מאַמע האָט נישט באַדאַרפט אַ סך פרעגן, ווייל הערנדיק אַז זי דאַרף פאָרן צו די אַקטיאָרשטשיקעס, האָט מען זי שוין אין מאָלעוו באַגלייט צום פּאַראָם און איך האָב אַלס קינד פון זעקס וואָכן שוין מיטגעמאַכט מיין ערשטע רייזע איבערן וואַסער צו אַ אידישע טעאַטער-טרופּע.

ווען אונזער פֿאַראָם האָט זיך שוין געפֿונען אינדערמיט טייך, האָט זיך פֿון צווייטן ברעג באַוויזן אַ צווייטער פֿאַראָם וואָס איז אונז אַנטקעגנגעפֿאָרן און פּלוצלינג האָט זיך פֿון צווייטן פֿאַראָם דערהערט דאָס שפּילן פֿון אַ פֿריילעכן מאַרש וואָס אַ גאַנצער אָרקעסטער האָט אויסגעשפּילט.

קיינער אויף אונזער פֿאַראָם האָט נישט געוואוסט וואָס אַזוינס עס איז געשען, וואָס אַן אָרקעסטער האָט זיך פּלוצלינג אין מיצקע-דערינען צעשפּילט אינמיטן וואַסער, נאָר באַלד, ווען דער צווייטער פֿאַראָם איז צוגעקומען צו אונזערן, האָט מען זיך דערוואוסט אַז דאָס האָט מיין טאַטע מיט דער מיטהילף פֿון דער גאַנצער טעאַטער-קאָמפּאַניע איינגעאָרדנט אַזאַ פֿייערלעכן קבלת-פּנים פֿאַר דער מאַמען מיטן קינד. זיי האָבן מיטגענומען דעם גאַנצן טעאַטער-אָרקעסטער, געדונגען דעם פֿאַראָם ספּעציעל פֿאַר דעם צוועק אונז אַנטקעגנצופֿאָרן און איך קאָן נאָר באַדויערן וואָס איך פֿערזענלעך געדענק גאָרנישט פֿון די פֿייערלעכע פֿריידיקע סצענעס וואָס האָבן זיך דעמאָלט אָפּגעשפּילט אויף דעם טייך צווישן מאָלעוו און אָטעק-מאָלעוו, ווייל איך בין דעמלט קוים אַלט געווען אנדערהאַלבן חדשים.

אין אָטעק-מאָלעוו האָט די טרופּע מיט מיין טאַטן אַלס בעל-שמחה ערשט געפּראַוועט דעם אמתן באַנקעט לכבוד מיר מיט דער מאַמען און אַזוי קאָן איך זאָגן, אַז ווען איך בין קוים זעקס וואָכן אַלט געווען, האָט מען מיר געפּראַוועט דעם ערשטן באַנקעט!...

# צווייטער קאַפּיטל:

ביז דריטהאַלבן יאָר — מען טאָר נישט שפּילן אידיש טעאַטער — בינע אַבראַמאָוויטש — אַקטיאָרן פאָרן קיין אַמעריקע — איך באַקום אַ ברודערל און מיר פאָרן קיין טשערנאָוויץ — פּראָפעסאָר הורוויץ און רחלע אַקסלראָד — מיינע עלטערן שטרייקן — דער פּראָפעסאָר ברענגט פּאָליציי — זאַכן וואָס געדענקען זיך — רחלע אַקסלראָד ברענגט אונז אַ טעפּל געקעכץ — דער טאַטע פאָרט אַהיים קיין אָדעס — די באָבע מיטן אייניקל — מיט אַ וואַלגער־האָלץ פאַר רויכערן אום שבת — זאָט געגעסן און ווייטער געפאָרן — גאָלדפאַדן באַ באַראָן גינצבורג אין פּעטערבורג — מיר פאָרן איבער קליינע שטעטלעך.

## ביז דריטהאַלבן יאָר.

האָב איך הייסט עס געלעבט אַף דער וועלט און איך האָב שוין מיטגעמאַכט נסיעות מיט אידיש טעאַטער, אָבער איך בין נאָך געווען אַזאַ פּיצל, אַז איך געדענק נאָך גאָרנישט פון דעמלט און איך מוז נאָך דערציילן פון דעם, וואָס איך האָב מיט יאָרן שפּעטער זיך אָנגעהערט פון מיינע עלטערן.

און פון דעם וואָס איך האָב געהערט, ווייס איך, אַז ביז מיין צוויי יעריקן עלטער, זיינען מיינע עלטערן מיט מיר אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און געשפּילט טעאַטער. מיין מוטער, איטע פויגל, האָט זייער שטאַרק אויסגענומען אַף דער בינע און מען האָט איר געצאָלט געַנוג,אַז זי זאָל קענען האַלטן אַ דינסט וואָס זאָל אַף מיר אַכטונג געבן אינדערהיים, בעת זי האָט באַדאַרפט זיין באַ פּראָבן אָדער באַנאַכט שפּילן טעאַטער.

ביז צוויי יאָר, ווען איך האָב נאָך נישט פאַרשטאַנען דעם חילוק צווישן גוטס און שלעכטס, האָט מיר געמוזט זיין גאַנץ גוט, דער מאַמעס צערטלעכקייטן ווען זי איז געווען אינדערהיים און דער ניאַניעס אָפּהיטן מיך ווען איך האָב באַדאַרפט זיין אַליין, האָבן אַף מיר גוט געווירקט און איך בין געוואַקסן אַ שיין חנעוודיק מיידעלע און עס האָבן זיך אַף מיר נישט אָנגעזען די מידקייטן פון די כסדרדיקע וואַנדערונגען פון שטאָט צו שטאָט.

מיין מוטער איז געווען אין רום אַלס אַקטריסע און סיי די אונטער-

נעמער ווי די אַקטיאָרן און אַקטריסעס האָבן זיך מיט איר געצאַצקעט און במילא אויך מיט מיר און אַזוי האָב איך ביז מיינע צוויי יאָר זיכער געהאַט אַ גאַנץ גוט לעבן.

נאָר די ווייטערדיקע טעג, וואָכן און חדשים ביז איך בין געוואָרן דריטהאַלבן יאָר אַלט, זיינען געווען שלעכטע, כאָטש איך געדענק נאָך גאָרנישט פון דעמלט, נישט דאָס גוטע און נישט דאָס שלעכטע. די שלעכטע טעג זיינען געקומען צוליב אויסערלעכע באַדינגונגען.

## מען טאָר נישט שפּילן אידיש טעאַטער

עס איז געקומען אַ פאַרבאָט, אַז מען טאָר נישט שפּילן קיין אידיש טעאַטער.

צווישן די אַקטיאָרן האָט זיך געטאָן חושך.

באַ אַ טייל האָט די גזרה געמיינט אַ טויט-קלאַפּ פאַר זייער אידעאַל, פאַר זייער ליבע צום אידישן טעאַטער און פאַר זייער גרויסן פאַרלאַנג זיך צו קענען זאויסלעבן קינסטלעריש און פאַר אַנדערע איז די גזירה געווען אַן אומגליק, וואָס האָט זיי געדראָט זיך צו מוזן געזעגענען מיט די אַפּלויזן און צוריקגיין אין די טאַבאַק-פאַבריקן, וואַרשטאַטן אָדער בעקערייען כדי צו פאַרדינען אַפּן שטיקל ברויט.

צוערשט האָבן אַלע אַקטיאָרן אויפגעהויבן אַ געוואַלט, די אונטערנע־מער זיינען געלאָפן זוכן שתדלנים, פּראָטעקציעס און אין מאַנכע שטעט־לעך האָט זיך נאָך איינגעגעבן „איינצובייסן" אַ טשינאָווניק, אָבער וואָס ווייטער איז געוואָרן ערגער, די גזירה האָט אָנגענומען שטרענגע פאָר־מען, ביז מען האָט שוין אפילו נישט געוואָגט צו טראַכטן וועגן שפּילן אידיש טעאַטער.

און דעמלט האָבן זיך די גרופּעס אַקטיאָרן פונאַנדערגעטיילט.

די, וואָס טעאַטער איז געוואָרן זייער לעבן, זייער אָטעם און אַ דרינ־גענדע באַדערפעניש פאַר זייער קינסטלערישן אויסלעבן זיך, האָבן אָנ־געהויבן טראַכטן וועגן אויסוואַנדערן פון רוסלאַנד און די אַנדערע, וואָס טעאַטער איז זיי גלאַט בעסער געפעלן ווי די פאַבריק אָדער וואַרשטאַט, האָבן זיך געטיילט: מאַנכע פון זיי, די נישט אויסגעהאַלטענע האָבן אָנגעהויבן זוכן אַרבעט און מאַנכע האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען מיט די אידעאַלערע אַקטיאָרן און באַשלאָסן נאָכצוגיין זייער וועג.

אָבער דער וועג פון גיין זוכן גליקן אין פרעמדע לענדער איז געווען אַ צו געפערלעכער און ביז עס איז געקומען צו אַן אַרויספאָר און „שוואַר־צן" די גרעניצן, זיינען נאָך עטלעכע אָפּגעפאַלן און עס האָבן זיך נאָר

געלאָזן אַף דער געזואַגטער אוואַנטורע, די וואָס דער דראַנג צו טעאַטער־קונסט איז באַ זיי געווען פיל שטאַרקער ווי זייער מורא פאַר ליידן אין דער פרעמד.

## בינע אַבראַמאָוויטש

צווישן דער ענגער גרופּע וואָס האָט דעמלט געשוואַרצט די גרעניץ קיין רומעניע, צוזאַמען מיט מיינע עלטערן, זיינען געווען סאַבסיי, בינע אַבראַמאָוויטש מיט איר מאַן און יעקב אַדלער.

בינע אַבראַמאָוויטש האָט נישט געהאַט קיין קינדער און זי האָט זיך מיט מיר אַזוי געניאַנטשעט ווי מיט אַן אייגן קינד.

די מאַמע האָט מיר מיט יאָרן שפּעטער דערציילט ווי בינע האָט מיך געוואַשן און געבאָדן און זיך מיט מיר אָפּגעגעבן באַ יעדער געלעגנהייט ווען זי האָט נאָר געהאַט אַביסל פרייע צייט און די אמתע פריינטשאַפט און ממש שוועסטערלעכע און מוטערלעכע ליבע וואָס בינע האָט אַרויסגעוויזן צו מיין מוטער און צו מיר, האָבן אַ סך פאַרלייכטערט די שווערע טעג פון ליידן וואָס מיר האָבן איבערגעליטן אין רומעניע.

די ליידן זיינען נישט געווען אַזוי ווייט מאַטעריעלע, ווי מאָראַלישע.

די טרופּע האָט דעמלט געשפּילט אין יאסי, אין דער שטאָט וואו דאָס אידישע טעאַטער איז געבוירן געוואָרן און די אַרטיקע אידישע אַקטיאָרן האָבן זיך געהאַלטן אַלס דאָס אויבערשטע פון שטויסל און זעענדיק מיין מוטערס דערפאָלגן אַף דער בינע, האָט די קנאה זיי גענומען פרעסן און זיי האָבן איר אָנגעהויבן טון אין דער גאַל אריין.

מיין מוטער האָט דעמלט געשוואַנגערט און טראָצדעם וואָס זי איז שוין געווען אין די הויכע חדשים, האָט זי נאָך אַלץ געמוזט שפּילן טעאַטער און די אַרטיקע אַקטיאָרן האָבן זי געשטעכלט, זיך געוויצלט איבער איר און איר ממש דערגאַנגען די יאָר און אין אַזאַ לאַגע, האָט בינע אבראַמאָוויטש זי געטרייסט און געמוטיקט און געווען פאַר איר אַ גוטער מלאך.

## מען פאָרט קיין אַמעריקע

עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז אונזערע היימישע גוטע פריינט זאָלן מיט אונז נישט בלייבן לאַנג.

די רומענישע אַקטיאָרן האָבן נישט בלויז געסטראַשעט, נאָר סאַבסיי האָט צוליב אַ מסירה געמוזט עוקר זיין פון יאסי אינמיטן דער נאַכט, ער איז אַנטלאָפן קיין טשערנאָוויץ.

גלייכצייטיק איז אויך געבוירן געוואָרן די נייעס, אַז מען וועט אַנגאַזשירן אַ טייל פון דער טרופּע קיין אַמעריקע און עס האָט זיך אָנגעהויבן א יאַריד, ווער וועט פאָרן און ווי אַזוי מאַכט מען עפּעס אַזאַ ווייטע רייזע און מען האָט אָנגעהויבן דיסקוטירן און אַמפּערן זיך, אַ טייל האָבן געזאָגט אַז אַזאַ נסיעה איז צו געפערלעך, ווער ווייס וואָס דאָרט וועט זיין און עס איז דאָך אַזוי ווייט, מען וועט אפילו נישט האָבן אויף הוצאות צוריק צו קומען...

אַנדערע האָבן אָבער אויפגעוויזן, אַז אויב מען וויל זיך נישט געזעגענען מיט אידיש טעאַטער און צוריקגיין צו די וואַרשטאַטן,מוז מען פאָרן, ווייל דאָ, אין רומעניע איז אַ העק און מען דאַרף זיך כסדר דרייען אַרום דעם אייגענעם עק און דאָס גרויסע רוסלאַנד איז פאַרשלאָסן פאַר אידיש טעאַטער, טאָ וואָס? עס זיינען דאָך אין אַמעריקע פאַראַן אַזויפיל אידן, דאַרף מען פאָרן.

עס קאָן זיין, אַז די אַקטיאָרן וואָלטן נאָך נישט אַזוי שנעל באַשלאָסן צו פאָרן, ווען די רומענישע קאָלעגן וואָלטן זיי נישט געווען אַזוי דערגאַנגען די יאָר. אגב האָבן די וויכטיקע אַרטיסטן שוין געהאַט באַשלאָסן יאָ צו פאָרן, צווישן זיי איז געווען מאַגולעסקאָ מיט דער פרוי און יעקב אַדלער, מען האָט אויך געאַרבעט אַז מיינע עלטערן זאָלן מיטפאָרן, אָבער מיין מוטער איז געווען פאַר אַ קימפּעט און זי האָט זיך אין אַזאַ צושטאַנד נישט געוואָלט אַרויסלאָזן אויף אַזאַ ווייטער נסיעה איבער ימים און אַזוי איז עס געוואָרן, אַז אַ טייל פון דער טרופּע זיינען אַוועקגעפאָרן קיין אַמעריקע און צווישן זיי איז אויך געווען אונזער איינציקער גוטער פריינט, אונזער גוטער מלאך — בינע אבראַמאָוויטש.

## איך באַקום אַ ברודערל און מיר פאָרן קיין טשערנאָוויץ

דער „קאַיאַפּיזם" פון די רומענישע קאָלעגן האָט אַביסל אויפגעהערט, ווען די מאַמע האָט געמוזט אויפהערן אַקטואירן. איך בין דעמלט אַלט געווען דריטהאַלבן יאָר, ווען די מאַמע האָט מיר געשענקט אַ קליין ברודערל.

נאָר באַלד נאָך דער קימפּעט, ווי נאָר די מאַמע האָט ווידער אָנגעהויבן אויפטרעטן אויף דער בינע, האָט עס זיך ווידער אָנגעהויבן און נאָך מער און נאָך שטאַרקער ווי פריער, ווייל מיר האָבן שוין נישט געהאַט אפילו ווער עס זאָל זיך פאַר אונז איינשטעלן און זעענדיק אַז דאָ וועט מען נישט קענען אויסהאַלטן, האָט זיך דער טאַטע אָנגעהויבן איבערשרייבן מיט סאַבסייען ווועלכער האָט זיך געפונען אין טשערנאָ-

וויץ און אין איינער אַ נאַכט, האָבן מיינע עלטערן פאַרפאַקט דאָס פעקל, דער טאַטע האָט מיך גענומען אַף די הענט און די מאַמע האָט צוגע־פרעסט צו איר ברוסט דעם פיר־וואָכנדיקן שייקעלע און מיר האָבן גע־שוואַרצט די גרענעץ פון רומעניע קיין טשערנאָוויץ.

דאָס אַריבערבאַקומען זיך איבער דער עסטרייכישער גרעניץ איז געווען אַ לייכטע זאַך, אגב האָט מען שוין אין טשערנאָוויץ געוואוסט אַז מיר קומען און מען האָט אונז אָפּגעוואַרט און אָט זיינען מיר שוין געווען אין טשערנאָוויץ און מיינע עלטערן האָבן זיך אָנגעהויבן גרייטן צו זייער ערשטן אויפטריט.

נאָר אויב מיינע עלטערן האָבן אין רומעניע געליטן בלויז מאָראַליש, האָבן זיי אין טשערנאָוויץ אָנגעהויבן פילן וואָס דאָס הייסט אַזוינס מאַטעריעלע נויט.

דער טעאַטער־דירעקטאָר אַקסלראַד און זיין ערשטע פרוי **רחלע** (אַקסלראַדס צווייטע פרוי האָט אויך געהייסן רחלע. זיין ערשטע פרוי רחלע, איז געווען די מוטער פון דער באַוואוסטער אַקטריסע **בערטאַ גוטענטאַג** וועלכע האָט צוזאַמען מיט איר מאַן קאַרלאָס אַקטואירט אין אַרגענטינע אַלס פּיאָנערן פון היגן אידישן טעאַטער און רחלע אַקסלראַד איז דאָ געהאַט געקומען צו זיי און זי איז דאָ געשטאָרבן) זיינען געווען זייער פריינטלעך צו מיינע עלטערן און רחלע האָט זיך געשפּילט מיט מיר ווי מיט אַן אייגן קינד און זי האָט דער מאַמען געהאָלפן זיך אומגיין מיט דעם קליינטשיקן שייקעלע; אָבער נישט אַקסלראַד האָט דעמלט געהאַט אַ דעה איבער זיין טעאַטער אין טשערנאָוויץ, ווייל דער אַליין־הערשער איבערן טעאַטער איז דעמלט געווען דער אידישער פּיעסן־שרייבער **פּראָפעסאָר משה הורוויץ**.

דער פּראָפעסאָר הורוויץ האָט מיינע עלטערן געמוזט גוט קריכן אין די ביינער, ווייל מיט יאָרן און יאָרן שפּעטער, האָבן זיי נישט אויפגע־הערט ריידן וועגן אים און דערמאָנען זיינע „מעשים טובים״.

געקומען איז ער קיין טשערנאָוויץ ווי אַ לעמעלע און געוואָרן איז ער דאָרט אַ לייבעלע.

אַקסלראַד האָט דאָרט אָנגעפירט מיטן טעאַטער ביז עס האָט זיך געיאָוועט דער פּראָפעסאָר הורוויץ מיט זיינע פּיעסן. צוערשט האָט ער זיך איינגעגעבעטן צו אַקסלראַדן און ער האָט דאָך עפּעס געטראָגן דעם טיטל פּראָפעסאָר, האָט אַקסלראַד אים אויפגענומען מיט גרויס דרך־ארץ. אָבער ווי נאָר זיין ערשטע פּיעסע האָט אויסגענומען, האָט ער זיך אָנגעהויבן אימפּאָנירן און איז שנעל געוואָרן דער אונטערנעמער און אַליין־הערשער איבערן טעאַטער, ער האָט אַנגאַזשירט און ער האָט

געצאָלט— אָדער בעסער געזאָגט — נישט געצאָלט די גאַזשעס און ווי גוט עס זיינען געווען די געשעפטן, איז פּראָפעסאָר הורוויץ געווען אַ לעכערדיקער זאַך, דאָס געלט איז אין אים פאַרלוירן געגאַנגען און ער האָט נישט געהאַט, אָדער בלויז געזאָגט, אַז ער האָט נישט צו באַצאָלן.

פּראָפעסאָר הורוויץ איז בכלל געווען אַ מאָדנער טיפּ.

ער האָט מיינע עלטערן אַרויסגעוויזן זייער פיל פריינטשאַפט, ער האָט זיך זיי ממש דערקלערט אין ליבע און אַלעמאָל געהאַט פאַר זיי די בעסטע ווערטער, נאָר דאָס אַלעס איז געווען ביז צו געלט. ווען עס איז געקומען די פראַגע וועגן געלט, איז ער געוואָרן אַ גאַנץ אַנדערער מענטש און עס איז אים נישט געווען צו דערקענען. ער האָט זיך גענומען בייזערן ווי מען וואָגט אים דאָס צו דערמאָנען וועגן געלט און פונוואַנען זאָל ער נעמען געלט, אפשר באַרויבן אַ קלויסטער? און ווען ער האָט געזען אַז דאָס בייזערן זיך וועט שוין נישט העלפן, האָט ער זיך אָנגעהויבן בעטן מיט תחנונים, וואָס זאָל ער נעבעך טאָן, אַז באַ טעאַטער זיינען דאָ אַזויפיל לעכער צו פאַרשטופן, אַז ביז עס קומט צום חשבון, איז נישטאָ קיין קרייצער...

די נויט באַ אונז אין שטוב איז געוואַקסן און טאָמער איז די מאַטע־ריעלע נויט געווען ווייניק, בין איך נאָך אַוועקגעפאַלן מיט מאַזלען און פון מיר האָט זיך אויך דער קליינער שייקעלע אָנגענומען און ווייניק וואָס עס איז נישט געווען קיין ברויט אין שטוב, האָבן טאַטע־מאַמע נאָך באַדאַרפט וואַכן איבער צוויי געפערלעך־קראַנקע קינדער.

און די מאַמע האָט מיט יאָרן שפּעטער געפלעגט דערמאָנען, ווי אַזוי די גוטע רחלע אַקסלראַד האָט אַרויסגעוויזן אמתע שוועסטערלעכע געטריישאַפט צו אונז, ווי זי האָט יעדן טאָג געבראַכט אַ טעפּל געקעכץ אין שטוב אַריין און ווי זי פלעגט העלפן וואַכן איבער אונז, די צוויי קראַנקע קינדער ,ביז עס איז אונז בעסער געוואָרן און איך האָב שוין אָנגעהויבן אַרומלויפן איבער דער שטוב.

## מיינע עלטערן שטרייקן

די נויט און אפילו די קראַנקייטן באַ אונז אין שטוב האָבן דעם פּראָפעסאָר הורוויץ נישט געבעסערט. עס איז באַ אים געווען אַ מין פּרינציפּ, נישט צו געבן קיין געלט.

מיט גוטע ווערטער האָט ער קיינמאָל נישט געקאַרגט און ער האָט מיין מאַמען געהויבן ביזן הימל מיט איר טאַלאַנט,נאָר קיין געלט אַף ברויט האָט ער נישט געגעבן.

דערצו, איז ער נאָך געווען אַ גרויסער בריה אַף צוזאָגן. ער האָט צוגעזאָגט דאָס טעלערל פון הימל. אנשטאָט מיט געלט, איז ער יעדן טאָג געקומען מיט נייע צוזאָגן,, אַז אָט, היינט, מאָרגן, איבערמאָרגן, וועט קומען אַ גרויסע ישועה, מען וועט ממש באַגליקט ווערן און מיר וועלן זיך באָדן אין גאָלד... אָבער קיין געלט האָט ער אַלץ נישט געגעבן.

מיין מוטער האָט דעמלט געשפּילט אַ הויפּט־ראָל אין אַ פּיעסע „דאָן יצחק אברבנאל" און די פּיעסע האָט זייער שטאַרק אויסגענומען און די געשעפטן זיינען געווען גוטע, אָבער צאָלן האָט ער אַלץ נישט גע־וואָלט, און דאָס וואָס ער האָט שוין יאָ אַמאָל געגעבן, איז נישט גענוג געווען אפילו אַף דירה־געלט מיט כאָטש טרוקן ברויט.

און ענדלעך, איינזעענדיק אַז דעם פּראָפעסאָרס צוזאָגן זיינען נאָר זייפנבלאָזן, האָט מיין פאָטער באַשלאָסן איינמאָל פאַר אַלעמאָל, אַז אויב ער וועט נישט ברענגען קיין געלט, וועט מען נישט גיין שפּילן!

דער טאַטע האָט געלאָזן מעלדן זיין באַשלוס צום פּראָפעסאָר הורוויץ, אָבער יענער האָט זיך אויסגעלאַכט. — וואָס הייסט נישט קומען שפּילן? און וואו איז דער קאָנטראַקט? און וואָס וועט דאָס עפּעס זאָגן דאָס ווער־טע פּובליקום, אַז עס וועט זיצן אין טעאַטער און דער פאָרהאַנג וועט זיך נישט אויפהויבן?...

אָבער זעענדיק אַז עס פעלט קוים אַ שעה צו דער פאָרשטעלונג און מיינע עלטערן זיינען נאָך נישט אין טעאַטער צום גרימירן זיך, איז ער געקומען צו לויפן, געבעטן זיך רחמים, געמוסרט, ווי הייסט און סטייטש און ער האָט ווידער אָנגעהויבן צוזאָגן גאָלדענע גליקן, אָבער מיין פאָטער האָט זיך גֿעהאַלטן פעסט באַ דאָס זייניקע, אויב ער וועט נישט ברענגען גענוג געלט וואָס עס קומט אונז, וועט מען נישט גיין שפּילן.

דאָ האָט דער פּראָפעסאָר הורוויץ שוין אָנגעהויבן אָנעמען אַ דראָ־ענדיקע שטעלונג, אַז עס איז נישט הפקר אַ וועלט און אַז דערווייל האָט ער אַ קאָנטראַקט און אַ קאָנטראַקט דאַרף מען דערפילן, אַז עסטרייך איז אונז נישט רוסלאַנד מיט די קאַצאַפּעס, אַז עסטרייך איז אַ לאַנד פון קולטור און געזעץ און קאָנטראַקט איז אַ קאָנטראַקט וואָס מען מוז דערפילן, ווען נישט איז פאַראַן אַ גוטע פּאָליציי און אפילו זשאַנדאַרן וואָס צווינגען אַז מען זאָל נישט זיין קיין הפקר מענטש...

מיין פאָטער האָט אָבער פאַרן דערקלערן זיך אין שטרייק גענומען אַ גוט גלעזל בראָנפן און זיך געהאַט געמאַכט אַ גוטן קוראַזש און ער האָט זיך נישט געלאָזן נעמען פון פּראָפעסאָרס גוטע ריידלעך און ער האָט זיך אויך נישט געוואָלט איבערשרעקן פון זיינע דראָונגען, די מאַמע האָט געוויינט און איז שוין גרייט געווען צו גיין אין טעאַטער הונגערי־

קערהייט, אָבער דער טאַטע — איינמאָל ניין! ער וועט נישט לאָזן! ער וועט נישט לאָזן אַז די מאַמע, וואָס שפּילט אַ הויפּטראָל אין אַ פּיעסע וואָס ברענגט גרויסע סבאָרן, זאָל דאַרפֿן גיין שפּילן הונגעריקערהייט און ווען אפילו גאָט אַליין זאָל אַראָפּקומען און שמייסן אים מיט אַ ראַפּ־ניק און וועלן טרייבן אין טעאַטער, וועט ער נישט גיין און אויך די מאַמען וועט ער נישט לאָזן גיין, סיידן זי וועט וועלן גיין איבער זיין טויטן קערפּער...

## דער פּראָפעסאָר ברענגט פּאָליציי

נישט אומזיסט זאָגט מען, אַז די ערשטע איבערלעבעניש וואָס דער דערוואַקסענער מענטש געדענקט פֿון זיינע קינדער יאָרן, מוז זיין אַ גאַר שטאַרקע; איך וויים פֿון א סך מענטשן וואָס געדענקען פֿון זייער פּרים־טער קינדהייט אַ שרפה, אַ פֿאַרשוועמונג, אַ שיסעריי, די געוויינען בא אַ טויטן־פֿאַל וואָס צעטרייסלט דעם קינדס געמיט און עס בלייבט אים אין זכרון אפֿן גאַנצן לעבן.

איך וויים נישט צי בין איך שוין דעמלט אַלט געווען גאַנצע דריי יאָר, אָבער איך געדענק עס ווי עס וואָלט געווען ערשט נעכטן; — איך בין געלעגן אפֿן בעט ווען דער פּראָפעסאָר הורוויץ איז צוריקגעקומען אַ צעיאָכמעטער און נאָך אים זיינען אַריין אין שטוב צוויי פּאָליציאַנטן.

די מאַמע האָט געהאַלטן שייקעלען בא דער ברוסט און געוויינט און איך האָב מורא געהאַט אַז דאָ גייט געשען עפּעס שרעקלעכעס, האָב איך איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין קישן און פֿאַרהאַלטן מיין אָטעם און איך פֿיל נאָך היינט ווי מיין הערצל האָט זיך דעמלט אין מיר געוואָרפֿן און געטיאָכקעט פֿון שרעק און דערוואַרטונג.

ליגנדיק מיטן קעפּל פֿאַרגראָבן אין קישן מיט פֿאַרמאַכטע אויגן, האָב איך זיך איינגעהערט צי דעם וואָס טוט זיך אין שטוב, איך האָב גע־הערט ווי דער פּראָפעסאָר האָט זיך געבייזערט און איך האָב געהערט ווי דער טאַטע האָט געענטפֿערט אַז די מאַמע איז הונגעריק און די קינדער זיינען הונגעריק און נאָך האָט דער טאַטע געזאָגט וואָס איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען און דורך דער גאַנצער צייט האָט זיך געהערט דער מאַמעס כליפּען.

ווען דער טאַטע האָט פֿאַרענדיקט ריידן, האָט זיך ווידער געהערט דעם פּאָליציאַנטס באַסאָווע שטים און דער פּראָפעסאָר האָט זיך ווידער געבייזערט און ליגנדיק אַזוי מיטן קעפּל איינגעגראָבן אין קישן, האָבן זיך מיר געמאָלן שרעקלעכע בילדער פֿון דעם וואָס עס וועט דאָ זיכער

באַלד געשען, איך האָב געזען ווי די פּאָליציאַנטן ציען אַרויס זייערע כּאַבליעס און זיי ווילן דעם טאַטן אָפּהאַקן דעם קאָפּ און די מאַמע האָט אַלץ געשלוכצט און די פּאָליציאַנטן פּאַכען מיט די סאַבליעס און די מאַמע בעט זיך, איך הער ווי זי בעט זיך: — זיידל, דערבאַרעם זיך, לאָז מיך גיין אין טעאַטער און דער טאַטע שרייט ניין און די פּאָליציאַנטן ריידן נאָך עפּעס און דער פּראָפעסאָר שרייט אַז — אַז נאָר מערדער קענען אַזוי האַנדלען און פּלוצלינג ווערט שטיל און איך הער נאָך בלויז דער מאַמעס כליפּען.

איך טראַכט זיך, אַז זיכער ליגט שוין דער טאַטע טויט, די פּאָלי-ציאַנטן האָבן אים אודאי דערהרגעט און מיט ציטערניש הויב איך פּאַמעלעך אַרויס מיין קאָפּ פון קישן און איך זע ווי דער טאַטע שטייט און קושט די מאַמען און ער ווישט איר מיט אַ טיכל די טרערן און קיינער חוץ אונז איז מער נישטאָ אין שטוב.

ערשט איצט האָב איך אָנגעהויבן וויינען און די מאַמע האָט אויס-געשריגן: — דאָס קינד האָט זיך דאָך דערשראָקן אַפּס טויט!... און זי האָט מיך אַרומגענומען און אָנגעהויבן קושן און דריקן מיך צום האַרצן.

באַלד איז דער פּראָפעסאָר צוריקגעקומען, איך האָב זיך שוין ווידער געוואָלט באַהאַלטן, אָבער דאָסמאָל האָט דער פּראָפעסאָר געשמייכלט און איך האָב זיך מער נישט געשראָקן פאַר אים, ווייל ער איז געקומען אַליין אָן די פּאָליציאַנטן און איך האָב געזען ווי ער נעמט אַרויס אַ גרויסן בייטל פון וויסן לעדער און ער נעמט אַרויס פון אים געלט און דערלאַנגט דעם טאַטן, דער טאַטע האַנדלט זיך און ער גיט אים נאָך און נאָך, ביז דער פּראָפעסאָר הויבט אָן שרייען, אַז דער טאַטע וויל אים קוילען און די מאַמע פאַלט צו און בעט זיך רחמים, לאָז שוין זיין געענדיגט און באַלד האָט זיך די מאַמע אָנגעטאָן און שנעל אַוועק צוזאַמען מיטן פּראָפעסאָר.

איך האָב אָנגעהויבן וויינען, איך האָב מורא געהאַט, אַז די מאַמע וועט מער נישט צוריקקומען, אַז דער פּראָפעסאָר האָט זי צוגערויבט, אָבער דער טאַטע האָט געלאַכט און מיך גענומען צערטלען און ער איז געווען אַזוי פריילעך, אַז איך האָב שוין אויך אָנגעהויבן זיין פריילעך, אָבער שלאָפן האָב איך פונדעסטוועגן נישט געקענט, ביז איך האָב געזען ווי די מאַמע איז צוריק אַהיימגעקומען און זי האָט מיך ערשט איינ-געשלעפט.

מיין פאָטער האָט מיט יאָרן שפּעטער אַ סך מאָל דערמאָנט זיין שטרייק מיטן פּראָפעסאָר הורוויץ און ווי אַזוי הורוויץ האָט צו אים גע-בראַכט פּאָליציי און געוואָלט אים צווינגען אַז די מאַמע זאָל גיין אין טעאַטער שפּילן, אָבער אפילו די פּאָליציי האָט נישט געקענט צווינגען

אַז די מאַמע זאָל גיין שפּילן טעאַטער מיט אַ הונגעריקן מאָגן און ער האָט געמוזט ברענגען געלט און ערשט דאַן איז די מאַמע געגאַנגען אין טעאַטער, און וויפל מאָל דער טאַטע האָט דערמאָנט די געשיכטע, אַזויפיל מאָל האָב איך ווידער געזען די פּאָליציאַנטן און געהערט דעם פּראָפעסאָרס געבייזער און דאָס בילד האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון ביז צום היינטיקן טאָג.

## דער טאַטע פאָרט אַהיים

וואָס ווייטער איז געשען, געדענק איך ווי דורך אַ נעפּל. איך ווייס נישט זיכער צי געדענק איך טאַקע אַלעס פון אייגענעם זכרון, צי געדענק איך אַ סך זאַכן בלויז פון דעם, וואָס איך האָב דערנאָך געהערט ריידן דערפון.

די ערשטע געשעעניש מיט די פּאָליציאַנטן, האָט אַ סך ווייטערדיקע ווייניקער אויסערגעוויינלעכע געשעענישן פאַרטונקלט אין מיין זכרון און עפּעס געדענק איך יאָ און עפּעס געדענק איך נישט, ווי דער טאַטע האָט זיך געזעגנט מיט דער מאַמען, ווי ער האָט זי געקושט און דערנאָך האָט ער מיך געדריקט צום האַרצן און מיך אויך געקושט און אפּסלעצט האָט ער אַ כאַפּ געטאָן שייקעלען אַף די הענט, שייקעלע איז נאָך געווען געוויקלט אין אַ קישעלע, און ער האָט דאָס קינד אַזוי לאַנג געקושט, אַז די מאַמע האָט אַזש אָנגעהויבן שרייען, אַז ער וועט עס נאָך דערשטיקן און איך געדענק, אַז דער טאַטע איז אַוועק און די מאַמע האָט געוויינט.

יאָ. נאָך דעם שטרייק האָט פּראָפעסאָר הורוויץ ווידער נישט געצאָלט און די נויט איז ווייטער געווען גרויס און עס איז נישט געבליבן קיין אַנדער ברירה, ווי שרייבן קיין אדעס נאָך געלט, עס זאָל זיין אַף הוצאות אַהיים.

מיין מאַמע איז געווען אַ זייער שטאָלצע און זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט שרייבן צו איר מאַמען, כאָטש זי איז געווען זיכער, אַז איר רייכע מאַמע וועט איר באַלד שיקן געלט; זי האָט געזאָגט, אַז ווען זי וויים זי וועט שטאַרבן פון הונגער, וועט זי נישט שרייבן. האָט דער טאַטע געשריבן צו זיינע עלטערן און עס איז באַלד אָנגעקומען אַביסל געלט, עס איז אָבער נישט געווען גענוג אַף הוצאות פאַר אַלעמען און עס איז געבליבן, אַז דער טאַטע וועט דערווייל פאָרן אַליין און דערנאָך וועט ער שוין זען אַז די מאַמע זאָל קענען קומען מיט די קינדער.

ווען דער טאַטע איז אַוועקגעפאָרן, האָט די מאַמע נאָך געשפּילט אין טעאַטער, אָבער פּלוצלינג האָט דער פּראָפעסאָר הורוויץ אָפּגעמאַכט

מיט עטלעכע אַקטיאָרן און זיי זיינען אַוועק קיין בודאַפּעסט און די מאַמע איז געבליבן אָן אַרבעט.

קיין גרויסן שאָדן וואָס זי איז געבליבן אָן אַרבעט, האָט זי נישט געהאַט. אַלציינס האָט זי נישט באַקומען קיין געלט און זי האָט געליטן נויט און ווען נישט די גוטע רחלע אַקסלראַד וואָס האָט אונז כסדר געשטיצט, ווער ווייס וואָס פון אונז וואָלט דעמלט געוואָרן.

צום גליק, האָט עס נישט לאַנג געדויערט, ביז עס איז פון אדעס אָנגעקומען געלט און די מאַמע האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין.

די מאַמע איז נישט געווען צוריקגעפאָרן קיין אדעס; פון די בריוו האָט זי געוואוסט, אַז דאָס געלט האָט איר געשיקט איר מוטער און זי האָט פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע האָט נישט געהאַט קיין ברירה און געמוזט אָנקומען צו איר נאָך הילף און זי וואָלט בעסער געפאָרן וואו די וועלט האָט אַן עק, אַבי נישט צוריק קיין אדעס, אַז די מוטער זאָל איר דאָרט קענען פאָרוואַרפן פאַרוואָס זי האָט זי נישט געפאָלגט און נישט אָפּגעזאָגט זיך פון טעאַטער.

עס איז אָבער נישט געווען קיין אַנדער ברירה און די מאַמע האָט גענומען שייקעלען אויף די הענט און מיך האָט זי געפירט און אַזוי האָבן מיר ווידער געשוואַרצט די גרעניץ און צוריקגעקומען אַהיים, קיין אדעס.

## די באבע מיטן איניקל

ווי פון אַ וויטן פאַרגאַנגענעם חלום געדענק איך אונזער אָנקומען קיין אדעס.

איך געדענק ווי דער טאַטע איז צוגעפאַלן צו דער מאַמען און זי געקושט און איך געדענק אויך, ווי די באבע האָט מיך געכאַפּט אויף די הענט און מיך אַזוי געדריקט צו זיך, אַז איך האָב נישט געקענט דעם אָטעם אָפּכאַפּן, און קושנדיק מיך, האָט זי מיר ווי איינגערוימט אין אויער: — קינדעלע, יהודיתל מיינס, אפשר וועסטו אויספועלן, אַז דיינע טאַטע מאַמע זאָלן ווערן לייט און פאַרגעסן די קאָמעדיאַנטן...

די באבע האָט מיר אַרויסגעוויזן אַ סך ליבע און שפּעטער מיט יאָרן האָב איך זיך דערוואוסט, אַז די הויפּט־סבה פון איר ליבע צו מיר איז געווען, ווייל איך האָב געהייסן יהודית, נאָך איר פאַרשטאָרבענעם מאַן אידל. פונדעסטוועגן, ווען איך טראַכט היינט וועגן די צערטלעכקייטן גלויב איך אַז נישט בלויז צוליב מיין נאָמען האָט זי מיר אַרויסגעוויזן אַזויפיל ליבע, נאָר אויך דערפאַר וואָס זי האָט געגלויבט, אַז דורך מיר וועט זי קענען באַווירקן מיינע טאַטע־מאַמע אַז זיי זאָלן אַוועקוואַרפן דאָס

טעאַטער און ווערן מיט מענטשן גלייך.

ווי אין חלום געדענק איך אויך ווי דער טאַטע האָט אויסגעפּרעגט בײַ דער מאַמען וועגן טשערנאָוויץ, וועגן רחלע אַקסלראַד און וועגן סאַבסייען און איך ווייס נישט צי געדענק איך עס פון דעמלט, צי ווייל איך האָב דערנאָך אַ סך מאָל געהערט דערמאָנען די זעלבע געשיכטע, נאָר מיר שיינט ווי עס וואָלט איצט געווען, אַז איך זע ווי דער טאַטע קניט נעבן דער מאַמעס בעט און הערט זיך צו און די מאַמע דערציילט ווי סאַבסיי האָט זיך פאַרליבט אין אַ קאַבאַרעט־זינגערין און ער האָט זי אַרויסגענומען פון קאַבאַרעט און זי געמאַכט פאַר אַן אַקטריסע.

איך געדענק אויך ווי אין חלום, אַז די מאַמע האָט דעם טאַטן געמאַכט פאַרוואורפן פאַרוואָס ער האָט געבעטן די מאַמען אַף הוצאות פאַר איר און ווי דער טאַטע האָט זיך פאַרענטפערט, אַז ער האָט גע־בענקט נאָך איר און ער אַליין האָט נישט געהאַט קיין געלט צו שיקן נאָך אונז און ווייטער איז מיר אַלעס פאַרשטעלט ווי מיט אַ נעפּל... איך געדענק נאָר אַז איך בין שטענדיק געווען נעבן דער באַבען און זי האָט כסדר אין מיר אַריינגערעדט, אַז איך זאָל איר העלפן און בעטן דער מאַמען, אַז זי זאָל זיך אָפּזאָגן פון דער קאָמעדיאַנטסטווע און נישט טראַכטן מער וועגן אַרומשלעפּן זיך ווי אורחי־פורחי פון איין אָרט צום אַנדערן.

איך קאָן זיך בשום אופן נישט דערמאָנען ווי אַזוי איך האָב דעמלט רעאַגירט אַף מיין באַבעס ווערטער, נאָר מיר ווייזט זיך אויס, אַז איך אַליין האָב שוין אויך געבענקט צום אַרומפאָרן איבער ווייטע אומבאַ־קאַנטע וועגן און אַז עס איז מיר אומעטיק געוואָרן דאָס כסדרדיקע זיין אין שטוב מיט דער באַבען און איך גלויב אַז עס איז טאַקע אַזוי געווען, ווייל ווען עס איז געקומען דער ערשטער שטאַרקער קאָנפליקט צווישן דער באַבען און מיינע טאַטע־מאַמע און די באַבע האָט מיך אַ כאַפּ געטון אַף די הענט און אויסגערופן: — אויב אַזוי, וועסטו דיך ווייטער אַרומ־שלעפּן מיט זיידלען און דאָס אייניקל וועט בלייבן מיט דער באַבען!... האָב איך זיך אַזוי דערשראָקן, אַז איך האָב זיך אַזש צעוויינט און זיך אַרויסגעריסן פון דער באַבעס הענט און צוגעלאָפן און אַרומגעכאַפּט די מאַמען מיטן טאַטן און זיך געבעטן, אַז איך וויל זיין מיט זיי...

נאָך דעם ערשטן גרעסערן קאָנפליקט צווישן טאַטע־מאַמע מיט דער באַבען, זיינען געקומען נייע קאָנפליקטן, איך געדענק ווי די באַבע האָט זיך געוואָרפן אַפן טאַטן מיט אַ וואַלגער־האָלץ און אים געשלאָגן ווייל ער האָט געדרויכערט אום שבת און איך געדענק ווי דער טאַטע האָט איינמאָל אויסגעטרונקען עטלעכע גלעזלעך בראָנפן און געזאָגט אַז ער מוז זיך מאַכן קוראַזש און דערנאָך האָט ער געהאַט מיט דער באַבען אַ

שאַרפֿן שמועס און איך געדענק ווי די באָבע האָט געזאָגט מיט אַ קלאַפּ אין טיש: — איטע, יהודיתל און שייקעלע זיינען מיינע קינדער און איר קאָנט זיין באַ מיר ווי לאַנג איר ווילט און עס וועט אייך גאָרנישט פעלן; נאָר געבן געלט פאַר אייערע שמד־שטיק — דאָס נישט. קיינמאָל נישט...

## זאָט־געגעסן און ווייטער געפאָרן

די קריגערייען אינדערהיים מיט דער באָבען האָבן גאָרנישט אויפֿגעהערט.

די באָבע איז שוין געווען אַן אָנגעזעענע סוחרטע און געפירט אַ באַלעבאַטישע שטוב און די אַנדערע קינדער האָבן שטודירט און איר צוגעגעבן פּרעסטיזש, פאַרשטייט זיך, אַז זי האָט ניט געקענט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז אירס אַ טאָכטער זאָל זיין מיט די קאָמעדיאַנטן, אָבער מיין מאַמע האָט שוין צופיל געפּילט דעם הייליקן ציטער פון באַגייסטערונג וואָס די אַפּלאָזן האָבן אין איר אַרויסגערופן און זי האָט געבענקט נאָך נייע אַפּלאָזן און איך האָב געהערט גאַנץ אָפט ווי טאַטע־מאַמע האָבן זיך געשושקעט, די מאַמע האָט געבעטן אַז זי וויל אַרום פונדערהיים און דער טאַטע האָט געזאָגט אַז עס איז נאָך צייט, אַז דערווייל קאָן מען נישט שפּילן קיין טעאַטער און שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דאָס איז געזון אין דער צייט, ווען גאָלדפאַדן איז געווען אין פּעטערבורג באַם באַראָן גינזבורג און אים געבעטן אַז ער זאָל זיך משתדל זיין אין די הויכע פענסטער וועגן אַ דערלויבעניש פאַר אידיש טעאַטער און דאָס האָט דאָס דער טאַטע געוואָלט מען זאָל איבערוואַרטן די שלעכטע צייט, אפשר וועט גאָלדפאַדן דאָרט עפּעס אויפטון און די גזירה וועט אָפּגעשאַפט ווערן און דערווייל זאָל מען זיצן דאָ וואו עס איז פאַראַנען דאָס שטיקל ברויט פאַר זיך און פאַר די קינדערלעך.

אָבער גאָלדפאַדנס זיצן אין פּעטערבורג האָט קיין שום נוצן ניט געבראַכט, דער באַראָן גינזבורג האָט טאַקע גאָלדפאַדענען גאַנץ פיין אויסגעהערט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך, נאָר מען ווייסט נישט, צי האָט אפילו גינזבורג געפּרואווט זיך משתדל זיין ביי נאַטשאַלסטוואָ וועגן אידישן טעאַטער און די גזירה איז געבליבן גזירה.

דערווייל האָט מען אָנגעהויבן שמועסן אַז אין די קליינע שטעטלעך לאָזן זיך די פּאָליצייסקע אונטערשמירן און מען וואָלט יאָקאָש געקאָנט שפּילן אידיש טעאַטער און דער טאַטע האָט שוין אָנגעהויבן זאַמלען חברה אַרום זיך; זאָט איז מען שוין געווען, ווייל אין דער באָבעס הויז

האָט קיין עסן נישט געפעלט, האָט מען שוין פאַרגעסן אָן די הונגעריקע טעג אין טשערנאָוויץ, נאָר מען האָט בלויז געדענקט אָן דעם הו־האַ און אָן דעם רום און אָן די באַגייסטערטע אפלאָזן און עס האָט ווידער אַ ציי געטאָן און אין אַ שיינעם טאָג ווען עס איז ווידער פאַרגעקומען אַ שטיקל קריגעריי צווישן מיינע עלטערן מיט דער באבען, האָבן טאַטע־מאַמע גענומען פּאַקן די פּעקלעך און מיטנעמענדיק מיך מיט שייקעלען, האָבן מיר זיך ווידער געלאָזן אויף דער מדינה איבער שטעט און שטעטלעך.

איך געדענק, אַז ווען מיר זיינען אַרויס פון דער באבעס שטוב, איז די באבע געשטאַנען באַם פענסטער און אונז נאָכגעקוקט מיט פאַרגלע־זערטע בליקן און עפּעס האָט אין מיין יונג הערצל אַ ציפּ געטאָן אַ שטילער ווייטיק...

# דריטער קאַפּיטל:

פון שטאָט צו שטאָט — די מומע סאָסיע — נאַסטאַסיאַ די צאָמניצע — דער פּרינץ אַלס בעטלער מיטן גאָלדענעם שיכעלע — שייקעלע וואַקסט און אַ ניי קינד ווערט געבוירן מיין שוועסטערל פּאַני — עס קומען שווערע צייטן — איך מוז ניאַנטשען די קינדער — דער טאַטע שרייבט בריוו קיין אדעס — געשטאָרבן די מומע סאָסיע — מיר פאָרן קיין בערעזאָווקע און מיר דערוואַרטן אַ גאַסט — מיר זיינען נישט קיין פּאַקוסניקעס נאָר אידישע קינסטלער — די מאַמע רייסט אָפּ די עפּאָלעטן פון אַ פּריסטאַוו — די באָבע איז אין טעאַטער און זעט דעם בראַד — מיר פאָרן קיין אדעס.

## פון שטאָט צו שטאָט

דער צווייטער אַרויספאָר פון אדעס, איז שוין געווען אויף אַ לענגע־רער צייט.

גאַנצע פיר יאָר האָבן אָנגעהאַלטן אונזערע וואַנדערונגען מיט אידיש טעאַטער, ביז מיר זיינען סוף כל סוף ווידער צוריקגעקומען קיין אדעס.

אָבער איך וויל נישט אַליין פאַרלויפן דעם וועג, נאָר גיין כסדר און לאָמיר פּרוואון אויפוועקן אין מיין זכרון די איבערלעבענישן פון דער פיר־יעריקער וואַנדערונג.

קיין סך פון דער צייט קאָן איך זיך נישט דערמאַנען.

איך געדענק נאָר, אַז מיר זיינען שטענדיק אַרומגעפאָרן און מיר האָבן אַזוי אָפט געטוישט די היימען, אַז איך קאָן זיך קוים דערמאַנען ווי זיי האָבן אויסגעזען.

די דינסטן וואָס די מאַמע האָט צוגענומען, אַז זיי זאָלן אָפּהיטן מיך מיט שייקעלען, געדענק איך שוין פיל מער ווי די שטיבער אין וועלכע מיר האָבן געוואוינט.

יאָ. ווי שווער עס איז געווען צו שפּילן אידיש טעאַטער צוליבן פאַרבאָט, האָט מען זיך יאָקאָש אָן עצה געגעבן און געשפּילט און די געשעפטן האָבן געמוזט זיין גאַנץ גוטע, ווייל די מאַמע האָט באַלד צוגענומען אַ ניאַנקע צו די קינדער, אַמאָל אַ אידישע און אַמאָל אַ קריסטלעכע און איך האָב מיינע עלטערן געזען פריילעכע און נישט נאָר די מאַמע, נאָר אפילו דער טאַטע האָט זיך מיט מיר געפּלעגט שפּילן אין דער פרייער צייט און איך האָב אים געזען אַזוי פריילעך ווי קיינמאָל

נישט בא דער באַבען אין שטוב.

נישט לאַנג נאָך אונזער אַרויספאָר, האָט די מאַמע צוגענומען אַ ניאַניע, דאָס איז געווען אַ אידענע אין איינגעדאַרטע, אַ קליינטשיקע, נאָר מיט בלישצשנדיקע אייגעלעך וואָס האָבן אייביק געלאַכט און די מאַמע האָט מיר אָנגעזאָגט אַז איך זאָל זי פאָלגן און איך זאָל זי רופן מומע סאָסיע.

נאָר ווען די מאַמע זאָל מיר אפילו נישט געווען אָנזאָגן, וואָלט איך זי אויך געפאָלגט, ווייל איך האָב זי ליב געהאַט פאַר די שיינע מעשהלעך וואָס זי האָט מיר דערציילט און אפילו דער קליינער שייקעלע האָט זי אויך געמוזט ליב האָבן, ווייל אין זיין שטאַרקסטן געוויין, אַבי די מומע סאָסיע האָט אים נאָר גענומען אָף די הענט און מיט אים אַ הוידע געטאָן אויסזינגענדיק: — היי — עם — שאַ — שאַ — שיי — קעלע!... האָט ער באַלד אויפגעהערט וויינען און ער האָט גענומען קוקן אָף איר ווי בעטנדיק זיך: — מומע סאָסיע, איך וויל נאָך...

און זי האָט אים געהוידעט אַזוי לאַנג, ביז ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן און דערנאָך האָט זיך זיך גענומען צו מיר און אָנגעהויבן דערציילן אַ מעשה נאָך אַ מעשה, ביז איך בין איינגעשלאָפן.

די מעשהלעך וואָס די מומע סאָסיע האָט מיר דערציילט, זיינען מערסטנס געווען פון פרינצן און בת-מלכה׳ס און ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען, געדענק איך ווי זי האָט מיר אַ סך מאָל דערציילט וועגן אַ פרינץ וואָס האָט זיך פאַרשטעלט ווי אַ בעטלער און ער האָט געהאַט מיט זיך אַ קליין גאָלדן שיכל און ער האָט געוואַנדערט מיט דעם קליינעם גאָלדענעם שיכל פון שטאָט צו שטאָט און פון לאַנד צו לאַנד און געזוכט אַ מיידעלע וואָס זאָל האָבן אַזאַ קליין פיסעלע פאַר דעם גאָלדענעם שיכעלע, וועט ער זי נעמען פאַר אַ ווייב... און בעת זי האָט דערציילט דאָס מעשהלע, האָט זי מיר אויסגעטאָן די שיכלעך און די זעקעלעך און זי האָט מיר געקושט די פיסלעך און געזאָגט — אָט, אַזאַ פיסעלע האָט דער פרינץ געזוכט און אויך דיך וועט אַזאַ פרינץ געפינען און דאָס גאָלדענע שיכעלע וועט זיין פונקט צו דער מאָס אָף דיין פיסעלע...

נאָר נישט לאַנג האָט זיך די מומע סאָסיע בא אונדז געהאַלטן, ווייל זי האָט געטענהט אַז זי איז שוין מיט אונז צו ווייט מיטגעפאָרן און זי האָט זיך מורא צו לאָזן אַזוי ווייט איבערדער וועלט און זי האָט געוויינט ווען זי האָט זיך געזעגנט מיט אונז און איך האָב אויך געוויינט און זעענדיק אַז די מאַמע גיט איר געלט, האָב איך איר אויך געגעבן מיינע פינף קאָפיקעס וואָס עמיץ האָט מיר געהאַט געגעבן און די מומע סאָסיע האָט מיך נאָכאַמאָל געקושט און נאָכאַמאָל און זי איז אַוועק.

אויך מיר זיינען באַלד ווידער אַוועק אין אַן אַנדער שטעטל און ביז די מאַמע האָט באַקומען אַ נייע ניאַניע, האָב איך דערוויל געמוזט וויגן און אָפּהיטן שייקעלען.

מיר זיינען געפאָרן איבער בעסאַראַבישע שטעטלעך, פון דאָרט אי־בער וואָלינער און כערסאָנער גובערניעס און נאָך אַ יאָר פאָרן ווייטער און ווייטער, האָבן מיר זיך אומגעקערט אַף צוריק איבער די זעלבע שטעטלעך וואו מיר האָבן שוין פאַרבראַכט מיט אַ יאָר צוריק און מערסטנס האָבן מיר געהאַט מיט זיך אַ ניאַניע און עס האָט אונז גאָר־נישט געפעלט און דער טאַטע האָט גאַנץ אָפט דערמאָנט דאָס שווערע לעבן, וואָס ער האָט געהאַט אין אדעס בא דער באַבען...

עטלעכע ניאַניעס געדענק איך נאָך ווי אין חלום, אָבער איך קאָן זיך גאָרנישט דערמאָנען וועגן זיי, צי זיי האָבן אונז ליב געהאַט אָדער מיר זיי.

נאָר איין ניאַניע, אַ גויע, געדענק איך פונקט אַזוי ווי די מומע סאָסיע, כאָטש זי האָט מיר נישט דערציילט אַזעלכע שיינע מעשהלעך, נאָר פונקט קאַפּויער, זי האָט מיר דערציילט שרעקלעכע מעשהלעך וועגן געשטאָרבענע וואָס זייערע נשמות וואַגלען אַרום און קענען נישט גע־פינען קיין רו, ווייל זיי האָבן אין לעבן נישט געגלויבט אין אמתן גאָט...

## נאַסטאַסיאַ די צלמניצע

די ניאַניע, נאַסטאַסיאַ האָט זי געהייסן, האָט מיר דערציילט אַ שרעקלעך מעשהלע וועגן אַ קינד, אַ מיידעלע אַזוי גרויס ווי איך, וואָס איז צוליב די עלטערנס זינד קראַנק געוואָרן און עס האָט שוין געהאַלטן באַם שטאַרבן, נאָר אַ נס וואָס באַ איר איז געווען אַ פרומע קריסטלעכע ניאַניע, האָט זי דאָס קינד דריי מאָל איבערגעצלמט און זי האָט באַ־שוואוירן דאָס קינד, אַז ווען זי וועט ווערן עלטער, זאָל זי גיין אין צער־קווע, וועט זי זיין געזונט און לאַנג לעבן און דאָס קינד איז טאַקע געזונט געוואָרן און ווען זי איז געוואָרן אַ גרויס מיידל, איז זי טאַקע אַנטלאָפן פונדערהיים און איז אַריין אין אַ קלויסטער און דערנאָך געוואָרן אַ היי־ליקע שוועסטער...

נאַסטאַסיאַן האָב איך גישט ליב געהאַט, פאַרקערט, איך האָב פאַר איר מורא געהאַט, אָבער דאָך האָב איך מיט פאַרהאַלטענעם אָטעם זיך צוגעהערט צו אירע שווידערלעכע מעשהלעך און ווען זי האָט מיך גע־וואָרנט איך זאָל נישט אויסזאָגן אַז זי מאַכט יעדע נאַכט מיט די הענט אין דער לופט אַ צלם איבער שייקעלעס וויגל איידער ער ווערט אַנט־

שלאָפן, האָב איך טאַקע אַ לאַנגע צייט ניט דערציילט, נאָר איך האָב זיך יעדע נאַכט צוגעקוקט מיט שרעק ווי זי מאַכט דעם צלם און איך האָב מורא געהאַט איינצושלאָפן, מורא האָבנדיק אַז זי וועט אויך איבער מיין געלעגער מאַכן אַזאַ זעלבן צלם און אַזוי לאַנג איז עס געגאַנגען, ביז איינמאָל בין איך טאַקע איינגעשלאָפן, נאָר באַלד האָב איך זיך צוריק אויפגעכאַפּט און דערזען ווי נאַסטאַסיאַ שטייט איבער מיר און זי מאָלט אויס איבער מיר דעם צלם און מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז איך זע דעם צלם הענגען אין דער לופט איבער מיר און דעמלט האָב איך אָנגעהויבן אַזוי שטאַרק וויינען, אַז שכנים זיינען זיך צונויפגעלאָפן און וויפל מען האָט מיך נישט געוואָלט פאַרשפּילן, האָב איך אַלץ גע־וויינט, ביז די מאַמע איז צוריקגעקומען און איך האָב איר דערציילט, אַז נאַסטאַסיאַ האָט געמאַכט איבער מיר אַ צלם און אַז איבער שייקעלעס וויגל מאַכט זי אויך יעדע נאַכט אַזוי און ווען די מאַמע האָט געוואָלט נאַסטאַסיאַן אויסמוסרן פאַרוואָס זי טוט אַזוי, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז אין דער סומאַטאָכע ווען די שכנים האָבן מיך געזוכט צו באַרואיקן, איז נאַסטאַסיאַ פאַרשוואונדן פון שטוב.

די מאַמע האָט אָנגעהויבן באַקוקן די שטוב, זייענדיק זיכער אַז זי האָט עפּעס צוגעגנבעט, אָבער עס האָט פון שטוב גאָרנישט געפעלט, פאַרקערט, נאַסטאַסיאַ האָט נאָך איבערגעלאָזן אַ וואָלענעם שאַל און זי האָט זיך מער נישט געוויזן.

די געשיכטע מיט נאַסטאַסיאס איבערצלמען איבער מיין געלעגער האָט אַף מיר אַזוי געווירקט, אַז איך האָב באַקומען היץ און עס האָט זיך מיר כסדר אויסגעוויזן אַז איך זע נאַסטאַסיאַן נעבן זיך און זי באַ־שווערט מיך, אַז ווען איך וועל גרויס ווערן זאָל איך גיין אין אַ קלויסטער און איך האָב אַרומגעכאַפּט די מאַמען און מיט שרעק זיך געבעטן באַ איר, אַז זי זאָל מיך פעסט צוהאַלטן, אַז איך וויל נישט גיין אין קיין קלויסטער און איך וויל נישט קיין צלם...

די מאַמע האָט אויסגעבייטלט אַלע בייזע חלומות צו דער גויעס קאָפּ און מיך געגומען קושן און עס האָט געדויערט עטלעכע טעג ווי איך בין אַזוי געלעגן אין היץ, ביז אַ נייע ניאַניע איז געקומען, אַ אידענע ענלעך צו דער מומע סאָסיע און זי האָט מיר אָפּגעשפּראָכן אַן עין־הרע און מיר איז בעסער געוואָרן.

איך ווייס נישט צי דאָס אָפּשפּרעכן די עין־הרע האָט מיך געזונט געמאַכט, צי גאָר דער בלויזער פאַקט, וואָס עס איז דאָ אַ נייע ניאַניע אין שטוב און איך דאַרף מער נישט מורא האָבן אַז נאַסטאַסיאַ וועט צוריקקומען, איך ווייס נאָר, אַז די נייע ניאַניע האָט מיר געזאָגט אַז איך

בין שוין געזונט און זי האָט מיך אָנגעטון און מיך געהייסן אַז איך זאָל איר העלפן אויפּרוימען די שטוב.

די צווייטע אידישע ניאַניע האָט געהייסן גענענדל און כאָטש אַף דער ערשטער מינוט האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז זי איז זייער ענלעך צו דער מומע סאָסיע, האָב איך דערנאָך איינגעזען אַז זי איז גאַנץ עפּעס אַנדערש, זי האָט נישט דערציילט קיין מעשהלעך, זי האָט נאָר געזאָגט אַז אַ קינד דאַרף זיך געוויינען צוצוהעלפן ראַמען אַ שטוב און זיך אויסלערנען ווערן אַ באַלעבאָסטע.

איך האָב די גענענדל נישט ליב געהאַט און צום גליק האָבן זיך טאַטע-מאַמע ווידער געקליבן אין וועג אַריין און גענענדל האָט נישט געוואָלט מיטפאָרן און ווידער האָב איך אַ צייט לאַנג געמוזט אַליין זיין. שייקעלעס ניאַניע און די אַרבעט האָט מיר דוקא אָנגעהויבן געפעלן, איך האָב זיך געפילט ווי אַ גרויסע און איך האָב אַ סך מאָל געוואָלט נאָכמאַכן די מומע סאָסיע און געגומען שייקעלען הוידיען און אויסרופן אַזוי ווי סאָסיע: — היי — עם — שאַ — שאַ — שייקעלע!... און כאָטש איך האָב געוואוסט אַז שייקעלע פאַרשטייט נאָך נישט וואָס מען רעדט צו אים, האָב איך אים געפּרואווט דערציילן דאָס מעשהלע פון דעם פרינץ וואָס האָט זיך פאַרשטעלט ווי אַ בעטלער און ווי ער וואַנדערט פון שטאָט צו שטאָט מיטן גאָלדענעם שיכעלע...

## שייקעלע וואַקסט און אַ ניי קינד ווערט געבוירן

דריי יאָר זיינען שוין געהאַט פאַרגאַנגען זייט מיר זיינען אַוועק פון אדעס און דריי מאָל האָבן מיר שוין געהאַט געמאַכט „הקפות" איבער די זעלבע שטעט און שטעטלעך, צענדליקער ניאַניעס האָבן געוואַכט איבער מיר מיט שייקעלען און צווישן איין ניאַניע און דער אַנדערער, האָב איך געמוזט זיין די ניאַניע און אַזוי איז זיך שייקעלע געוואַקסן, געוואָרן אַ שיין און ליב אינגעלע און איך האָב זיך שוין אָנגעהויבן פרייען וואָס איך קאָן אַרויסגיין מיט אים פאַרן הויז אַף דער גאַס און זען אַ וועלט און כסדר האָב איך געזען אַ נייע וועלט מיט נייע מענטשן, ווייל מיר זיינען כסדר אַרומגעפאָרן; אָבער אָט זיינען מיר געקומען קיין טשער-קאַס, איך האָב נאָך פריער געהערט ווי דער טאַטע האָט זיך געשושקעט מיט דער מאַמען און איך האָב געוואוסט אַז אין טשערקאַס וועלן מיר דאַרפן פאַרבלייבן אַ לענגערע צייט, אָבער איך האָב נישט געוואוסט פאַרוואָס, נאָר באַלד האָב איך זיך עס דערוואוסט, די מאַמע האָט פּלוצ-לינג אויפגעהערט גיין אין טעאַטער, זי האָט זיך מיט אונז געשפּילט

אינדערהיים און פלוצלינג אינמיטן דער נאַכט, האָב איך געהערט ווי די מאַמע שרייט און וויינט, איך האָב זיך אויפגעכאַפּט און דערזען אַ סך פרויען אין שטוב, מען האָט מיך געהייסן שלאָפן, האָב איך זיך צוערשט בלויז געמאַכט שלאָפן, נאָר דערנאָך בין איך טאַקע אַנשלאָפן געוואָרן און ווען איך האָב זיך אינדערפרי אויפגעכאַפּט, האָב איך געהערט ווי אַ קליין קינדעלע פּישציעט, אַ אידענע איז צוגעקומען צו מיר און מיר געזאָגט מזל טוב, די מאַמע האָט דיר געשענקט אַ שוועסטערל.

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פון געלעגער און צוגעלאָפן צו דער מאַ־מעס בעט, די מאַמע איז געלעגן גלייך, און אפילו ווען איך בין צוגעקומען, האָט זי זיך נישט קיין ריר געטאָן, זי האָט נאָר אויסגעקערעוועט איר בליק צו מיר, אַ שמייכל געטאָן און אָפּגעדעקט אַ ווינדעלע און מיר געוויזן עפּעס אַזאַ רויט פּנימל אַ קליינס, אַז איך האָב זיך אַזש דער־שראָקן און געמאַכט אַ מינע צום וויינען. נאָר די מאַמע האָט ווייטער געשמייכלט און די אידענע איז צוגעקומען און מיר געזאָגט, אַז ווען איך בין געבוירן געוואָרן, האָב איך אויך אַזוי אויסגעזען און ערשט דאָס האָט מיך בארואיקט.

איך האָב נישט געוואוסט צי דאַרף איך זיך פרייען מיט דעם ניי געבוירענעם נפשל, נאָר ווען איך האָב געזען אַז אין שטוב ווערט פריי־לעך, עס קומען געסט און דער טאַטע פרייט זיך און שטעלט אַוועק גרויסע פלעשער מיט בראָנפן, מען טרינקט און מען זינגט און מען טרינקט ווידער און די מאַמע בעט זיך באַם טאַטן — שוין גענוג מיטן בראנפן און צום ערשטן מאָל פאַרשטיי איך דער מאַמעס מוסר־ווערטער, אַז דער ביטערער טראָפּן קוילעט אונז און צום ערשטן מאָל הויב איך אָן איינזען, אַז דער טאַטע טרינקט טאַקע אַביסל צופיל און כאָטש עס איז פריילעך, פאַרדריסט עס שוין מיך אויך וואָס דער טאַטע טרינקט כסדר און איך בין צופרידן וואָס די מאַמע דראָט אים, אַז זי וועט אַראָפּ פון בעט, אייב ער וועט נישט אויפהערן טרינקען און דאָס העלפט, די געסט נעמען צונויף די פלעשלעך אין וועלכע עס געפינט זיך נאָך עפּעס און זיי שטעלן אַוועק די פלעשלעך נעבן דער מאַמעס בעט, זי זאָל אַף זיי אַכטונג געבן...

אָבער באַלד אַפּצומאָרגנס, זיינען ווידער געקומען די געסט און די פלעשלעך זיינען אינגאַנצן אויסגעליידיקט געוואָרן און מען האָט גע־בראַכט נייע פלעשלעך.

דעם ניי־געבוירענעם נפשל האָט מען אַ נאָמען געגעבן פאַני. (מיין שוועסטער פאַני איז די פרוי פון באַוואוסטן העברעישן זשורנאַליסט לעאָן יאַקובאָוויטש און זי איז די מוטער פון דר. פילאָזאָף אורי יאַקו־

באַוויטש און זיי וואוינען אַלע אין פּאַלעסטינע).

ווען די מאַמע איז אויפגעשטאַנען פון קימפּעט, האָט זי מיך צוגע־פירט צו מיין קליין שוועסטערל; שייקעלען האָט זי אויך צוגעפירט און זי האָט אונז געוויזן אונזער קליינע פּאַניטשקע און זי האָט מיר געזאָגט אַזוי: — זעסט, שייקעלע וואַקסט אונטער קיין עין הרע און אָט האָסטו שוין אַ נייע שוועסטערל און דו וועסט זיך האָבן מיט וועמען צו ניאַנ־טשען... דאָס זאָגנדיק האָט מיר די מאַמע געגעבן אַ קוש און מיר האָט געשיינט, אַז איך האָב געזען אין דער מאַמעס אויגן טרערן, כאָטש זי האָט גאַנץ שנעל אָוועקגעדרייט איר פּנים.

## עס קומען שווערע צייטן

ווי לאַנג מיר האָבן זיך דעמלט אויפגעהאַלטן אין טשערקאַס, קאָן איך נישט געדענקען. איך געדענק נאָר, אַז בלויז עטלעכע טעג האָט זיך די מאַמע נאָך איר אויפשטיין פון בעט מיט אונז געשפּילט, און דערנאָך איז זי שוין אַוועק צו די רעפּעטיציעס און באַנאַכט איז זי געגאַנגען שפּילן טעאַטער און באַלד האָבן מיר ווידער גענומען פּאַקן די זאַכן און מיר זיינען געפאָרן ווייטער.

די געשעפטן האָבן נישט געמוזט זיין גאָר גוטע, ווייל קיין ניאַניע האָט די מאַמע נישט צוגענומען און איך האָב געמוזט זיין די ניאַניע, איך האָב געמוזט אַכטונג געבן אַף שייקעלען, ער זאָל נישט ערגיץ פאַרלוירן גיין אין די פרעמדע שטעט און שטעטלעך וואו איך האָב אַליין נישט געוואוסט וואו אויס און וואו איין און שייקעלען האָט זיך דוקא נישט געגלוסט צו זיצן אין שטוב. ער איז כסדר אַרויסגעלאָפן פאַרן הויז און איך האָב געמוזט לאָזן די וויינענדיקע פּאַני און אים לויפן זוכן און צוריקברענגען אין שטוב אַריין און אַזוי בין איך פּשוט באַ מיינע זיבן יאָר שוין געוואָרן אַ מאַמע פון צוויי קינדער און איך האָב זיי געמוזט אָפּהיטן און נישט זיין בלויז אַ ניאַניע, נאָר אויך אַ באַלעבאָסטע אין שטוב, ווייל איך האָב געמוזט קערן און ראַמען און צומאָל אפילו אויך אַכטונג געבן אַפן טעפּל געקעכץ.

די צייט איז געווען אַ שווערע. מעגלעך אַז עס איז געווען שלעכט צוליב די שטרענגע טשינאָווניקעס וואָס האָבן אַכטונג געגעבן אַז מען זאָל נישט שפּילן קיין אידיש טעאַטער און יעדע פאָרשטעלונג איז געווען פאַרבונדן מיט אַ סך מי און געלט אַף כאַבאַר און מעגלעך אַז די גע־שעפטן זיינען גלאַט אַזוי שלעכט געווען און מעגלעך אַז עס איז געווען אַלץ צוזאַמען, אַבי דער טאַטע האָט געטרונקען בראַנפן אַף צו מאַכן

זיך קוראַזש און די מאַמע האָט אים פאַרגעוואָרפן אַז די געשעפטן גייען שלעכט ווייל ער טרינקט און דער טאַטע האָט געזאָגט פאַרקערט, אַז ער מוז טרינקען ווייל די געשעפטן גייען שלעכט און די מאַמע האָט אים נישט געקענט איבערצייגן אַז זי איז גערעכט און זי האָט זיך צעוויינט און אַז דער טאַטע האָט געזען די מאַמעס וויינען, איז ער צוגעלאָפן צו איר און זי אָנגעהויבן קושן און ווישן דיטרערן פון איר פּנים און ווען זי האָט אָנגעהויבן נאָך שטאַרקער וויינען, האָט ער איר געגומען דראָען אַז זי מאַכט אים עגמת-נפש און ער וועט ערשט אפסניי מוזן נעמען אַ טרונק בראַנפן און דאָס האָט געהאָלפן, די מאַמע האָט אויפגעהערט וויינען אוןביידע, דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך אָנגעהויבן שפּילן מיט אונז און דעמלט איז מיר געווען אַזוי גוט און אַזוי פריילעך, אַז איך האָב אַרומגעטאַנצט און גענומען שייקעלען טאַנצן און טאַטע-מאַמע האָבן פון אונז אָנגעקוואָלן.

אין איין שטעטל האָט עס עפּעס אָנגעהויבן גיין אַביסל בעסער און עס איז שוין געווען אַ דינסט אין שטוב, זי האָט געהייסן יעוודאָקאַ. אָבער זי האָט זיך מיט אונז נישט געשפּילט, זי האָט בלויז געוואַשן דעם פאָל, צוגעראַמט און אַ קוק געטאָן צו דער קיך. דעמלט זיינען אפן אויוון געשטאַנען אַ סך טעפּ און מען האָט געמוזט אכטונג געבן, ווייל מען האָט בא אונז געקאָכט פאַר דער גאַנצער טרופּע און פריילעך איז געווען ווען די גאַנצע טרופּע איז געקומען און מען האָט זיך אַרומגעזעצט און גענומען עסן.

דאָס גוטע האָט אָבער נאָר געדויערט עטלעכע טעג, יעוודאָקאַ איז אַוועק, מיר האָבן זיך ווידער געפּאַקט און וויטער געפאָרן און איך האָב גאַנץ אָפט אָנגעהויבן הערן ווי די מאַמע באַקלאָגט זיך, אַז זי האָט שוין נישט קיין כח אַזויפיל אויסצוהאַלטן און אַז דער בראַנפן דערהרגעט זי...

דערנאָך האָב איך כסדר געהערט ווי די מאַמע זאָגט אַז מען דאַרף שרייבן צו דער באַבען, אַז גערעכט איז די באָבע, עס איז נישט קיין תכלית אַזוי... און דער טאַטע האָט אָנגעהויבן שרייבן בריוו קיין אדעס.

## געשטאָרבן די „מומע סאָסיע"

די נעמען פון די פילע שטעט און שטעטלעך וואו מיר זיינען אַלץ געווען, איז מיר נישט מעגלעך געווען צו געדענקען. איך האָב נאָר געדענקט די שטעט וואו מיר זיינען געשטאַנען אַ לענגערע צייט און וואו עס איז פאָרגעקומען אַ גאָר וויכטיקע פּאַסירונג.

אָבער איין שטעטל, וואו עס איז דוקא פאָרגעקומען אַ וויכטיקע פּאַסירונג וואָס האָט אויף מיר געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק, קאָן איך זיך בשום אופן נישט דערמאָנען.

מעגלעך אַז איך געדענק עס נישט, ווייל דאָס איז שוין געווען אין דער שלעכטער צייט און מיר זיינען כסדר אַרומגעפאָרן און געווען בלויז אַ טאָג אָדער צוויי אויף זעלבן פּלאַץ, איך געדענק נאָר אַז אין איין שטע־טל האָט זיך די מאַמע דערוואוסט, אַז די מומע סאָסיע איז געשטאָרבן און די מאַמע האָט זי באַדויערט, ווייל איך האָב זי זייער ליב געהאַט און שייקעלע האָט אויף קיינעמס הענט נישט געוואָלט אַנשלאָפן ווערן, נאָר אויף אירע.

ווען איך האָב געהערט אַז די מומע סאָסיע איז געשטאָרבן, האָב איך זייער שטאַרק געוויינט, איך האָב אין דעם טאָג גאָרנישט געקענט עסן און עס האָט אפילו נישט געהאָלפן דער מאַמעס רייד, אַז דאָס איז נישט געווען מיינס קיין מומע, זי האָט זי גלאַט אַזוי גערופן, כדי איך זאָל זי מער ליב האָבן און אַז זי איז בלויז געווען אַ ניאַניע אַזוי ווי נאַסטאַסיאַ...

דאָס פאַרגלייכן זי צו דער „צלמניצע" נאַסטאַסיאַ האָט מיר נאָך מער וויי געטאָן און איך האָב זיך גאָרנישט געקענט באַרואיקן. איך האָב זיך געשפּילט מיט פּאַניטשקען, איך האָב זי געהוידעט אַזוי ווי די מומע סאָסיע האָט אַמאָל געהוידעט שייקעלען און איך האָב אויסגערופן באַ יעדן הוידע: — היי — עס — שאַ — שאַ — שייקעלע!... היי — עס — פּאַ — פּאַ — פּאַניטשקע!... און די טרערן האָבן זיך מיר דערביי געגאָסן פון די אויגן און איך האָב נאָך דערנאָך אַ סך טעג געטראַכט וועגן דער מומע סאָסיע און אַ סך נעכט האָב איך נאָך געחלומט וועגן איר און וועגן איר פרינץ וואָס גייט אַרום אַלס בעטלער מיט אַ גאָלדן שיכעלע און ער זוכט איבעראַל מיין פּיסל וואָס איז פונקט פאַר דעם שיכעלע...

ווען איך גיב היינט אַ טראַכט אויף צוריק און איך וואַרף אַ בליק אויף מיין גאַנצן לעבנס־וועג, דוכט זיך מיר אויס, אַז די מומע סאָסיע האָט אין מיר איבערגעלאָזן די טיפסטע שפּורן וואָס זיינען אין מיינע שפּעטער־דיקע לעבנס־טעג געקומען צום אויסדרוק.

אין מיין גאַנצן וויטערדיקן לעבן האָב איך געזוכט נאָר דעם פאַר־שטעלטן פּרינץ וואָס ווייזט זיך ווי אַ בעטלער. איך האָב קיינמאָל נישט געקענט פילן קיין ליבע צו אַ רייכן מענטש, קיין שום פאַרמעגן האָט מיר נישט געקענט אימפּאָנירן, ווייל נאָר אין דעם אָרימען האָב איך געקענט האָפן צו געפינען דעם אויסגעחלומטן פּרינץ וואָס זוכט מיך אַרום איבער גאָר דער וועלט...

אָבער איך וויל מיר נישט אַליין פאַרלויפן דעם וועג פאָרויס, לאָמיר זיך אומקערן צום סדר פון מיין געשיכטע.

## מיר פאָרן קיין בערעזאָווקע און מיר דערוואַרטן אַ גאַסט

אפן טאַטנס בריוו זיינען באַלד געקומען ענטפערס.

ווייזט אויס, אַז די ענטפערס האָבן געמוזט זיין מיט אַ סך מוסר־רייד וואָס נישט דער טאַטע און נישט די מאַמע האָבן זיי געקענט פאַרטראָגן און זיי האָבן אויפגעהערט צוריקשרייבן.

די לאַגע איז כסדר געוואָרן ערגער און אגב האָט זיך די מאַמע שטאַרק באַזאָרגט וועגן דעם געזונט פון די קינדער, אַמאָל איז שייקעלע אַוועק־געפאַלן מיט פיבער און אַמאָל פאַני און דאָ האָט מען געמוזט וואַנדערן, וויל בלייבן אָפ אן אָרט, האָט געמיינט הונגער און ווידער האָט די מאַמע אָנגעהויבן ריידן וועגן בריוו קיין אדעס און ווידער האָט דער טאַטע גע־שריבן, אָבער ער האָט געשריבן אַזוי, אַז זיין שטאָלץ און דער מאַמעס שטאָלץ זאָל דערביי נישט ליידן און ווי אין חלום געדענק איך איין בריוו וואָס דער טאַטע האָט פאָרגעלייענט פאַר דער מאַמען, איך געדענק נישט דעם בריוו אינגאַנצן אָבער מער וויניק געדענק איך, אַז דער טאַטע האָט געשריבן אַז מיר זיינען נישט קיין ציגיינער, מיר זיינען אַקטיאָרן, קינסטלער און אַז בא די גוים באַטראַכט מען פאַר אַ גרויסן כבוד צו האָבן אַ קינסטלער אין דער משפחה און אַז מיר זיינען באַרימט און דאָס ווערטע פובליקום איז באַגייסטערט פון אונז און אַז די מאַמע באַקומט יעדע נאַכט בוקעטן בלומען פון די רייכסטע מענטשן און מיר זיינען גליקלעך, נאָר אונזער גרעסטע זאָרג זיינען די קינדער, מיר האָבן דריי קינדערלעך, זיינען עס דריי גרויסע בריליאַנטן, יהודיתל איז שוין אַ גאַנצע באַלעבאָסטע און שייקעלע איז וואויל ווי די וועלט און פאַניטש־קע וועט אויך שוין באַלד זיך אָנהויבן שטעלן אָף די אייגענע פיסלעך און איין גאָט ווייס, איטען דוכט זיך אויס, אַז עס קומט נאָך איינס... און צוליב די קינדערס און נאָר די קינדערס תכלית שרייבט מען דעם בריוו און מען טראַכט וועגן צוריקפאָרן קיין אדעס און אויב זי וויל זיך איבערצייגן אַז מען שרייבט דעם אמת וועגן זייער באַרימטקייט, זאָל זי זיך נאָר איינמאָל מטריח זיין און קומען צו אַ פאָרשטעלונג, וועט זי אַליין זען, אַז זיי זיינען נישט קיין ציגיינער אָדער פאַקוסניקעס, נאָר אידישע קינסטלער, אידישע אַקטיאָרן...

איך ווייס נישט ווי שטאַרק עס איז געווען דער איינדרוק פון דעם בריוו אָף דער באָבען, נאָר אַן איינדרוק האָט ער זיכער געמאַכט, וויל

עס זיינען געקומען ענטפערס, כמעט יעדן טאָג האָט דער טאַטע פאַרגע־לייענט פאַר דער מאַמען אַן אַנדער בריוו פון זיינע עלטערן און פון דער באָבען. די באָבע האָט געשריבן, אַז זי וואָלט טאַקע געוואָלט אַ בעלן כאָטש איינמאָל צו זען צי דאַרף זי טאַקע לאַכן פון אונז, אָדער דאַרף זי גאָר וויינען אויף אונזער בראָך און אויף איר אייגענעם בראָך וואָס מיר באַדעקן איר פּנים און די פּנימער פון אונזערע אַנגעזעענע ברידער און שוועסטער מיט שאַנד...

די אויסדרוקן האָבן אפילו מיינע טאַטע־מאַמע שטאַרק ווי געטאָן און זיי האָבן זיך געפילט באַליידיקט, דער טאַטע האָט די באַליידיקונג אָפּגעשוועקט מיט אַ גלעזל בראַנפן און די מאַמע האָט געליטן, אָבער עס איז זיך נישט געווען צו העלפן; דאָס אַרומשלעפן זיך מיט דריי קינ־דער שטאָט־אויס און שטאָט־איין און די ביטערע געשעפטן און נאָך מער — דאָס כסדרדיקע לעבן אין שרעק פאַר נאַטשאַלסטווא, וואָס מיר זיינען עובר אויפן געזעץ וועגן אידיש טעאַטער, דאָס אַלץ האָט געווירקט אַז טאַטע־מאַמע האָבן באַשלאָסן צו פאָרן איבער די שטעט און שטעטלעך נענטער צו אדעס און זיי האָבן אָנגעהויבן זייער אויפט ריידן וועגן אַ שטעטל אָדער שטאָט מיטן נאָמען בערעזאָווקע.

פון די שמועסן האָב איך פאַרשטאַנען אַז בערעזאָווקע איז אַ שטעטל נישט ווייט פון אדעס, און אַז דער טאַטע וועט שרייבן אַז מיר פאָרן קיין בערעזאָווקע שפּילן אידיש טעאַטער און פאַרבעטן די באָבע זאָל קומען אַהין און אַליין זען, אַז זיי האָבן געשריבן דעם אמת...

בערעזאָווקע איז געוואָרן די הויפּט־טעמע פון די שמועסן וואָס דער טאַטע האָט געהאַט מיט דער מאַמען און אַזוי האָט עס געדויערט אַביסל צייט, מיר האָבן נאָך אַלץ געוואַנדערט פון שטאָט צו שטעטל, ביז מיר זיינען געקומען קיין בערעזאָווקע און עס האָט געהייסן, אַז מיר דאַרפן ד'אָרט דערוואַרטן די באָבע אלם גאַסט.

## די מאַמע רייסט אויף די עפּאָלעטן באַ אַ פּריסטאַוו

ווידער מוז איך אַרויסטרעטן פון די ראַמען פון מיינע זכרונות און איך מוז דאָ דערציילן אַן עפּיזאָד וועלכן איך האָב נישט געזען, אָבער איך האָב א סך געהערט וועגן אים.

אָפּגעשפּילט האָט זיך דער עפּיזאָד טאַקע אין בערעזאָווקע.

בערעזאָווקע איז געווען בלויז פערציק קילאָמעטער פון אדעס און טאַטע־מאַמע האָבן זיך געהאַט דורכגעשריבן מיט דער באָבען, אַז זי זאָל זיי קומען זען אין בערעזאָווקע.

איך געדענק נישט וואָס עס איז געווען געשריבן אין די אפישן, איך געדענק נאָר, אַז דער טאַטע האָט זיך דעמלט ספּעציעל געגרייט אַז ער זאָל איבעראַשן דער באַבען, וויזן איר די גרויסקייט פון אים און איר טאָכטער און איך געדענק אַז דער טאַטע האָט אַהיימגעבראַכט גרויסע אפישן, אַף וועלכע עס זיינען געווען גאָר גרויסע בילדער פון טאַטן מיט דער מאַמען.

איך בין אויך געווען אין דערוואַרטונג צו זען די באַבען. איך האָב נאָך געדענקט אירע גלעזערנע בליקן מיט וועלכע זי האָט אונז באַגלייט שטייענדיק באַם פענסטער, בעת מיר האָבן מיט עטלעכע יאָר צוריק פאַרלאָזן איר הויז.

אָבער איך האָב די באַבען נישט געזען.

איך ווייס נאָר, אַז די באַבע איז געווען אין בערעזאווקע, זי איז געקומען אין סאַלאָן וואו טאַטע־מאַמע האָבן געשפּילט טעאַטער און זי האָט געזען אַ גרויסן בראָך...

דער גרויסער בראָך איז געווען אַ סקאַנדאַל וואָס איז אויסגעבראָכן אין טעאַטער אינמיטן דער פאַרשטעלונג.

ווי איך האָב שוין דערמאַנט, האָט מען דאָך נישט געטאָרט שפּילן אידיש טעאַטער נאָר מען האָט זיך געהאָלפן מיט אַפּנאַרעריי, מיט אַנאָנסירן אין די אַפישן עפּעס אַנדערש און געשפּילט האָט מען אידיש טעאַטער. געוויינלעך האָט מען צוערשט באַצאָלט כאַבאַר און קיינער פון נאַטשאַלסטוואָ איז נישט געקומען. דאָס מאָל האָט עס זיך אָבער נישט איינגעגעבן און אינמיטן פון צווייטן אַקט האָט זיך געיאַוועט אַ פּריסטאַוו, ער האָט זיך אַוועקגעזעצט און הערנדיק אַז מען שפּילט אַף אידיש, איז ער צוגעגאַנגען צו דער בינע און אויסגעלאָשן דעם לאָמפּ וואָס האָט באַלויכטן די בינע.

די מאַמע, וויסנדיק אַז די באַבע זיצט אין טעאַטער, האָט דאָסמאָל געשפּילט מיט דעם גאַנצן פייער פון איר טאַלאַנט און זעענדיק ווי דער פּריסטאַוו גייט צו און פאַרלעשט דעם לאָמפּ, איז זי אַריין אין אַזאַ נערוועזן צושטאַנד. אַז זי איז אַראָפּגעשפּרונגען פון דער בינע און זיך אַ וואָרף געטאָן אַפן פּריסטאַוו און אָנגעהויבן רייסן פון אים שטיקער, אָפּרייסנדיק פון זיין מונדיר אַ שטיקל אַרבל און די עפּאָלעטן.

אין סאַלאָן איז אויסגעבראָכן אַ סומאַטאָכע, מענטשן האָבן זיך געשטויסן צום אַרויסגאַנג און פאַריינוועגס האָבן זיי צעטראָטן און פאַרשלעפּט דעם פּריסטאַווס עפּאָלעטן און דער פּריסטאַוו, וויסנדיק אַז פאַר לאָזן אַראָפּרייסן פון זיך די עפּאָלעטן קאָן ער לויטן צאַרישן רעג־לאַמענט דעגראַדירט ווערן, האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט פון סאַלאָן, די

מאַמע האָט צוריק אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און ווייטער געשפּילט, אָבער די באָבען האָט זי שוין אין סאַלאָן נישט געזען.

איך האָב צומאָרגנס געהערט דערציילן ווי דער פּריסטאַוו איז באַלד דערנאָך צוריקגעקומען אין אַן אַנדער מונדיר, ער האָט ווייזט אוים מורא געהאַט אַז עס זאָל נישט צעפּויקט ווערן די גייעס אַז אַ פּרוי האָט באַ אים אַראָפּגעריסן די עפּאָלעטן און ער האָט נאָך זיין צוריקומען גערעדט צוקער־זיסע רייד און פאַרבעטן די אַקטיאָרן אָף אַ לחיים און מיין טאַטע מיט דער איבעריקער טרופּע אַ חוץ דער מאַמען, האָבן געהוליעט צוזאַמען מיטן פּריסטאַוו אַ גאַנצע נאַכט.

די מאַמע איז באַלד נאָך דער פאָרשטעלונג געקומען אַהיים און געוויינט אַ גאַנצע נאַכט.

צומאָרגנס נאָכן טעאַטער־סקאַנדאַל איז באַ אונז אין שטוב געווען זייער טרויעריק.

די מאַמע האָט געוויינט, זי האָט געשפּילט מיט אַזויפיל פייער כדי די באָבע זאָל זען, וואָס דאָס מיינט שפּילן טעאַטער, צום סוף אַזא סקאַנדאַל און די באָבע איז אַוועק און וואָס קאָן זי זיך שוין טראַכטן וועגן דער מאַמען...

דער טאַטע איז אַרומגעלאָפן צווישן די פּורן און געפרעגט זיך אָף דער באָבען, אָבער קיינער האָט אים נישט געוואוסט וואָס צו זאָגן, האָט ער זיך געטראַכט, אַז זיכער איז זי נאָך נישט צוריקגעפאָרן קיין אַדעס און ער האָט זי געגומען זוכן איבער די אכסניה׳ס און ער האָט זי טאַקע געפונען, זי איז געווען ברוגז און אפילו נישט געוואָלטריידן מיט אים און ער איז געקומען נאָך דער מאַמען, אפשר מיט איר וועט זי יאָ ריידן, האָט אָבער די מאַמע נישט געוואָלט גיין, האָט דער טאַטע גענומען עטלעכע טרינק בראָנפן, זיך געמאַכט קוראַזש און נאָכאַמאָל געגאַנגען צו דער באָבע, אָבער זי האָט נאָך אַלץ נישט געוואָלט הערן וועגן קומען צו אונז אין שטוב, זי האָט נאָר געזאָגט איינס, אַז אָדער טאַטע־מאַמע וועלן באַשליסן אַוועקצואוואַרפן די קאָמעדיאַנסטווע פאַר וועלכע מען דאַרף פירן מלחמה מיט די טשינאָווניקעס און מען איז איינגעשטעלט מיטן לעבן, אָדער זי וועט זיי איינמאָל פאַר אַלעמאָל פאַרלייקענען און נישט וועלן מער וויסן פון זיי.

דער טאַטע האָט זיך נאָך דער פאָרציע געטרייסט מיט אַ גלעזל בראָנפן און די מאַמע האָט געוויינט, און איך, כאָטש איך האָב עפּעס נישט זייער שטאַרק געבענקט נאָך דער באָבעס הויז, האָט מיך אָבער די געשעעניש מיטן פּריסטאַוו, וואָס די מאַמע האָט באַ אים אַראָפּגעריסן

די עפּאָלעטן אַזוי איבערגעשראָקן, אַז איך האָב אָנגעהויבן וויינען און בעטן דער מאַמען, אַז איך וויל מיר זאָלן פאָרן צו דער באָבען.

איך ווייס נישט, צי מיין געבעט האָט געהאָלפן, צי האָט די מאַמע שוין אַליין מורא געהאַט צו גיין שפּילן טעאַטער, אַז דער פּריסטאַוו זאָל ניט פּרואוון אַף אַנדערע אופנים זיך נוקם זיין אָן איר און בכלל זיינען דאָך שוין טאַטע-מאַמע געווען אַזוי מיד פון די וואַנדערונגען מיט דריי קינדער, וואָס איינס איז קלענער פון צווייטן, און אַ טאָג שפּעטער איז די מאַמע געגאַנגען צוזאַמען מיטן טאַטן, זיי האָבן זיך געזוימט עטלעכע שעה און ענדלעך זיינען זיי צוריקגעקומען פריילעכע, מען האָט זיך גענומען פּאַקן, דער טאַטע האָט נאָך געבראַכט געסט און מען האָט געמאַכט אַ לחיים, און ענדלעך זיינען מיר געזעסן אַף אַ גרויסער פור און צוויי פערד האָבן אונז געשלעפּט פון בערעזאָווקע צוריק קיין אדעס.

# פערטער קאַפּיטל:

משפּחה וויל אונז העלפן — מוסטער־זעקעלעך מיט „שטיך־פּראָבן“ — איך בין נישט מער קיין קינד — די מאַמע שפּילט פאַר אונז טעאַטער — דער טאַטע וויל פּאַרטרינקען די מורה שחורה — „אַף דער צייט“ — סאַבסאַי זינגט אין אַ קעלער און דער טאַטע פאַרלירט זיין פּאָסטן — פּרנסה פון טעלער — ישׂראליקל ווערט געבוירן און פעטער יאַסקע העלפט אונז — די באָבע ברענגט אונז מתנות — מען עפנט אונז אַ ברויט־געשעפט — איך טראָג געבעקסן אין גבירישע שטיבער — דער טאַטע באַרגט אוועק די ברויטלעך — פּישקינד, פינקל און בוכבינדער—איך ווער פאַרפרוירן — די מאַמע באַזוכט דעם ווייז־קעלער — די מייז בייסן אונז און מיר אַנטלויפן.

## משפּחה וויל אונז העלפן

איך ווייס נישט, צי די באָבע האָט אונז נישט געוואָלט אויפנעמען ביי זיך אין הויז, איך ווייס נאָר, אַז מיר זיינען אין אדעס פאַרפאָרן אין אַן אכסניה, דאָרט האָבן מיר זיך אויפגעהאַלטן עטלעכע טעג און עס איז שוין שיעור נישט געוואָרן אַזוי, אַז דער טאַטע זאָל ווידער גיין זוכן צונויפצושטעלן אַ טרופּע, ווייל עפּעס איז דער טאַטע געווען באַליידיקט און ער איז אַרומגעגאַנגען איבער דער שטוב אויפגערעגט און דאַסמאָל האָט די מאַמע אים געזוכט צו באַרואיקן.

דורך די עטלעכע טעג זיינען אָנגעגאַנגען פאַרהאַנדלונגען צווישן טאַטע־מאַמע און מיינע פעטערס און מומעס; איין מומע האָט מיך גע־פירט צו דער באָבען און די באָבע האָט מיך אויפגענומען זייער פיין, זי האָט מיר געגעבן טיי מיט וואַרעניע מיט פיינע קיכלעך און זי האָט מיך געקושט און קוקנדיק אַף מיר מיט באַדויערן, האָט זי אויסגערופן: — און אַזאַ קינד אַ גאָלד ווילן זיי אַריינשלעפּן אין אַ ציגיינער לעבן!...

ד באָבע האָט געוואָלט, אַז איך זאָל בלייבן ביי איר, אָבער איך האָב נישט געוואָלט בלייבן און איך האָב געזאָגט, אַז איך מוז אַכטונג געבן אַף שייקעלען און פאַניטשקען און די באָבע האָט מיך ווידער באַ־דויערט און זי האָט געזאָגט, אַז עס זאָל זי אפילו קאָסטן ווייס איך וואָס, וועט זי מער נישט דערלאָזן, אַז מיר זאָלן זיך אַרומשלעפּן נע־ונד.

ווען איך בין צוריקגעקומען אין אכסניה, האָב איך דאָרטן געטראָפן

די צוויי פעטערס, דער מאמעס צוויי ברידער און יאסקע בוזינאָווער, דעם טאטנס שוואָגער און אַלע האָבן זיי פאַרזיכערט, אַז זיי וועלן שאפן פאַרן טאטן אַ גוטן פּאָסטן און עס וועט אים זיין וואויל ווי די וועלט.

און אַז זיי האָבן צוגעזאָגט, האָבן זיי געוואוסט וואָס זיי זאָגן.

דער מאמעס צוויי ברידער זיינען דעמלט געווען אָנגעשטעלט בא דער פירמע דרייפוס, איינער פון זיי איז געווען אַ גאָר גרויסער באַאַמטער און דעם טאטנס שוואָגער איז געווען אדמיניסטראַטאָר פון דרייפוסעס מאַגאַזינען און זיי, אַז זיי ווילן, און איבערהויפּט דער מאמעס ברודער, וועלכער איז געווען אַ גאַנצער אָנפירער בא דער פירמע, מעג זיך שוין דער טאטע פאַרלאָזן, אַז ער וועט האָבן אַ גוטן פּאָסטן.

די באבע און די פעטערס האָבן זיך צונויפגעלייגט און מען האָט פאַר אונז געדונגען אַ דירה און אַריינגעשטעלט מעבל און נאָך עטלעכע טעג זיין אין אכסניה, זיינען מיר אַריבער אין אַ גאַנץ שיינער דירה און אַ פּאָר טעג שפּעטער, האָט דער טאטע שוין באַדאַרפט גיין אַף זיין פּאָסטן צו דער פירמע דרייפוס, וואָס דער פעטער האָט אים געגעבן.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער פעטער אַליין האָט בא דער פירמע געהאַט צו זאָגן וועגן צונעמען אָדער אָפּזאָגן אָן אָנגעשטעלטן און דער פעטער האָט טאַקע דעם טאטן געגעבן אַ גוט-באַצאָלטן פּאָסטן מיט לייכטע אַרבעט, ער האָט בלויז באַדאַרפט אָנפילן די מוסטער זעקעלעך מיט די „שטיך-פּראָבן” וואָס ער האָט באַדאַרפט אַרויסנעמען פון די זעק תבואות וואָס זיינען אָנגעקומען אין די מאַגאַזינען.

עס האָט אויסגעזען, אַז טאטע-מאמע זיינען צופרידן פון דעם איבער-בייט אין לעבן, וואָס זיי האָבן געמאַכט, ווייל אַף שבת האָט דער טאטע איינגעלאדן די באבע און די פעטערס און מומעס צו אונז אין שטוב, עס איז געווען זייער פריילעך, זיי האָבן בא אונז גאַנץ אַנדערש פאַרבראַכט ווי אין די ווייטע שטעט און שטעטלעך, ווען די אַקטיאָרן זיינען געקומען צו אונז אין שטוב... דאָ איז געווען אַ גאַנץ אַנדערע פריילעכקייט און די מומעס האָבן מיך געקושט און איין מומע האָט זיך אפילו צעוויינט און איך האָב געהערט ווי זי זאָגט צו אַ צווייטער מומע — און אַזעלכע גאָלדענע קינדערלעך וויל מען דאָס אומגליקלעך מאַכן אַפן גאַנצן לעבן...

צום ערשטן מאָל אין מיין לעבן איז עס געווען, וואָס די מאמע איז אַ לענגערע צייט געווען מיט מיר אינדערהיים, איך האָב איר געהאָלפן אין דער באַלעבאַטישקייט און איך האָב זיך אָנגעהויבן פילן ווי אַ קינד פון באַלעבאַטישע עלטערן.

# איך בין נישט מער קיין קינד

מעגלעך, אַז ביי באַלעבאַטישע היימזיצערישע עלטערן, איז אַ קינד פון אַכט יאָר נאָך אַ קינד. איך בין בא מיין אַכט יעריקן עלטער שוין געווען אַ גאַנצער מענטש.

אמת, איך בין געווען זייער נאַאיוו און לייכטגלויביק, אָבער מיט מיין נאַאיוויטעט און לייכטגלויביקייט בין איך ביז צום היינטיקן טאָג געבליבן ווי אַ קינד.

אַלס אַכט יעריק מיידל בין איך שוין געהאַט אויסגעווען אַ וועלט. מיט דער מאַמעס מילך האָב איך שוין איינגעזויגן אין זיך דעם שטענדיקן רייזע־פיבער און דאָס פלוצימדיקע בלייבן אַף אַ פלאַץ איז מיר אויסגעקומען אַזוי מאָדנע, אַז איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אין חלום און וואָס איך האָב נישט געטאָן, האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז נישט איך טו עס נאָר עפּעס עמיץ, אַן אַנדערער טוט עס פאַר מיר...

און געטאָן האָב איך אַ סך. איך בין מער געוואוינט געווען אומצוגיין אַרום די קינדערלעך ווי די מאַמע און איך בין געוואָרן די פאַקטישע ניאַניע זייערע און חוץ דעם האָב איך געהאָלפן דער מאַמען וואַשן און ראַמען און מיט אונזער באַזעצן זיך אַף אַ פלאַץ איז מיר פאַקטיש מיט גאָרנישט בעסער געוואָרן אויסער מיט דעם, וואָס איך האָב ווי אַנדערע קינדער, געהאַט די מאַמען נעבן זיך.

איך בין נישט געווען מער קיין קינד. איך האָב שוין פאַרשטאַנען און געפילט, אַז דער טאַטע האָט געבראַכט אַ גרויסן קרבן מיט זיין אָנעמען אַ פאָסטן און פאַרבלייבן אַף אַן אָרט און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דעם קרבן האָט ער געבראַכט צוליב זיין ליבע צו דער מאַמען און איך האָב אויך פאַרשטאַנען, אַז דעמזעלבן קרבן האָט אויך די מאַמע געבראַכט און די מאַמע האָט געבראַכט דעם קרבן צוליב אונז, צוליב די קינדער.

נישט איינמאָל האָט זיך אין מיר מיין הערצל אַ צאַפּל געטאָן פון צער, ווען איך האָב געזען ווי די מאַמע גיט זיך פלוצלינג אַ שטעל אַוועק פאַר אונז, איך האַלט פאַניטשקען אַף די הענט און שייקעלע שטייט נעבן מיר, און די מאַמע שטעלט זיך אַוועק אין אַ פּאָזע אַזוי ווי איך האָב זיך אָפט געזען אַף דער בינע און זי שפּילט פאַר אונז אָפּ אַ סצענע, און זי זינגט אונז איינס פון די לידער, פאַר וועלכע דאָס פּובליקום האָט איר געפּלעגט אַזוי שטאַרק אַפּלאָדירן. מיין הערצל האָט זיך דעמלט אין מיר געצאַפּלט פון וויטיק, איך האָב געפילט ווי שטאַרק דער מאַמען בענקט זיך און ווי שטאַרק זי וואָלט ווידער געוואָלט אויפטרעטן ערגיץ אַף אַ בינע.

נאָך אַזעלכע סצענעס האָב איך זיך געפּלעגט פאַרקלויבן אין אַ ווינקל און איך האָב זיך גוט אויסגעוויינט.

עס האָט אונז דעמלט אינדערהיים גאָרנישט געפעלט, ברויט איז געווען צו דער זעט, עס האָט אויך נישט געפעלט אַף אַ קליידל און אַ שיכל און ווען מיר זיינען געזעסן באַם טיש און געגעסן, האָט עס אויסגעזען, אַז טאַטע-מאַמע זיינען צופרידן פון דעם קרבן, וואָס זיי האָבן געבראַכט, אָבער דאָס זיינען נאָר געווען מאָמענטן אַזעלכע פון צופרידנקייט, וואָס האָבן דערנאָך נאָך מער פאַרשאַרפט די בענקשאַפט און איך האָב געזען און געפילט, אַז נישט נאָר איך גיי אַרום ווי אין חלום, נאָר אויך טאַטע-מאַמע גייען אַזוי אַרום, זייריידן צווישן זיך גאַנץ ווייניק, נאָר ווען דאָס שווייגעניש הויבט שוין אָן שטאַרק מוטשען די געמיטער, גייט דער טאַטע צו צו דער מאַמען, נעמט זי אַרום און גיט איר אַ קוש און איך זע טרערן אין זיינע אויגן און ער שווייגט ווייטער, נאָר די מאַמע וויל פאַרטרייבן די שווערע שטימונג און זי גיט אַ רוף אויס: — יהודיתל, גיב די קינדער אַ ביסל מילך און פאַרגעס נישט אָן זיך!...

און מיר האָט זיך דעמלט אויסגעוויזן, אַז דאָס רופט זי אַזוי אויס, כדי צו ווייזן דעם טאַטן, אַז עס איז ווערט געווען דער קרבן, אַז צוליב מילך פאַר די קינדער, דאַרפן טאַטע-מאַמע אַלעס טון.

און גאַנץ אָפט, ווען איך האָב זיך פאַרקליבן אין מיינס אַ ווינקל, האָב איך געטראַכט, אַז טאַטע-מאַמע האָבן נישט באַדאַרפט קומען קיין אדעס. איך האָב נאָך אפילו גוט געדענקט די שווערע צייטן, וואָס מיר האָבן אין משך פון לעצטן יאָר וואַנדערונגען איבערגעלעבט, אָבער עס איז דאָך אַלעמאָל געווען אַזוי פריילעך אין שטוב און עס זיינען געקומען אַקטיאָרן און מען האָט געזונגען און געלאַכט און דערציילט מעשה׳לעך טראַכטנדיק וועגן דעם, האָב איך בײַ זיך אַליין געפרעגט, צי האָט זיך גאָר געלוינט קומען קיין אדעס און מאַכן אַזאַ טאַראַראַם, אַז די משפחה מאַכט אונז גליקלעך...

## דער טאַטע וויל פאַרטרינקען די מרה-שחורה

די לעצטע פראַגע, צי עס האָט זיך געלוינט קומען קיין אדעס און מאַכן אַזאַ טאַראַראַם אַז די משפחה מאַכט אונז גליקלעך, האָט אויך אָנגעהויבן פרעגן דער טאַטע, און עס קאָן זיין, אַז די מאַמע האָט זיך אויך געשטעלט די זעלבע פראַגע, נאָר זי האָט זי נישט אַרויסגעבראַכט, נאָר שטיל געליטן אין זיך.

אין זעלטענע פאַלן האָבן מיר אויך געהאַט פרייעלעכע מינוטן; דאָס איז געווען ווען דער טאַטע איז געקומען פון די מאַגאַזינען און ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך די שפּיז מיט וועלכער ער האָט אַרויסגעשלעפּט די „פּרובקעס" פון די זעק תבואות און ער האָט געוויזן דער מאַמען אין וואָס זיין אַרבעט באַשטייט און ער האָט גענומען מאָלן, ווי אַזוי די אַרבעט זעט אויס, ווי עס שטייט אַ וואָגן אָנגעלאָדעוועט מיט זעק און ער שטעכט אַריין די שפּיז אין יעדן זאַק, שלעפּט אַרויס אַ ביסל מעל אָדער קוקורוזע און שיט עס אַריין אין אַ זעקעלע; דאָס איז די אַרבעט וואָס זיידל ציפּעס טוט יעדן טאָג און פאַר דעם צאָלן די יאָלדן אַזויפיל געלט!...

און איך האָב מיטגעלאַכט מיטן טאַטן און מיט דער מאַמען און אפילו שייקעלע האָט געלאַכט און עס איז געוואָרן פרייליך אין שטוב, אָבער לאַנג האָט די פרייליכקייט נישט אָנגעהאַלטן, ווייל פּלוצלינג האָט זיך דער טאַטע אַ שטעל אָוועקגעגעבן און אויסגערופן: — און אַזוי וועל איך מוזן שטיין מיטן שפּיזל טאָג איין טאָג אויס אַ גאַנץ לעבן, כּדי צו קענען זיין אַ יאָלד ווי אַלע יאָלדן!...

נאָך אַזעלכע סצענעס איז געוויינלעך געקומען אַ נערוון-אויסברוך דער טאַטע האָט אָנגעהויבן זידלען דעם צאַר פאַר זיין גזירה קעגן אידיש טעאַטער, ער האָט געזידלט די גאַנצע וועלט און זיך אַליין און אפילו גענומען זיך שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ, ביז ער האָט אויסגעשריגן:
— איך קאָן נישט מער! און ער איז אַרויס פון שטוב.

ווען ער איז שפּעט באַנאַכט צוריקגעקומען, איז ער געווען פרייליך, ער האָט געזונגען אָדער געפייפט אַ טעאַטער-לידל און ליגנדיק אין בעט, האָב איך געזען, ווי דער טאַטע קאָן נישט איינשטיין אויף אַן אָרט און די מאַמע האָט אים געמוזט צופירן צום בעט און העלפנדיק אים אויסטאָן די קליידער, האָט זי שטיל געשעפּטשעט: — שוין זיך גענומען צום ביטערן טראָפּן... זיידל, באַזין זיך, וואָס וועט זיין דער סוף?...

איינמאָל, ווען דער טאַטע איז געקומען באַנאַכט אַ שיכורער און די מאַמע האָט זיך צעוויינט, האָט ער זי אַרומגענומען און אָנגעהויבן צערטלען, גלעטן און קושן און ער האָט זיך גענומען בעטן בײַ איר: — זיי מיר מוחל, איטעלע, איך ווייס, אַז דו לייז דסט נישט ווייניקער פון מיר, דערמאָן זיך נאָר, וואָס פאַראַ קאַריערע דו האָסט געקענט דערגרייכן אַלס קינסטלערין, און וואָס האָבן זיי פון דיר געמאַכט... איטעלע... דו זעסט דאָך, איך קאָן אַזוי נישט אויסהאַלטן, איך וועל צעפּלאַצט ווערן!...

דער טאַטע האָט זיך גענומען שלאָגן מיט די פויסטן אין קאָפּ און איך האָב אים נאָך קיינמאָל נישט געזען אַזוי וויינען ווי דעמלט. די

מאַמע האָט אים גענומען באַרואיקן — וועסט זען, זיידל, עס וועט אונז נאָך זיין גוט, מען מוז האָבן געדולד, דו ווייסט דאָך, איך בין שוין באַלד אויף דער צייט... מען מוז דאָך איבערקומען...

איך האָב שוין געוואוסט, וואָס דאָס מיינט „אויף דער צייט". איך האָב געדענקט, אַז איידער פאַני איז געבוירן געוואָרן, האָט די מאַמע אויך געזאָגט, אַז זי איז שוין „אויף דער צייט" און איך האָב שוין פאַרשטאַנען, אַז זיכער וועט באַלד געבוירן ווערן אַ ניי קינד און עפּעס האָבן מיר זיך אָנגעהויבן מישן פאַרשידענע געדאַנקען אין קאָפּ און ווען איך בין אַנשלאָפן געוואָרן, האָט זיך מיר געחלומט, אַז עס איז געקומען צו מיר אַ פּרינץ אין בעטלער-קליידער און ער האָט מיר אַנגעטאָן אַ גאָלדן שיכעלע און ער האָט מיר געגעבן אַ סך אַ סך גאָלדענע צען-רובלדיקע און איך האָב גענומען דאָס גאָלד און אריינגעשאָטן אין מיין גרויסן וואָלענעם טוך, עס איז געווען אַ פולער טוך מיט גאָלדענע צען-רובלדיקע און איך האָב דאָס צוגעטראָגן צום טאַטן און געזאָגט: — טאַטעלע, זאָרג נישט, דו האָסט אַ סך געלט און דו דאַרפסט מער נישט טרינקען, עס וועט אונז שוין גאָרנישט פעלן...

נאָך דעם חלום זיינען אין אונזער שטוב געקומען וויטערדיקע שווערע, שווייגזאַמע און מרה-שחורהדיקע טעג און דער טאַטע איז כסדר געלאָפן פון שטוב כדי צו פאַרטרינקען זיין מרה-שחורה...

## סאַבסאַי זינגט אין אַ קעלער און דער טאַטע פאַרלירט זיין פּאָסטן

אין יענער צייט האָט זיך דער טאַטע דערוואוסט, אַז סאַבסאַי איז געקומען קיין אדעס און ער זינגט אין אַ וויין-קעלער.

דער טאַטע איז געגאַנגען אים זען און זייט דעמלט האָט דער טאַטע יעדן טאָג געהאַט צו דערציילן דער מאַמען עפּעס נייעס.

די מאַמע איז זייער נייגעריק געווען, וואָס עס איז געוואָרן פון סאַבסאַיס ליבע צו דער קאַבאַרעט-זינגערן און דער טאַטע האָט איר דערציילט, אַז זי איז מיטגעקומען מיט אים קיין אדעס, און ער האָט מיט איר חתונה געהאַט און זי האָט געשפּילט מיט אים טעאַטער און עס איז אַוועק שלעכט, — דאָ האָט דער טאַטע אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט: — זיי האָבן דען אַזעלכע אַקטריסעס ווי איטע פויגל? — זינגט ער דאָ אין דעם וויין-קעלער און זיין ווייב זיצט אינדערהיים און ער ברענגט איר פּרנסה פון די טעלער...

וואָס דאָס מיינט אַזוינס פּרנסה פון די טעלער, האָב איך נישט גע-

וואוסט, ביז איינמאָל האָט מיך דער טאַטע מיטגענומען אין קעלער און איך האָב געזען ווי סאַבסאַי האָט געגעבן קאָנצערט, ווי ער האָט גע־שפּילט סצענקעס און געזונגען לידער און דערנאָך האָט מען געוואָרפן מטבעות און אפילו גאַנצע רובלדיקע אַף אַ טעלער. איך געדענק נישט צי סאַבסאַי איז אַליין אַרומגעגאַנגען מיטן טעלער זאַמלען, צי עמיץ האָט עס געטאָן פאַר אים, איך געדענק נאָר, אַז איך האָב געזען ווי ער האָט אַראָפּגענומען פון טעלער צוערשט די פּאַפּירענע רובלדיקע און דערנאָך האָט ער די מטבעות אַריינגעשאָטן צו זיך אין קעשענע און איך האָב שוין געוואוסט וואָס דאָס מיינט אַזוינס פּרנסה פון טעלער...

דער טאַטע האָט אָנגעהויבן יעדע נאַכט גיין אין וויין־קעלער צו סאַבסייען און ווען ער איז אַהיימגעקומען אַ באַטרונקענער, האָט ער געהאַט טענות צו דער גאַנצער וועלט, פאַרוואָס עס איז אַזאַ פּאַסקודנע וועלט, וואָס דערלאָזט, אַז אַזעלכע קינסטלער ווי איטע און ער זאָלן מוזן אָפּבידעווען אַ וועלט ווי אַלע באַלבעסלעך פון אַ גאַנץ יאָר און וואָס אַזאַ סאַבסאַי מוז אויסרייסן דעם גאָרגל אין אַ וויין־קעלער פאַר שיכורים, נו, איז דאָס אַ וועלט?...

איינמאָל איז דער טאַטע געקומען און אויסגערעכנט, ווער עס גע־פינט זיך אַלץ היינט אין אדעס און ער האָט אויפגעוויזן, אַז מען וואָלט מיט זיי געקאָנט צונויפשטעלן די בעסטע טרופּע,נאָר די מאַמע האָט אים דערמאָנט אין וואָס פאַר אַ צושטאַנד זי געפינט זיך און דער טאַטע איז שטיל געבליבן. ער האָט זיך אַרומגעדרייט אין שטוב און נערוועז גע־קלאַפּט מיט די פינגער אין די פענסטער־שויבן.

מיט דעם גיין יעדע נאַכט אין דער וויינשענק, האָט דער טאַטע אָנגעהויבן פאַרנאַכלעסיקן די פרימאָרגנס, ער האָט זיך כסדר מער פאַרשפּעטיקט צו דער אַרבעט און איינמאָל האָט ער אפילו פאַרגעסן דאָס „פראָבע־שפּיזל" אינדערהיים און ער האָט געמוזט צוריקומען און ער האָט געשאָלטן און געשריגן, אַז דאָס שפּיזל וועט ער זיך נאָך סוף כל סוף אַריינשטעכן אין אייגענעם האַרץ און די מאַמע האָט געשריגן אַז ער זאָל זיך אָפּבייסן די צונג און נישט ריידן אַזעלכע ווערטער און אַזוי האָט עס געדויערט אַ קורצע צייט, ביז עס האָט מער נישט געהאָלפן דער גוטער ווילן פון מיין פעטער, אַז דער טאַטע זאָל האָבן דעם פּאָסטן, מען האָט דעם טאַטן אָפּגעזאָגט און ער איז געבליבן אינדערהיים.

די מאַמע איז אפילו געלאָפן צו איר ברודער, זי האָט געפּרוּווט ווירקן, זי האָט דערמאָנט אין וואָס פאַראַ צושטאַנד זי געפינט זיך, אָבער וועגן בלייבן אַפן פּאָסטן האָט אפילו נישט געקענט זיין קיין רייד, זיי האָבן בלויז צוגעזאָגט, אַז זיי וועלן אונז נישט לאָזן פאַלן און מיט דעם

האָט זיך עס געענדיקט און מיר זיינען דערוויייל געבליבן אָן מיטל צום לעבן.

## ישׂראליקל ווערט געבוירן און דער פּעטער יאָסקע העלפט אונז

די באָבע האָט געמוזט זייער שטאַרק ברוגז זיין אויפן טאַטן פאַר זיין פאַרנאַכלעסיקן דעם פּאָסטן, ווייל אפילו, ווען די מאַמע איז אַ קורצע צייט שפּעטער געלעגן אין קימפּעט, האָט זי אויך נישט געוואָלט קומען צו אונז. נאָר דאָ האָט זיך דער פּעטער יאָסקע בוזינאָווער אַריינגעלייגט צו מאַכן שלום און ערשט צום ברית האָט עס זיך איינגעגעבן.

דעם פּעטער יאָסקע האָט מען גערופן יאָסקע ליטוואַק און עס מעג דאָ דערמאָנט ווערן, אַז ער איז געווען אַ גרויסער בעל-צדקה נישט נאָר פאַר זיינע אָרימע פאַמיליאַנטן נאָר אפילו פאַר פרעמדע, און זיין נאָמען האָט געשמט אין אָדעס אַלס גרויסער חכם און מיט אַן אָפענער האַנט.

דעם פּעטער יאָסקע האָט זיך איינגעגעבן צו איבערצייגן די באָבען, אַז פּונקט ווי עס פּאַסט איר נישט צו האָבן אַ טאָכטער אַן אַקטריסע, אַן אַרומשלעפּערקע, אַזוי פּאַסט אים אויך נישט צו האָבן אַ שוואָגער אַן אַקטיאָרשטשיק, אַ שלעפּער און אויב מען וויל פאַרהיטן, אַז זיי זאָלן נישט מוזן ווידער אַריינפאַלן אין דעם **ברויט**, מוז מען זיך מיט זיי אומ-גיין ווייך און העלפן זיי מיט וואָס נאָר מעגלעך.

האָט די באָבע טאַקע אויסגעפאָלגט די עצה פון פּעטער יאָסקע און זי איז געקומען צום ברית און מיטגעבראַכט מתנות, ווינדעלעך און יאַ-קעלעך פאַרן ניי-געבוירענעם נפשל און קליידעלעך מיט זעקעלעך פאַר מיר מיט שייקעלען און פאַר פאַניטשקען אַזאַ קויש אין וועלכן קינדער לערנען זיך גיין.

דער ברית איז דורכגעפירט געוואָרן זייער פריילעך; דעם קינד האָט מען אַ נאָמען געגעבן ישׂראליקל און ערשט באַם ברית האָב איך געזען, אַז מיר האָבן אַ גרויסע משפּחה אין אָדעס און איך האָב דעמלט באַקו-מען אַ סך מתנות און מטבעות פון זיי.

דער פּעטער יאָסקע איז געווען סנדק און ער האָט דערפאַר איינגעאָ-אָרדנט די גאַנצע סעודה און אַלע פון די קרובים האָבן זיך באַמיט דעם טאַטן מקרב צו זיין, האָפנדיק, אַז דאָס וועט אים אַרויפפירן אויפן דרך-הישר.

די מאַמע, וואָס געוויינלעך אויף די רייזעס, האָט זי געפלעגט עטלעכע טעג נאָך אַ „האָבן" צוריקגיין אויף דער בינע און שפּילן טעאַטער, האָט זיך דעמלט געפילט ערגער און זי איז נאָך בעתן ברית געלעגן אין בעט

און מומעס זיינען געזעסן אַרום איר און געליבט איר שיינקייט און זי געטרייסט, אַז מען וועט זי מיט די קינדערלעך נישט לאָזן פאַלן און זאָל זי נאָר געזונט ווערן, וועט שוין אַלעס גוט זיין.

באמת, די מאַמע איז טאַקע געווען זייער שיין. דורך דער צייט, ווען מיר זיינען געווען אין אַדעס, האָט זיך די מאַמע צעבליט און קליין ווי זי איז געווען און שלאַנק האָט זי בא אירע 26 יאָר אויסגעזען ווי אַ מיידעלע פון אַ יאָר זעכצן און קיינער וואָלט נישט געגלויבט, אַז זי איז שוין אַ מאַמע פון פיר קינדער.

באַלד נאָכן ברית איז דער פעטער יאָסקע יעדן טאָג געווען בא אונז צוגאַסט, ער האָט געזען, אַז אין שטוב זאָל גאָרנישט פעלן און ער האָט זיך דורכגעשמועסט מיט דער מאַמען, וואָס פאַר אַ געשעפט עס וואָלט איר בעסער געפעלן.

דער פעטער האָט צוגעזאָגט העלפן אַף אַ פּראַקטישן אופן און אין זיינע שמועסן האָט ער זיך באַקלאָגט, אַז כאָטש עס איז דאָך זיין ווייבס ברודער, פונדעסטוועגן האָט ער מורא זיך צו פאַרלאָזן אַף אים און ער וואָלט געוואָלט עפּעס צוטראַכטן פאַר אונז אַ פּרנסה, וואָס זאָל נישט איינשטיין בלויז באַם טאַטן אין די הענט.

## מען עפנט אונז אַ ברויט-געשעפט

עס האָט נישט לאַנג געדויערט און דער פעטער איז געקומען צו גיין מיט אַ בשורה, אַז ער האָט געפונען.

ער וויל האָבן, האָט דער פעטער געזאָגט, אַז דער טאַטע וועט אָפּהיטן דאָס געשעפט, און טאָמער נישט, טאָמער וועט ער עס צוביסלעך פאַרנאַכלעסיקן אַזוי ווי זיין פּאָסטן, וועט עס די מאַמע קענען צוהאַלטן און גאָט וועט העלפן און עס וועט זיין פּרנסה.

דאָס געשעפט, וואָס דער פעטער האָט געהאַפּט, אַז דער טאַטע וועט עס נישט פאַרנאַכלעסיקן און די מאַמע וועט עס קענען צוהאַלטן, איז געווען אַ ברויט-געשעפט צוזאַמען מיט אַ דירה.

דאָס געשעפט האָט זיך געפונען אין אַ געגנט, וואו עס זיינען פאַראַן פאַבריקן און עס האָט געקענט געבן גאַנץ גוטע אויסזיכטן אַף פּרנסה.

עס קאָן זיין, אַז דער פעטער האָט פאַר אונז ספּעציעל אָפּגעזוכט אַ געשעפט פון ברויט, כדי עס זאָל קודם נישט אויספעלן קיין ברויט אין שטוב און עס האָט די ערשטע צייט טאַקע נישט אויסגעפעלט, די מאַמע האָט אַלעס געטאָן כדי עס זאָל נישט אויספעלן, זי האָט אפילו פאַרבויגן איר שטאָלץ און אַליין אָפּגעטראָגן די געבעקסלעך צו רייכע פאַמיליעס

און עס האָט נישט געפֿעלט דער טאָג, אַז זי זאָל נישט צוטראָגן אַ קוישל געבעקס צום פֿעטער יאַסקע און עס קאָן זיין, אַז די מאַמע וואָלט זיך שוין יאַקאָש געווען צוגעוואוינט צו אַזאַ לעבן, ווען עס וואָלט נישט געווען אָנגעקומען אַזאַ שווערער ווינטער.

קיין בעקערייַ איז בא אונז נישט געווען. מען האָט נאָר צו אונז געבראַכט די ברויטן און זעמל פֿון אַ בעקערייַ און בא אונז אין געשעפֿט און נאָך מער אין דער שטוב, איז געווען אַזוי קאַלט, אַז מיר האָבן עס פּשוט נישט געקענט איבערטראָגן.

ווען איך דערמאָן זיך אָן אונזער דעמלסדיקער דירה, ווערט מיר נאָך היינט קאַלט אין אַלע אבֿרים. איך ווייס נישט ווי אַזוי דאָס איז געווען און צי איז דאָרט בכלל געווען אַ וואוינונג צי איז עס געווען אַ מין קאַמער, נאָר מיר האָבן זי געמאַכט פֿאַר אַ וואוינונג, איך געדענק נאָר, אַז אין דער שטוב איז נישט געווען קיין אויוון נאָר אַן אַריינגעשטעלט קליין קיכל, וואָס האָט די שטוב נישט געקענט אָנוואַרימען און איך געדענק ווי די מאַמע האָט אונז געוואַרימט מיט דעם הויך פֿון איר אָטעם און זי האָט געוויינט...

דער טאַטע איז דעמלט גאַנץ ווייניק געווען אין שטוב. ער האָט אפֿילו אָנגעהויבן פֿעלן צום מיטיק און די מאַמע האָט געזאָגט, אַז ער עסט שוין אודאי ערגיץ מיט זיינע חבֿרים. יעדע נאַכט איז ער אַהיימגעקומען גאַנץ שפּעט אַ האַלב אָדער גאַנץ שיכורער און ווען די מאַמע האָט אים אָנגעהויבן פֿאַרוואַרפֿן, האָט ער זיך אָנגעהויבן שלאָגן מיט דער פֿויסט אין האַרצן און געשריגן, אַז ער מוז אַזוי, ווען נישט וועט ער פּלאַצן, ער וועט נישט אויסהאַלטן צוזעענדיק ווי אַזוי אַ בריליאַנט וואַלגערט זיך אין בלאָטע און ווי אַזוי מיר מוטשען זיך דאָ אין שמוץ און ווערן פֿאַרפֿרוירן פֿון קעלט.

די מאַמע האָט, ווייזט אויס, מיטגעפֿילט דעם טאַטנס ווייטיק, ווייל זי האָט אים שוין מער נישט פֿאַרגעוואָרפֿן, זי איז שוין געלעגן אין בעט און געשוויגן און שטיל געוויינט און דערטאַטע איז ערשט צוגעגאַנגען און זי גענומען גלעטן און בעטן זי זאָל נישט וויינען, ווייל זי ווייס דאָך יאָ פֿאַרוואָס ער טרינקט, ער וויל דאָך בלויז פֿאַרטרינקען דעם ווייטיק צוליב איר פּיין...

אוי, ווי איך האָב דעמלט מיט מיין יונג הערצל מיטגעפֿילט טאַטע-מאַמעס ווייטיקן!

אָבער וואָס האָב איך, אַ קינד, געקענט העלפֿן? וואָס איך האָב געקענט, האָב איך דער מאַמען מיטגעהאָלפֿן כדי איר צו פֿאַרלייכטערן די אַרבעט. איך האָב געוואַשן, געראַמט, געוויגט פּאַניטשקען און איבער-

געוויקלט ישראַליקלען און אכטונג געגעבן אַף שייקעלען אַז ער זאָל נישט אַרומלויפן אינדרויסן און אַז אַ פּור זאָל אים חלילה נישט איבער־פאָרן און מיט דעם אַלעם האָט זיך מיר נאָך אַלץ אויסגעוויזן, אַז איך טו נאָך ווייניק און איך האָב אויך אָנגעהויבן העלפן דער מאַמען צע־טראָגן די געבעקסן אין די גבירישע שטיבער.

איך האָב אָפּגעטראָגן אין די גבירישע שטיבער אַזעלכע פיינע פאַרשידנאַרטיקע געבעקסן, וואָס זעלטן ווען האָט זיך די מאַמע פאַרגונען אונז צו געבן כאָטש איינס פון זיי, סיידן עס איז געבליבן נישט פאַר־קויפט, דעמלט האָבן מיר געפּראַוועט אַ יום־טוב און די מאַמע האָט זיך אי געפרייט מיט אונזער פרייד און אי געקרעכצט, וואָס זי האָט דעם טאָג ווייניקער פאַרדינט, ווייל עס איז געבליבן סחורה...

איינמאָל האָט זיך דער פעטער יאָסקע געיאַוועט צו אונז אין געשעפט און די מאַמע האָט זיך באַקלאָגט פאַר אים, אַז די קינדער ווערן געפּרוירן, זי האָט אים אַריינגעפירט אין „שטוב" און אים געוויזן ווי מיר ליגן איינגעטוליעט איין קינד צום אַנדערן און מיר זיינען איינגעווי־קלט אין אַזויפיל שמאַטעס, אַז מיר קענען זיך קיין ריר נישט געבן; האָט דער פעטער זי געטרייסט, אַז לאַנג וועלן די קעלטן נישט אָנהאַלטן און די געשעפטן וועלן זיך אויך בעסערן און אויב עס וועט נישט גיין, זאָל זי זיך נישט זאָרגן, ער וועט שוין זען פאַר איר אַ געשעפט אַף אַ בעסערן פּלאַץ.

דער פעטער האָט פאַר אונז געקויפט עטלעכע פון די גוטע געבעקס־לעך, טאַקע געקויפט ביי דער מאַמען און כאָטש די מאַמע האָט נישט געוואָלט נעמען ביי אים קיין געלט, האָט ער עס אַוועקגעלייגט אַפן טיש און זיך געזעגנט, געזאָגט, אַז אַלץ וועט זיין גוט און ער איז אַוועקגע־גאַנגען.

## דער טאַטע באַרגט אַוועק די ברויטלעך

פונדעסטוועגן, זעענדיק אונזער מוטשעניש, האָט דער טאַטע אָנגע־הויבן בלייבן אינדערהיים, ער האָט געבעטן דער מאַמען זי זאָל בלייבן מיט אונז און ער וועט שוין באַדינען די קונים און ער האָט טאַקע אַרויסגעוויזן אַ גאַר גרויסע בריהשאַפט, ווייל בא אים איז קיינמאָל נישט געבליבן קיין איין ברויטל אָדער געבעקסל. נאָר וואָס דען קיין געלט איז אויך נישט געווען...

קונים פון גאַס האָבן זיך געכאַפּט, אַז דאָ אין געשעפט זיצט אַ גוטער מענטש און זיי האָבן זיך געיאַוועט וואָס אַמאָל מער און יעדער קונה

מיט אַן אַנדער אויסרייד, אַז מען האָט נישט איצט און מען איז הונגע־ריק און אַז קינדער זיינען אינדערהיים און אַז אָט־אָט, מאָרגן, איבער־מאָרגן וועט שוין זיין געלט און זיי וועלן באַצאָלן.

האָט דער טאַטע געגלויבט און געבאָרגט און איך געדענק איינעם אַזאַ פאַקט, אַז אַ פרוי איז אַריינגעקומען און געבעטן, אַז זי וויל פאַר־זעצן איר בלוזקע פאַר אַ ברויט. זי האָט אַף איר לייב גאָרנישט מער געטראָגן ווי דאָס בלוזקעלע און דאָ איז געווען אַזאַ קעלט, נו גיי היים איר אויסטאָן די בלוזקע און אויב זי וויל אויסטאָן די בלוזקע אין אַזאַ קעלט, מוז זי דאָך אודאי זיין גוט הונגעריק, טאָ ווי לאָזט מען זי דאָס אַרויס אָן אַ שטיקל ברויט?

האָט דער טאַטע איר געבאָרגט אַ ברויט, די פרוי האָט אים גע־בענטשט און די מאַמע האָט דערנאָך געשריגן, אַז דער טאַטע האָט רחמנות אַף אַנדערע און גיט זיי אוועק דאָס ברויט פון געשעפט און דערנאָך וועלן מיר אַליין נישט האָבן וואָס צו עסן. דער טאַטע האָט דעמלט אויך נישט געשוויגן, ער האָט געשריגן נאָך העכער, אַז ער קאָן נישט אַנדערש און, אַז פאַרברענט זאָל ווערן דאָס גאַנצע געשעפט און גאַנץ אדעם מעג ברענען און זאָל מען אים צורו לאָזן, ווייל ער וועט משוגע ווערן...

און דער טאַטע האָט זיך ווידער נישט געוויזן אין געשעפט, און ער האָט ווידער געפּעלט ביי אַ סך מיטיקער, און ער האָט ווידער אָנגעהויבן טרינקען און ער איז געקומען שפּעט באַנאַכט.

## פישקינד, פינקעל און בוכבינדער

איינמאָל איז דער טאַטע געקומען אַהיים אַ פריילעכער און ער האָט דערציילט דער מאַמען, אַז ער האָט געטראָפן אין ווייו־קעלער די אַר־טיסטן פישקינד, פינקעל און בוכבינדער; פישקינד זינגט דאָרט קופּלעטן און שפּילט סצענקעס און פינקעל און בוכבינדער זוכן עפּעס צו טאָן.

די דריי אַקטיאָרן זיינען אונז גוט באַקאַנט געווען, ווייל זיי האָבן געשפּילט צוזאַמען מיט מיינע עלטערן איבער פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך און דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז אָדער ער וועט זיי איינלאַדן אַהיים צו אונז, אָדער די מאַמע זאָל זיך אויסקלויבן אַף איין נאַכט און מיטגיין מיט אים אין ווייןקעלער.

הערנדיק וועגן איינלאַדן אַהיים, האָט די מאַמע אַזש אָנגעהויבן ציטערן פון אויפרעגונג און זי איז רויט געוואָרן ווי פון אַ טיפער פאַר־



רעכטס און לינקס: — סצענעס פון „קאַווקאַזער ליבע" אין וואַרשע 1923
זינאַ מיט פאול ברייטמאַן און וויערא קאַניעווסקי
אינדערמיט: — זינאַ אין אַ סצענע אַלס „דזשעקעלע בלאָפער"





**אויבן:** רעכטס — שייקעס פרוי, שבע; לינקס — פאַני ציפּקוס;
אינדעמיט — זינאַ און שייקע

**אונטן:** אינטערעסאַנטע סצענע פון דער פּיעסע „דער שוואַרצער
פּלעק" רעזשי מ. ליפּמאַן, וואַרשע 1922. — זינאַ מיט דוד
קייזערעוויטש (רעכטס) און פּעלאַ גאַרבאַרזש (לינקס)

שעמטקייט. — בעסער וויל איך עס נישט דערלעבן, איידער זיי זאָלן מיך דאָ טרעפן אין אַזאַ צושטאַנד; איטע פויגל זאָלן זיי דאָ טרעפן אין דעם וויסטן גרוב! גאָט מיינער!...

אָבער גיין אַהין אין זויין-קעלער האָט זי זיך אויך נישט געקענט באַשליסן ;זי האָט אָפן געזאָגט, אַז זי האָט מורא צו גיין אַהין, ווייל אַז מען זיצט אין כריין, טאָר מען נישט טראַכטן, אַז עס איז פאַראַן אַ זיסערער פּלאַץ און בעסער איז בלייבן זיצן וואו מען זיצט...

אָבער דער טאַטע האָט זי נישט אויפגעהערט מאַנען אַז זי זאָל גיין מיט אים און גראד האָט געטראָפן אַ פאַל, וואָס האָט דער מאַמען פאַר־שאַפט אַ סך פיין, און זי האָט ענדלעך באַשלאָסן צו גיין מיטן טאַטן אין ווייַן-קעלער, זען אירע פריינט פון דער בינע.

## איך ווער פאַרפרוירן און מען מוז מיך מונטערן

איך האָב נישט געקענט צוזען, ווי די מאַמע טראָגט יעדן אינדערפרי די קוישלעך געבעקסן צו די באַלעבאַטים און איך בין צוגעשטאַנען, אַז איך וויל צוהעלפן.

צוערשט האָט די מאַמע נישט געוואָלט, אָבער ווען איך בין שטאַרק צוגעשטאַנען, האָט מיך די מאַמע גוט אַרומגעהילט אין אַ שאַל פאַר־בינדן פון הינטן און זי האָט מיר געגעבן אַ קוישל מיט ברויט און געבעקסן, איך זאָל עס אָפּטראָגן צום פעטער יאָסקע.

אינדרויסן איז געווען אַ שטאַרקער פראָסט און, האַלטנדיק דאָס קוישל אַרומגענומען מיט ביידע הענט צוגעדריקט צו זיך, איז מיר אין גאַנצן קערפּער געווען וואַרים און איך האָב אפילו געשוויצט, נאָר די הענט זיינען פאַרפרוירן געוואָרן. איך האָב געפילט אַז די הענט ווערן מיר כסדר מער געפרוירן און איך האָב אָנגעהויבן שנעלער לויפן, ווייט איז עס אפילו נישט געווען, אָבער ביז איך בין אַהינגעקומען צום פעטער יאָסקעס הויז איז מיר שוין קאַלט געווען אין גאַנצן קערפּער און שוין זייענדיק נאָנט פאַרן הויז, האָב איך אָנגעהויבן וויינען.

עמיץ איז צוגעקומען און געפרעגט, פאַרוואָס איך וויין און אַנשטאַט ענטפערן האָב איך זיך שטאַרקער צעוויינט און וואָס ווייטער איז געווען געדענק איך נישט, איך ווייס נאָר, אַז די מאַמע האָט דערנאָך דערציילט אַז איך בין שיעור אינגאַנצן פאַרפרוירן געוואָרן און נאָר א נס, וואָס גוטע מענטשן האָבן מיך אָפּגעראַטעוועט, זיי האָבן מיר די הענט גע־ריבן מיט שניי און מיך אַהיימגעבראַכט אַ ניי-געבוירענע.

דעמזעלבן אָוונט, ווען דער טאַטע איז אַהיימגעקומען און ער האָט

זיך דערוואוסט, וואָס מיט מיר איז געשען, האָט ער זיך גענומען שלאָגן מיט די פויסטן אין האַרץ און געשריגן: — נו? האָט אונז די משפּחה נישט גוט פאַרזאָרגט? דו הערסט איטע, איך וועל עס נישט אויסהאַלטן!...

און צומאָרגנס איז די מאַמע מיטגעגאַנגען מיטן טאַטע אין וויין־קעלער.

## די מייז בייסן אונז און מיר אַנטלויפן

עס קאָן זיין, אַז דער איינער באַזוך אין וויין־קעלער וואָלט נאָך נישט געווען געווירקט אַף דער מאַמען, אַז זי זאָל שטיין לאָזן דאָס געשעפט מיט הכל־בכל און זיך ווידער לאָזן אַף דער מדינה נע־ונד און דערצו מיט פיר קינדער, וואָס איינס איז קלענער פון צווייטן.

אָבער צו דעם באַזוך אין וויין־קעלער האָבן נאָך צוגעשפּילט אַנדערע סבות, אפשר פיל וויכטיקערע, וואָס האָבן אונז פאַרמיאוסט דאָס לעבן און מיר וואָלטן גרייט געווען, לויט מיין מאַמעס דעמלסדיקן אויסדרוק, צו לויפן אפילו אין גהינום אַריין, אַבי פטור צו ווערן דאָס וויסטע געשעפט מיט דער וואוינונג.

די אַנדערע סבות זיינען געווען — מייז, שטשורעס.

ווען מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן אין דער דירה, האָט די מאַמע באַלד געזאָגט, אַז דאָ מוזן זיין אַ סך מייז און זי האָט טאַקע באַלד פאַר־גרייט סם און יאַקאַש האָט מען זיי פאַרטריבן.

אָבער וויזט אויס, אַז די מייז און די שטשורעס האָבן אָנגעהויבן ליידן קעלט אין זייערע נאָרעס און זיי האָבן זיך געיאָוועט צו אונז אין שטוב און זיי זיינען פּשוט געקראָכן צו אונז אין די בעטן און יעדע נאַכט איז ממש אויסגעבראָכן אַ פּאַניק, ווען עמיץ פון אונז האָט זיך אויפגעכאַפּט מיט אַ געוואַלט און מען האָט געמוזט מיט שטיקער העל־צער פאַרטרייבן די שטשורעס פון בעט.

איינמאָל ווען אַ שטשור האָט שייקעלען צעביסן ביז בלוט, איז דער געוואַלט אינמיטנדערנאַכט געוואָרן אַזוי גרויס, אַז אַ סך מענטשן זיינען זיך צונויפגעלאָפן און דאָס האָט שוין די מאַמע נישט געקענט אַריבערטראָגן, זי האָט אפצומאָרגנס שוין נישט געוואָלט עפענען דאָס געשעפט, זי איז געלאָפן צו דער באָבען און דער טאַטע איז אַוועק צו זיין שוואָגער דעם פעטער יאָסקע און זיי האָבן געזאָגט, אַז אָדער מען זאָל זיי העלפן זיי זאָלן קענען אַוועקפאָרן און לעבן אַזוי ווי זיי פאַר־שטייען, אָדער זיי וועלן זיך אַ מעשה אָנטאָן צוזאַמען מיט די קינדער...

די באָבע איז טאַקע געווען געגנוג רייך, אָבער זי האָט געהאַט אַ

פולע שטוב מיט קינדער און אייניקלעך פון אַ פאַרשטאָרבענער טאָכטער און אַריינעמען אונז צו זיך האָט זי נישט געקענט און ווידער האָט זיך דער פעטער יאָסקע בעראַטן מיט דער באָבע און עס איז באַ זיי געבליבן, אַז מיט זיידלען און איטען איז גאָרנישט צו מאַכן, זיי האָבן איבערגעגעבן זייער לעבן צום טייוול, זיי ווילן זיין נע־ונד, זאָל זיי גאָט העלפן.

מען האָט אונז צונויפגעשטעלט אביסל געלט אף הוצאות, און נאָך דעמזעלבן טאָג האָט דער טאַטע פאַרהאַנדלט מיט סאַבסאַיען, פיש־קינדן און פינקלען און מיר האָבן ווידער פאַרפאַקט אונזער ביסל אָרימקייט און מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן וואַנדערן אף נייע וועגן, זוכן אַ מעג־לעכקייט, וואו מען קאָן שפּילן אידיש טעאַטער.

# פינפטער קאַפּיטל:

מיר קומען קיין וויניצע — ליפּאָווסקי דער קופּלעטיסט — אַ שוואַרץ־קינצלער דאַרף אונז ראַטעווען — דער פּאַקוסניק באַקומט אַ דערלויבעניש — אַ מעשה מיט אַ קאַקעטקע — מען גיט צוריק דאָס געלט פאַר בילעטן — מען שפּילט פאַר איין מענטש — דער מאַלער פּאָלאַנסקי — איך לערן שרייבן און לייענען — מיר האָבן געביטן אונזערע נעמען — דער פּאַקוסניק ברוגזט זיך — איך הויב אָן בענקען — די ליכטיקע וועלט הינטערן פאָרהאַנג — ליכטיקע חלומות און טריבע — ווירקלעכקייט — מיר קומען קיין בריטשאַן און איך טרעט אויף.

## מיר קומען קיין וויניצע

ווען מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון אַדעס, זיינען מיר געפאָרן — ווי דער טאַטע האָט געזאָגט — וואו די אויגן וועלן אונז פירן...

מיר זיינען געפאָרן אינערגיץ־נישט און איבעראַל, אבי אַרויס פון אַדעס און ערשט אין וועג האָט מען אָנגעהויבן טראַכטן — וואוהין פאָרט מען און טראַכטנדיק, איז געבליבן, אַז מירן זיך אָפּשטעלן אין וויניצע.

צי וויניצע איז געווען אַ גרויסע שטאָט, דאָס געדענק איך נישט, ווייל מיר איז דעמלט אפילו נישט אויסגעקומען צו גיין אין גאַס אַריין. איך האָב געמוזט אַכטונג געבן אויף די קינדערלעך.

שייקעלע האָט זיך שוין געקענט אַליין זיין שטעטל באַשטיין און ווען ער איז געוואָרן הונגעריק, האָט ער געוואוסט זיך אַליין צו נעמען ברויט; אָבער פאַניטשקע און דער פּיצינקער ישראליקל, אויף זיי האָט מען געמוזט אַכטונג געבן און איך האָב זיך שוין געטאָרט פאַרלאָזן אויף שייקעלען אַז ער זאָל אים צו־וויגן, ווייל אַט האָט ער דאָס וויגל איבערגעקערט און ישראליקל איז אַרויסגעפאַלן און עס איז נאָך געווען מיט נסים, וואָס אים איז גאָרנישט געשען...

און כאָטש איך האָב אין וויניצע געמוזט זיצן אין שטוב, וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען און איך האָב געמוזט ניאַנטשען די קינדער פונקט ווי אין אַדעס, האָב איך אויך געפילט אַ צופרידנקייט, וואָס מיר זיינען אַוועק פון אַדעס.

איך קאָן נישט אויף זיכער פעסטשטעלן, צי איז עס געווען די פרייד וואָס איך דאַרף מער נישט אַרומטראָגן די געבעקסן, צי ווייל מיר זיינען

שוין פּטור געוואָרן פון די מייז, צי גאָר — ווייל טאַטע־מאַמע זיינען דאָ געווען פרייליכער און זייהאָבן גערעדט מיט אַזויפיל האָפענונג און יעדן טאָג האָבן זיך געיאָוועט צו אונז נייע מענטשן און מען האָט צוזאַמען געמאַכט פּלענער, איך געדענק נאָר, אַז אין ווינניצע האָב איך זיך גוט גע־פילט און פּונקט ווי טאַטע־מאַמע האָב איך אויך געזאָגט, אַז — איך וויל זיך אפילו נישט דערמאָנען אָן אדעס.

די נייע מענטשן, וואָס האָבן זיך צו אונז יעדן טאָג געיאָוועט, זיינען געווען אָדער אַקטיאָרן, אָדער ליבהאבער פון אידישן טעאַטער; קיינמאָל האָב איך נישט געהערט ריידן וועגן עפּעס אַנדערש, נאָר וועגן אידישן טעאַטער; איך האָב געהערט, ווי מען האָט געשאָלטן דעם פּריסטאוו און אַנדערע פון נאַטשאַלסטוואָ און איך פאַרשטיי היינט, אַז זיכער האָט מען דעמלט אַלץ געפּרואווט, אפשר וועט זיך לאָזן אונטערקויפן אַ „קנעפּל" און עס האָט זיך נישט איינגעגעבן.

די שטימונג בא אונז אין שטוב האָט שוין אָנגעהויבן פאַלן. די מאַמע איז געזעסן מיט אונז אינדערהיים, זי האָט איינגעשלעפּט די קינדער מיט טרויעריקע לידלעך און דער טאַטע האָט זיך שוין געפּלעגט לייגן אין בעט אַריין נישט אויסרייידנדיק קיין וואָרט צו דער מאַמען, און ווען די מאַמע האָט דערנאָך אָנגעהויבן שטיל וויינען, האָב איך געהערט ווי דער טאַטע קושט זי און ער טרייסט זי, אַז עפּעס וועט מען שוין טאָן און מען וועט זיי שוין ווייזן, אַז מיר זיינען קליגער פון זיי און מעגן זיי אַרויסגעבן גזירות, וועלן מיר זיך אויסלאַכן פון זיי און דוקא שפּילן אידיש טעאַטער.

אין איינער אַ נאַכט, ווען די מאַמע האָט בא ישראליקלס וויגל געזונגען אַ טרויעריק לידל און די טרערן זיינען איר גערונען פון די אויגן, איז אָנגעקומען דער טאַטע צוזאַמען מיט אַ גאַסט. שוין דער אַריינקום איז געווען אַ פריילעכער אָנזאָג און די מאַמע האָט זיך שנעל אויסגעווישט די אויגן און אויפגעשטאַנען צו באַגריסן דעם גאַסט.

## ליפּאָווסקי דער קופּלעטיסט

דער גאַסט וואָס איז אַריינגעקומען, איז געגאַנגען אָנגעטאָן אין אַ מיליטערישן מונדיר און אפן ערשטן אויגנבליק האָב איך זיך דערשראָקן, אָבער באַלד, ווען איך האָב געהערט, ווי ער רעדט אידיש פּונקט אַזוי ווי מיר און, ווען איך האָב געזען זיין פריילעך פּנים, האָב איך זיך אויפגע־הערט שרעקן, איך האָב זיך פאַרקליבן אין אַ ווינקל און מיט נייגעריקייט זיך צוגעהערט וואָס מען רעדט.

צוערשט האָט גערעדט דער טאַטע און דער גאַסט האָט נאָר פון צייט

צו צייט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט און כסדר געשמייכלט. דער טאַטע האָט דערציילט דער מאַמען, אַז דאָס איז דער באַקאַנטער קופּלעטיסט ליפּאָווסקי, ער קען אידיש און רוסיש, ער דינט היינט ביי פּאַניען און אַז ער וועט ווען, וועלן מיר שוין שפּילן אידיש טעאַטער...

און ליפּאָווסקי האָט געשמייכלט און געזאָגט, אַז ער וויל שוין פון לאַנג, נאָר עס איז דען געווען מיט וועמען?—אבי עס איז דאָ מיט וועמען, וועל איך זיך שוין אַזאַ נעם טאָן צו דער אַרבעט פּאַ נאַשאַמו, און איז מיין נאָמען נישט ליפּאָווסקי, אויב מיר וועלן דאָ נישט איבערקערן וויניצע מיט אונזערע פאַרשטעלונגען!...

דער טאַטע איז אַוועקגעלאָפן און געבראַכט אַ פלעשל בראַנפן, מען האָט געטרונקען לחיים, אָנגעגאָסן איינמאָל און נאָכאַמאָל און די מאַמע איז צוגעגאַנגען און צוגענומען דעם טאַטנס גלעזל פון אונטער דער האַנט און אויסגעגאָסן און דער טאַטע האָט זיך נישט געבייזערט, נאָר פאַרקערט, אַ קוש געטאָן דער מאַמען אין ליפּאָווסקיס אָנוועזנהייט און ער האָט געזאָגט ליפּאָווסקין, אַז אין אדעס, האָט זי אים נישט געשטערט נעמען אַן איבעריק גלעזל, ווייל זי האָט געוואוסט, אַז ער וועט צעפּלאַצט ווערן פון די טובות וואָס די משפחה האָט געטאָן פאַר אים... און די מאַמע האָט געשמייכלט און געבעטן דעם גאַסט ער זאָל טרינקען, נישקשה, אַבי דאָס גלעזל ווערט נישט דאָס וויכטיקסטע, טאָג מען אַריינכאַפּן; טאַטע־מאַמע האָבן לאַנג גערעדט און זיך געפרייט מיטן גאַסט און איך בין דער־ווייל איינגעשלאָפן אין מיין פאַרקליבענעם ווינקל.

אַפּצומאָרגנס נאָכמיטיק איז דער טאַטע ווידער געקומען מיט ליפּאָווסקין און מיט זיי איז געקומען נאָך אַ מענטש, איך האָב זיך צוערשט פאַר אים נאָך מער דערשראָקן ווי מיט אַ טאָג פריער פאַר ליפּאָווסקין אין מונדיר, אָבער דערנאָך האָט מיך דער מענטש נאָך שטאַרקער נייגע־ריק געמאַכט ווי ליפּאָווסקי און איך האָב אָנגעהויבן נאָכקוקן יעדע באַוועגונג זיינע.

דער נייער גאַסט האָט נישט גערעדט און נישט געשמייכלט, ער האָט זיך געהאַלטן זייער גרויס און דער טאַטע האָט אים פאַרגעשטעלט פאַר דער מאַמען, אַז דאָס איז דער גרעסטער שוואַרץ־קינצלער פון אונזער צייט, אַז ער איז נישט סתם אַ פּאָקוסניק, נאָר טאַקע אַ מענטש מיט אַ סך בילדונג, וואָס וויים ווי אַזוי צו פריטשמיעלען אַן עולם...

איך האָב נישט פאַרשטאַנען צי מיינט עס דער טאַטע אויף אַן אמת, צי זאָגט ער עס גלאַט אַזוי כדי יענעם הנאה צו טאָן, נאָר ערשט ווען מען האָט זיך אָנגעשמועסט און דער גאַסט איז אַוועק, האָט ליפּאָווסקי אויס־געשאָסן מיט אַ געלעכטער און געזאָגט, אַז דער טאַטע האָט זייער גוט

אים פאַרגעשטעלט און אַז אַט דער פּאַקוסניק, וועט שוין נישט רוען, ער וועט שוין באַקומען אַ דערלויבעניש און מיר וועלן שפּילן אידיש טעאַטער.

דער טאַטע האָט געלאַכט און די מאַמע האָט אויך געלאַכט און נאָך מער האָט מען געלאַכט, ווען דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז — הלואי זאָל מען כאָטש דורך דעם „שוואַרץ"־קינצלער קענען אַ דערלאַנג טאָן אַביסל „ווייסע" ריינע קונסט...

## דער פּאַקוסניק באַקומט אַ דערלויבעניש

די פרייד און די האָפענונג, וואָס ליפּאָווסקי האָט אַריינגעבראַכט צו אונז אין שטוב איז נאָך פאַרפילפאַכט געוואָרן מיטן צוזאָג פון פּאַקוסניק, אַז ער וועט שוין באַקומען אַ דערלויבעניש. דער פּאַקוסניק איז יעדן טאָג געקומען מיט ליפּאָווסקין און מען האָט גערעדט און מען האָט געהאַנדלט און עס איז געווען פריילעך אין שטוב. דער פּאַקוסניק האָט אפילו ווייניק גערעדט, נאָר זיינע באַוועגונגען זיינען געווען אַזעלכע מאָדנע, אַזוי ווי ער וואָלט נישט געווען קיין מענטש, נאָר אַ ליאַלקע מיט הענט אָף שפּרו־זינעס. דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ער קאָן מיט זיינע פלינקע באַוועגונגען אַרויסנעמען באַ יענעם די ווייסלען פון די אויגן און איך האָב כסדר גע־קוקט אַלעמען אין די אויגן צי עס פעלן נישט אַרוים די ווייסלען און אויך אין שפּיגל האָב איך געקוקט, צי איך האָב נאָך די ווייסלען אין די אויגן...

איינמאָל, געדענק איך, האָט דער פּאַקוסניק אַ פרעג געטאָן באַם טאַטן, ווי שפּעט עס איז און דער טאַטע האָט זיך געכאַפּט אַז עס פעלט אים דער זייגער. עס איז געוואָרן אַ שטיקל סומאַטאָכע, דער טאַטע האָט געזוכט אין אַלע קעשענעס, כאָטש ער האָט דעם זייגער אַלעמאָל געהאַט אין וועסטל־קעשענע, דער זייגער איז נישט געווען און דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז נישט אַנדערש, נאָר באַ ראַכמילן אין אכסניה האָט עמיץ באַ אים אַרוים־פאַרדינט דעם זייגער, און ער וועט טאַקע שוין אַהינלויפן, ער וועט נישט שווייגן און דער זייגער וועט אים מוזן זיין צוריק.

און דער טאַטע איז אויפגעשטאַנען און שוין געוואָלט אַרויסגיין, ווי די מאַמע האָט פלוצלינג אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער און אויסגעשריגן:
— וואו לויפסטו? דער זייגער איז דאָך דאָ!...

דער טאַטע האָט זיך ווי איבערגעשראָקן און ער האָט זיך אָנגעהויבן דרייען אין אַלע זייטן און געקוקט יעדן אין פּנים און איך האָב דערזען, אַז דער זייגער הענגט באַם טאַטן אָף די פּלייצעס...

וואָס דעמלט האָט זיך עס אַביסל אָפּגעטאָן באַ אונז אין שטוב! דער

טאַטע איז געלאָפן נאָך שנאַפּס און מען האָט געהוליעט. דעמלט האָב איך ערשט דורכגעפילט די גאַנצע פרייד פון צופרידנקייט, וואָס מיר זיינען אַוועק פון אדעס, ווייל קיינמאָל האָב איך אין אדעס נישט געזען מאַטע-מאַמע אַזוי פריילעך און קיינמאָל האָב איך אין אדעס נישט געפילט אַזוי גוט אַף מיין יונגן געמיט.

צו אונז אין שטוב האָבן זיך אָנגעהויבן יאַוועז נאָך אַנדערע מענטשן, מען האָט שוין אפילו אָנגעהויבן ריידן וועגן רעפּעטיציעס, אָבער דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז ווי לאַנג עס איז נישטאָ קיין זיכערקייט אַז מען וועט קענען אַ שפּיל טאָן, דאַרף מען נישט אַרבעטן און אַזוי האָט עס אָנגעהאַלטן אַ קורצע צייט, ביז דער טאַטע איז איינמאָל אַריינגעקומען אַ פאַרסאַפּעטער און מיט פרייד אָנגעזאָגט די בשורה, אַז דער פּאָקוסניק האָט באַקומען די דערלויבעניש און מען דאַרף מאַכן רעפּעטיציעס.

דער פּאָקוסניק האָט באַקומען די דערלויבעניש אַף וואריעטע פּראָג־ראַמען און דער טאַטע האָט זיך געפרייט, וואָס אַ דאַנק דעם פּאָקוסניק, וועט מען קענען אָפּנאַרן דעם צאַר און שפּילן אידיש טעאַטער.

דער טאַטע מיט ליפּאָווסקין זיינען אַרומגעלאָפן זוכן אַ סאַלאָן און זיי האָבן אָפּגעמאַכט מיט אַ קלוב, וואָס האָט געהאַט אַ גרויסן סאַלאָן און מען האָט זיך אָנגעהויבן גרייטן צו דער ערשטער פאָרשטעלונג.

## אַ מעשה מיט אַ קאָקעטקע

א חוץ דעם כסדרדיקן דערנער-זועג וואָס דאָס אידישע טעאַטער האָט געמוזט דורכמאַכן פון זיין געבורט ביז צום היינטיקן טאָג, האָט עס נאָך באַדאַרפט ליידן פון צופעליקע אומגליקן און טרעפעגישן, וואָס האָבן די אַקטיאָרן-פּיאָנערן נישט ווייניק פיין פאַרשאַפט.

אַזאַ אומגליקלעכער צופאַל האָט אויך געטראָפן אין וויניצע פונקט צו דער ערשטער פאָרשטעלונג, וואָס מיינע עלטערן האָבן דאָרט באַדאַרפט דורכפירן.

וועגן דער געשעעניש האָבן מיינע טאַטע-מאַמע אין שפּעטערדיקע יאָרן אַ סך מאָל גערעדט און ווייל זי האָט אַף מיין געמיט דעמלט זייער שטאַרק געווירקט, גלויב איך, אַז עס איז כדאי זי דאָ צו דערמאַנען.

אין וויניצע האָט זיך דעמלט געפינען עפּעס אַ קאָקעטקע, וואָס מען האָט געזאָגט, אַז זי רעדט אָפּ אַלע מענער פון זייערע ווייבער און אַז זי האָט צעשטערט ביי א האַלבע שטאָט פאַמיליעס דעם שלום-בית.

מען האָט געזאָגט, אַז די קאָקעטקע פאַרט זיך אַרוים יעדן פאַרנאַכט איבער דער שטאָט אין אַ קאַרעטע ווי אַ גרעפין און זי וואַרפט אַזעלכע

בליקן אַף די מענער, אַז זיי ווערן ווי פאַרכשופט; פאַרשטייט זיך, אַז די ווייבער אין וויניצע האָבן דער קאַקעטקע געוואונטשן אַ גיכן טויט.

און ווען גאָט האָט שוין געהאָלפן, אַז מען זאָל קענען פּרוּוון אָפּנאַרן דעם צאַר און אויסלאַכן זיין גזירה קעגן אידיש טעאַטער און גאַנץ וויניצע איז געגאַנגען ווי אַף רעדלעך פון פרייד וואָס באַלד וועט מען זען שפּילן אידיש טעאַטער און מען איז געלאָפן נאָך בילעטן ווי נאָך מצה־וואַסער, מאַכט זיך אַ מעשה, אַז אויך די קאַקעטקע האָט געקויפט אַ בילעט און זי איז געקומען אין סאַלאָן פון קלוב, זען די פאַרשטעלונג.

דער סאַלאָן איז שוין געווען פול געפּאַקט, ווען די קאַקעטקע איז אַריינגעקומען; ווען די פרויען האָבן זי דערזען, האָט זיך אויפגעהויבן אַ שטורם פון פּראָטעסטן און וועלנדיק אויסנעמען באַ זייערע פרויען, האָבן אויך די מענער פּראָטעסטירט און דער עולם האָט דורכוים געפּאָדערט, אַז מען זאָל די קאַקעטקע אַרויסבעטן פון סאַלאָן.

דער טאַטע האָט זיך באראטן מיט ליפּאָווסקין און מיט די איבעריקע מיטשפּילער, עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פּרינציפּ, עס זיינען געווען פאַרשידענע מיינונגען און דערווייל איז שוין אַריבער די צייט ווען מען האָט באַדאַרפט אויפהויבן דעם פאָרהאַנג, דער עולם איז כסדר געוואָרן דראָענדיקער און די קאַקעטקע איז זיך געזעסן ווי קיינמאָל גאָרנישט, כאָטש זי האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז דער געטומל גייט אָן צוליב איר.

געווען מיינונגען, אַז מען דאַרף פּשוט צוגיין צו איר און זי בעטן אין נאָמען פון ווערטן פּובליקום, אַז זי זאָל פאַרלאָזן דעם זאַל אָלס אומגעוואונטשענע; איינער האָט געוואָלט, אַז מען זאָל זי בעטן רחמים נישט צו הרגענען אונז אַזאַ אָוונט אַף וועלכן מיר האָבן אַזוי לאַנג געוואַרט; אָבער מיין טאַטע און ליפּאָווסקי האָבן געטענהט, אַז טעאַטער טאָר זיך נישט רעכענען מיט אַזעלכע זאַכן, ווייל היינט וועט מען דעם פּובליקום נאָכגעבן איין זאַך, וועט עס מאָרגן פאָדערן אַ צווייטע זאַך און ער ווייס, ער קען טעאַטער — האָט דער טאַטע געטענהט — אין אַ טעאַטער קאָן קומען יעדער מענטש, וואָס קויפט אַ בילעט באַ דער קאַסע און מען פרעגט קיינעם נישט אַף קיין פּאַספּאָרט...

דער סוף איז געווען, אַז כאָטש די טרופּע האָט פּשוט מורא געהאָט פאַר טעג פון הונגער, פונדעסטוועגן האָט מען נישט נאָכגעגעבן דעם עולם אַז מען זאָל אַרויסבעטן די קאַקעטקע, דער טאַטע האָט געמאָלדן דעם באַשלוס, אַז ווער עס וויל, קאָן באַ דער קאַסע צוריקבאַקומען זיין געלט.

דער עולם האָט זיך געלאָזן צו דער קאַסע און מען האָט אַלעמען אויסגעצאָלט און פון גאַנצן עולם, איז געבליבן בלויז די קאַקעטקע.

## מען שפּילט פאַר איין מענטש

דער טאַטע האָט דערנאָך אָפט דערציילט ,אַז קיינמאָל וועט ער נישט פאַרגעסן די פאַרטרערטע בליקן פון דער קאָקעטקע, נאָכדעם ווי זי האָט געזען, אַז זי איז געבליבן איינע אַליין אין זאַל. זי האָט זיך אויפ־געשטעלט און ווי באַפעלעריש אויסגערופן: — שפּילט די פאָרשטעלונג! איך באַצאָל!

און זי האָט געפאָדערט מען זאָל איר זאָגן וויפיל מען האָט געמוזט צו־ריקגעבן און זי האָט אַרויסגענומען און אָנגעציילט די גאַנצע סומע און באַצאָלט פאַר דער פאָרשטעלונג, אַז די טרופּע זאָל נישט ליידן קיין שום שאָדן צוליב איר.

און זי האָט זיך גענומען צעשפּרייטן אויף דער ערשטער ריי, אויף איין שטול האָט זי אַוועקגעלייגט איר היטעלע, אויף אַ צווייטן — איר שירעמל, אויף אַ דריטן — איר זיידן טאָרבעלע און דערנאָך האָט זי אויסגעטאָן די שיכלעך און יעדעם אַוועקגעלייגט אויף אַן אַנדער שטול און דאַן האָט זי געהייסן אויפהויבן דעם פאָרהאַנג.

די ערשטע פאָרשטעלונג וואָס מיינע עלטערן האָבן דאַן געגעבן אין ווינניצע אַ דאַנק דער דערלויבעניש, וואָס דער פּאָקוסניק האָט באַקו־מען, איז געשפּילט געוואָרן פאַר איין פּערזאָן!...

## דער מאָלער פּאָלאַנסקי

איך האָב דערוואַרט, אַז נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג וועלן טאַטע־מאַמע אַהיימקומען גליקלעכע און פריילעכע און איך האָב זיך באַמיט נישט אַנשלאָפן צו ווערן ביז זיי וועלן צוריקקומען.

זייערע פּנימער זיינען אָבער באַם אַריינקומען אין שטוב געווען אַזוי פאַרחושכט, אַז איך האָב שוין אפילו נישט געפּרואווט פרעגן קיין וואָרט, נאָר זיך געמאַכט ווי איך שלאָף און אַזוי בין איך געבליבן ליגן מיט פאַרמאַכטע אויגן, ביז איך בין איינגעשלאָפן.

צומאָרגנס, איז אונזער שטוב געווען פול מיט מענטשן. מען האָט זיך געאַמפּערט און געקריגט, מאַנכע האָבן געזאָגט, אַז דער טאַטע האָט נישט גוט געטאָן, מען האָט נישט געטאָרט צוליב אַזאַ קאָקעטקע הייסן אַהיים־גיין אַ גאַנצן עולם און דער טאַטע האָט געשריגן אַז ער האָט קיינעם נישט געהייסן אַהיימגיין, נאָר ווער עס האָט געוואָלט, דעם האָט ער נישט גע־קענט צוהאַלטן און אַזוי איז ער שוין, ער וועט נישט גלאַט אַזוי פאַרשע־מען אַ מענטשן, ווער עס זאָל נישט זיין, ווען ער ווייס אפילו צו שטאַרבן

פּאַר הונגער; זאָלן בעסער די פרומע ווייבער אַכטונג געבן אױף זייערע מענער און זאָלן די מענער נישט קריכן צו דער קאָקעטקע און דערנאָך שפּילן די צדיקים און װעלן, אַז ער זאָל אַרויסוואַרפן אַ מענטש...

די הויפּט־צרה איז געווען, וואָס מען האָט געמאַכט, אַז דער קלוב זאָל אונז נישט לאָזן שפּילן אין סאַלאָן און ווידער האָט ליפּאָווסקי אָנגעהויבן איינלייגן װעלטן, ער איז אַרומגעלאָפן און ער האָט געבראַכט אַ געוויסן פּאָלאָנסקי, ער האָט אָנגעוויזן אױף אים, אַז אויך ער איז אַ קינסטלער, ער איז אַ מאלער און ער וועט אונז צוהעלפן, אַז אידישע קינסטלער זאָלן נישט אויסגעשטעלט ווערן אױף חוזק און, אַז אידישע קינסטלער זאָלן נישט מוזן נאָכקומען די קאַפּריזן פון המון.

פּאָלאָנסקי האָט טאַקע נישט גערוט. ער איז געגאַנגען פון איין באַלעבאָס צום אַנדערן, ער האָט גערעדט און ער האָט איבערצייגט און ער האָט צו זיך צוגעצויגן די ווינער אינטעליגענץ און ענדלעך האָט מען זיך גענומען גרייטן צו דער צווייטער פאָרשטעלונג; צום גליק האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז די קאָקעטקע איז דערווייל אַוועק פון ווינִיצע, אָדער אפשר איז זי גאָר נישט אַוועק, נאָר זי האָט זיך נישט געוויזן; נישט אין גאַס און נישט אין טעאַטער און די פאָרשטעלונגען האָבן געהאַט אַ גרויסן דערפאָלג; מען האָט באַלד פאַרגעסן אָן דער גאַנצער מעשה און עולם איז נישט געגאַנגען, נאָר געלאָפן אין קלוב זען די אידישע טעאַטער־פאָרשטעלונגען. מיר זיינען געבליבן אין ווינִיצע אַ גאַנצן ווינ־טער.

## מען לערנט מיך שרייבן און לייענען

נאָך זייענדיק אין אדעס, האָט דער טאַטע געבראַכט צו מיר אַהיים אַ לערער, וואָס האָט מיך אָנגעהויבן לערנען שרייבן און לייענען אידיש און אויך די רוסישע „אזבוקא".

אָבער ווען עס זיינען אָנגעקומען די קאַלטע ווינטער־טעג, האָט דער לערער נישט געוואָלט קומען אין אונזער קאַלטער דירה און די לעקציעס וואָס איך האָב ביי אים גענומען זיינען איבערגעריסן געוואָרן.

די לעקציעס זיינען איבערגעריסן געוואָרן, אָבער שרייבן דעם אידישן אלף־בית האָב איך שוין געקענט און אפילו א סך אותיות פון רוסישן אבעצע און אבי די פינגער זיינען מיר נישט געווען געפרוירן אין אונזער קאַלטער שטוב, האָב איך געפּלעגט שרייבן און אַליין לערנען.

דערפאַר אין ווינִיצע, ווי נאָר דער מאלער פּאָלאָנסקי האָט געשאַפן אַ שטיקל באַציאונג צו אונזער טרופּע און מיר האָבן זיך דאָרט סטאַבילי־

זירט, האָט די מאַמע אַריינגענומען אַ דינסט אין שטוב און מיך האָט דער טאַטע געשיקט אין אַ חדר, וואו מען האָט מיך געלערנט שרייבן און לייענען אידיש און אויך דאַווענען.

אין חדר איז אויך געווען אַ לערער פון רוסיש, ער איז געקומען יעדן טאָג אַף איין שעה און געגעבן אַ לעקציע פאַר אַלע קינדער און דאָס לערנען שרייבן און לייענען סיי אידיש ווי רוסיש, איז מיר אַזוי געפעלן, אַז איך האָב אין יעדער פרייער מינוט אינדערהיים, געשריבן און געלייענט און אפילו שייקעלען גענומען לערנען דאָס אלעס, וואָס מען האָט מיך אין חדר געלערנט; עס האָט נישט לאַנג גענומען און שייקעלע האָט שוין געקענט שרייבן דעם אידישן אלף-בית.

איך דערמאַן זיך, ווי שטאַרק איך האָב זיך געפרייט, ווען איך האָב געוויזן דער מאַמען וואָס שייקעלע האָט אויפגעשריבן; איך האָב דעמלט אינגאַנצן נישט געטראַכט דערפון, אַז דאָס האָב איך נאָר וואָס אַליין אויסגעלערנט, מיר האָט זיך אויסגעוויזן אַז איך אַליין בין שוין אַ גרויסע און איך קאָן שוין אַ סך און איך האָב זיך געפרייט וואָס איך קאָן שוין לערנען אַנדערע...

די מאַמע האָט דאָס געשריבענע געוויזן דעם טאַטן און דער טאַטע האָט מיך אַרומגענומען און געקושט און עס איז דעמלט געווען אַזוי גוט אין אונזער שטוב...

## מיר האָבן געביטן אונזערע נעמען

אַמערסטן האָב איך ליב געהאַט צו לייענען די טעאַטער-אַפישן. דער טאַטע האָט געלאַכט און געזאָגט, אַז דאָס בין איך געראָטן אין אים, ווייל ער האָט זיך דאָך אויסגעלערנט לייענען רוסיש נאָר פון די טעאַטער-אַפישן.

און לייענענדיק די אַפישן פון אונזער טרופע, האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך זע נישט די ריכטיקע נעמען. עפּעס איז עס יאָ געווען די זעלבע נעמען און עפּעס נישט און איך האָב געפרעגט באַ דער מאַמען; דערווייל איז דער טאַטע אָנגעקומען און ער האָט אַ זאָג געטאָן: — עס האָט זיי נישט געפּאַסט, איז בעסער אַזוי; זאָל די וועלט נישט ווייסן אַז די קינסטלער זיינען פון זייער משפחה...

און דעמלט האָב איך זיך דערוואוסט, אַז דער טאַטע, וואָס האָט גע-הייסן יעקב-זיידל ציפּעס און די מאַמע האָט אים אַלעמאָל גערופן זיידל, הייסט אַפן אפיש **יאַקוב ציפּקוס** און די מאַמע, איטע, הייסט אַפן אפיש **אַנעטאַ.** מיך האָט מען נאָר אינדערהיים גערופן יהודיתל, אָבער ווען

אַקטיאָרן זיינען געקומען אין שטוב, האָט מען מיך אָנגעהויבן רופן — זינא. פאַרוואָס עפּעס פּונקט זינא, דאָס ווייס איך נישט ביז צום היינטיקן טאָג, כאָטש דער נאָמען זינא איז געבליבן מיין אָפיציעלער נאָמען.

איך האָב צו מיין לערנען שרייבן און לייענען אידיש און רוסיש אַרויס־געוויזן אַ גרויסן פאַרלאַנג און ווילן, אָבער דער שווערער וועג וועלכן טאַטע־מאַמע האָבן זיך פאַרגענומען פאַר זייער און פאַר אונזער לעבן, האָט נישט דערמעגלעכט אַז מיר זאָלן קענען זיצן אויף אַ פּלאַץ און אַ קינד זאָל אָנגיין מיט סיסטעמאַטישן לערנען; אָט האָט זיך געענדיקט דער ווינ־טער, און טאַטע־מאַמע האָבן אָנגעהויבן ריידן וועגן נייע נסיעות, וועגן ווייטער פאָרן און יעדן טאָג זיינען בא אונז אין שטוב פאַרגעקומען באַראַטונגען וואוהין מען זאָל פאָרן, עס איז געקומען דער פּאָקוסניק און מען האָט מיט אים געהאַנדלט, אַז ער זאָל פאָרן מיט דער טרופּע און איבעראַל אַרויסנעמען דערלויבענישן פאַר זיינע פּאָקוסן און בא דער געלעגנהייט זאָל מען קענען שפּילן אידיש טעאַטער אַזוי ווי אין וויניצע. דער פּאָקוסניק האָט זיך געהאַנדלט, ער האָט געשטעלט גרויסע באַדינ־גונגען און איינמאָל האָט דער טאַטע געוואָלט אים פאַרשיכורן, אפשר וועט ער בא אים קענען עפּעס אָפּהאַנדלען, האָט ער אים אָנגעגאָסן איין גלאָז נאָכן צווייטן און דער פּאָקוסניק איז געוואָרן רויט ווי אַ בוראַק און זיינע ליאַלקע־באַוועגונגען מיט די הענט ווי אויף שפּרונזשינעס, זיינען ד'עמלט געווען אַזוי קאָמיש, אַז איך האָב זיך געמוזט פאַרקלויבן אין אַ ווינקל און זיך גוט אויסלאַכן.

דער טאַטע האָט געמאַכט אַ טעות: וואָס מער אַ גלעזל דער פּאָקוסניק האָט אויסגעטרונקען, האָט ער געשטעלט אַלץ העכערע באַדינ־גונגען און ווען ער איז שוין געווען גוט שיכור, האָט ער אַרומגעכאַפּט דעם טאַטן און אים אָנגעהויבן קושן און ער האָט געזאָגט מיט אַ וויינענ־דיק־בעטנדיקע שטים: — גאָלובטשיק מיינער... דו ווייסט דאָך יאָ, אַז נאָר איך באַקום די דערלויבעניש, דיין שפּילן איז דאָך פאַרבאָטן, טאָ וויל איך גוט פאַרדינען... פאַרשטייסט, גאָלובטשיק, ווען דו באַקומסט ביי נאַטשאַלסטוואָ אַלעס וואָס דו פאַרלאַנגסט, ווילסטו דאָך עפּעס האָבן דערפאַר...

דער סוף פון די פאַרהאַנדלונגען איז געווען, אַז דער טאַטע האָט דעם פּאָקוסניק געכאַפּט פאַרן קאַרק און האָט אים אַרויסגעוואָרפן פון שטוב.

## איך הויב אָן בענקען

איך ווייס נישט ווי אַזוי דער טאַטע האָט עס געמאַכט אָן דעם פּאָקוסניק און מיט וואָס פאַרא מיטל מיר האָבן דעמלט אָפּגענאַרט די

נאַטשאַלסטוואָ, איך ווייס נאָר, אַז מיר זיינען אַוועק פון וויניצע און מיר זיינען געפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און טאַטע־מאַמע האָבן געשפּילט טעאַטער.

פאַר מיר האָבן זיך ווידער אָנגעהויבן שווערע טעג, איך האָב גע־מוזט זיין די ניאַניע און די באַלעבאָסטע פון שטוב, איך בין כסדר געווען פאַראַרבעט און פאַרהאָרעוועט מיט די קינדער. ישראליקל האָט שוין אָנ־געהויבן אַרומלויפן איבער דער שטוב און יעדע מינוט איז ער געפאַלן און זיך צעקלאַפּט און איך האָב אים געמוזט איינשטילן, און איך האָב נישט געהאַט קיין צייט אַפילו צו לייענען די אַפישן.

איך האָב אַפילו נישט געהאַט קיין פרייע מינוט צייט אָפּ אָפּצוגעבן זיך מיט מיינע בענקענישן, און בענקענישן האָב איך שוין געהאַט א סך... אין וויניצע בין איך עטלעכע מאָל געווען בא די פאָרשטעלונגען און איך האָב שוין געקענט נאָכזינגען אַלע טעאַטער־לידער און מיר האָט זיך אָנגעהויבן אויסווייזן, אַז איך וואָלט אויך געקענט אויפטרעטן אָף דער בינע און זינגען און שפּילן טעאַטער און פאַרוואָס טאַקע נישט? איך בין דאָך שוין אַ גרויסע, איך טו דאָך אַלעס אינדערהיים אַזוי ווי אַ באַלע־באָסטע און פאַרוואָס קוקט מען נאָך אַלץ אָף מיר ווי אָף אַ קינד...

נאָר אין זעלטענע מינוטן האָב איך צייט געהאַט צו טראַכטן וועגן דעם און דעמלט האָב איך געפילט ווי מיין האַרץ באַוועגט זיך אין מיר האַסטיק און האַסטיקער און איך האָב שוין אַליין אָנגעהויבן זיך פאַר־אַרבעטן, כדי איך זאָל נישט קיין צייט האָבן צו טראַכטן.

נאָר אויב איך האָב אין די טעג זיך געקענט פאַראַרבעטן כדי נישט צו האָבן קיין צייט צו טראַכטן, האָב איך דאָס נישט געקענט טאָן דורך די נעכט און איך האָב טאַקע דורך די נעכט געפיבערט און געחלומט, געחלומט און געפיבערט וועגן שפּילן טעאַטער, וועגן זינגען פאַר אַ פּוב־ליקום און איך האָב זיך אין חלום אָנגעהויבן זען אַלס אַקטריסע און איך האָב אין חלום געפילט דעם תענוג פון באַקומענע אַפּלאָדיסמענטן.

די חלומות זיינען געווען אַזעלכע גוטע און זיי האָבן מיר אין שלאָף פאַרשאַפט אַזוי פיל תענוג, אַז זיי האָבן שוין אָנגעהויבן ווירקן אָף מיין טעגלעכן לעבן און איך האָב זיי אָנגעהויבן איבערלעבן אויך באַטאָג בעת מיינע אַרבעטן, און איך האָב זיך שוין א סך מאָל געמוזט אָפּשטעלן אינמיטן אַן אַרבעט און איבערטראַכטן און איבערפילן אַן אויסגעחלומטן חלום.

בעת די רעפּעטיציעס, וואָס דער טאַטע האָט אָפט דורכגעפירט אינ־דערהיים, האָב איך געהערט, ווי דער טאַטע האָט געזאָגט צו די אַקטיאָ־

רן, איבערהויפּט צו די נייע, וואָס זיינען אָפּט צוגעקומען, אַז די בינע איז אַ וועלט פאַר זיך; אַ גאַנץ אַנדערע וועלט; די בינע ווערט באַלויכטן און דעם סאַלאָן לאָזט מען אינדערפינסטער, כדי דאָס ווערטע פּובליקום זאָל קענען זען די וועלט וואָס מען ווייזט אַף דער בינע, אָבער די אַקטיאָרן אַף דער בינע טאָרן נישט זען די פּראָסטע וועלט און די טאָגטעגלעכע מענטשן וואָס געפינען זיך אין סאַלאָן...

איך האָב אויך אַ סך מאָל געהערט, ווי דער טאַטע האָט דערציילט, אַז אין די גרויסע רוסישע טעאַטערס אין אדעס און אין דער אָפּערע, האָט ער געזען די פאָרהאַנגען פון די בינעס, און כמעט אַלע פאָרהאַנגען שטעלן פאַר אַ הימל מיט אַ געמיש פון גהינום און גן־עדן, די בעסטע מאלער האָבן די בילדער געמאָלן און עס הייסט, אַז ווען דער פאָרהאַנג הויבט זיך אויף, דעקט זיך אָפּ אַ שטיקל הימל, אַז דאָס פּובליקום זאָל קענען זען די אַנדערע וועלט, די וועלט פון קונסט וואָס מען גייט דאָ זוייזן...

איך האָב אין מיינע חלומות געבענקט נאָך דער אַנדערער וועלט, וואָס געפינט זיך הינטער דעם פאָרהאַנג און איך האָב אין חלום אַוועקגעריסן דאָס שטיק הימל און זיך אַרויפבאַקומען אַף דער בינע אין דער אַנדערער וועלט וואו עס איז געווען אַזוי ליכטיק, אַזוי שיין און אַזוי וואַרים... און איינמאָל, בעת איך האָב אין חלום דורכגעפילט די שיינקייט און וואַרימקייט פון דער אַנדערער וועלט, האָט זיך פאַר מיר פלוצלינג באַוויזן די שטוב נעבן דער בעקעריי אין אדעס און עס האָט אַף מיר אַ יאָג געטאָן אַ קאַלטער ווינט און עס האָט מיר אָנגעהויבן קלאַפּן אַ צאָן אָן אַ צאָן און פלוצלינג האָב איך געהערט דער מאַמעס קול, זי האָט געשריגן: — וועך ווייס צי די קינדערלעך האָבן זיך נישט צוגעקילט, יהודיתל האָט פאַרגעסן צו פאַרמאַכן דאָס פענסטער פאַרן שלאָפן גיין.

די קינדער האָבן זיך נישט צוגעקילט, ווייל איך האָב זיי נאָכן איינשלאָפן גוט איינגעדעקט, אָבער איך האָב זיך דעמלט גוט צוגעקילט. איך האָב אָנגעהויבן פיבערן און איך געדענק, אַז די מאַמע האָט געוויינט איבער מיין בעטל און איך געדענק, אַז די מאַמע האָט מיך געפרעגט צי איך וויל עפּעס און איך האָב געזאָגט, אַז איך וויל גאָרנישט, נאָר בלויז אַרויפגיין אַף דער בינע און זינגען און שפּילן טעאַטער...

צוליב מיין פאַרקילונג האָבן מיר געמוזט בלייבן אין שטעטל לענגער ווי מען האָט באַדאַרפט, יעדן טאָג זיינען געקומען אַקטיאָרן און אַקטריסעס זען, וואָס איך מאַך און ענדלעך האָט מען זיך געפּאַקט און מען איז ווייטער געפאָרן.

## מיר קומען קיין בריטשאַן און איך טרעט אויף

אויף די כסדרדיקע רייזעס איבער שטעט און שטעטלעך, האָבן מיר כסדר געטוישט אונזערע געלעגערס, אָבער די חלומות זיינען געוועזן די זעלבע, זיי זיינען מיר איבעראַל נאָכגעקומען און מיך באַהערשט, און, אויב זיי האָבן מיך צוערשט געגלעט אין שלאָף, האָבן זיי מיך אָבער דערנאָך אָנגעהויבן פייניקן באַטאָג, ווען זיי זיינען פאַרשוואונדן און מיך געלאָזן מיט דער נאַקעטער ווירקלעכקייט.

איך האָב אָנגעהויבן אַרומגיין פאַרטראַכט און אינמיטן דער אַרבעט האָט זיך מיר פּלוצלינג פאַרגלוסט איבערצולעבן דעם פאַרגאַנגענעם חלום און איך האָב געקענט בלייבן שטיין מיטן בעזעם אין האַנט און וואַכנדיק זיך זען אויף דער בינע, אויף דער באַלויכטענער אַנדערער וועלט, און איך האָב אָנגעהויבן זינגען אַ טעאַטער־ליד.

אַזעלכע סצענעס האָבן זיך אָנגעהויבן איבערחזרן אָפטער און אָפטער און די מאַמע האָט מיך אָנגעהויבן פרעגן וואָס מיט מיר טוט זיך און דאָס וואָס איך האָב אַמאָל בלויז אין פיבער געוואָגט אַרויסצורײדן, האָב איך איצט אָנגעהויבן גאַנץ אָפט אַרויסזאָגן, אַז עס בענקט זיך מיר אינדערהיים און איך וואָלט שוין אויך געקענט עפּעס אויפטאָן פאַרן טעאַטער...

איך ווייס נישט צי די מאַמע איז שטאַרק צופרידן געוועזן אויסהערנדיק מיין פאַרלאַנג, גיכער איז זי נישט צופרידן געוועזן דערפון, וואָס אויך איך וויל זיך לאָזן אויף דעם שווערן דערנער־וועג פון אידישן טעאַטער; זי האָט מיר גאָרנישט געענטפערט, אָבער דערנאָך האָב איך געהערט ווי זי רעדט זיך איבער מיטן טאַטן און דער טאַטע, הערנדיק אַז איך בענק שוין צו דער בינע, האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן און אָנגעהויבן קושן און ער האָט מיך אויפגעהויבן הויך און אויסגערופן מיט פרייד: — אָט אַזוי דאַרף עס זיין! אַ קינד פון אַקטיאָרן דאַרף זיך הייליקן פאַר דער בינע! זינאַ! מיין זיניטשקאַ, דו וועסט זיין אַ גרויסע קינסטלערין!...

אפשר דערפאַר, ווייל דער טאַטע האָט מיך נישט צו אָפט געצערטלט — דאָס לעבן האָט אים נישט געצערטלט און ער האָט נישט געצערטלט די קינדער — און אפשר דערפאַר, ווייל ער האָט זיך אַזוי דערפרייט מיט מיין פאַרלאַנג צו דער בינע, נאָר עפּעס האָט עס מיר אַזוי פאַרקלעמט אונטער מיין יונג הערצל, אַז איך האָב נישט געקענט אַרויסזאָגן קיין וואָרט, נאָר אַ קוואַל טרערן האָט זיך אַרויסגעריסן פון מיינע אויגן און איך האָב זיך אַראָפּגעלאָזן צום טאַטנס פיס, אַרומגענומען זיי און





— „מיר פאַר זייערע ביינדעלעך"!...

צילי מיט אסתרן 1916

זינאַ מיט אַנדזשעלען 1918

רעכטס: — זינאַס שוועס־
טער פאַני יאַקובאָוויטש
מיט אירע צוויי קינדער־
לעך, וואוינען אין פּאַלעס־
טינע.

לינקס: — זינאַס ברודער
און שוועסטער
מילי און מערי







אָנגעהויבן קושן און די טרערן האָבן זיך אַלץ געגאָסן פון מיינע אויגן...

ווען איך בין אויפגעשטאַנען, האָב איך געזען אַז די מאַמע האָט פאַרוויינטע אויגן און אויך דער טאַטע האָט זיך אָוועקגעדרייט צום פענסטער און אויסגעווישט אַ טרער.

די אַקטיאָרן און אַקטריסעס, וואָס זיינען נאָך דער געשעעניש אַריינגעקומען, האָבן אויף מיר אָנגעהויבן קוקן מיט גאַנץ אַנדערע בליקן, נישט ווי פריער, ווי גרויסע קוקן אויף אַ נאַריש קינד.

מען האָט צוערשט אָנגעהויבן ריידן וועגן מיין מיטבאַטייליקן זיך און באַלד האָט דער טאַטע מיט מיר גענומען איינשטודירן צוערשט אַ ליד פון „דר. אַלמאַסאַדאָ" און דערנאָך האָט ער מיך שוין געלערנט די ראָל פון קינד, וואָס בעט דעם דאָקטאָר ער זאָל טרינקען וויין, און אַט זיינען מיר געקומען אין דעם בעסאַראַבישן שטעטל בריטשאַן, דער טאַטע האָט אויפגעפירט גאָלדפאַדנס „דר. אַלמאַסאַדאָ" און איך בין אויפגעטראָטן צום ערשטן מאָל אין דער ראָל פון קינד און געזונגען סאָלאָ דאָס גרויסע ליד.

# זעקסטער קאַפּיטל:

מיין ערשטער אויפטריט — איך דין אלס דעקמאנטל קעגן דער גזירה — מיטן קוואַרטעט הינטער די קוליסן — שווערע זיג־זאַג וועגן — קאַפּריזן פון גורל — הערש־לייב ווייסמאַן — „בוליאַן“ און ׳ווינער שניצל“ — בנציון פאַלעפּאַדע — אונזער פאַמיליערער קאָלעקטיוו — עס ברענט אַפּ דער זומער־טעאַטער — מיר שפּילן אין פּריוואַטע שטיבער — מיר מוזן שפּילן „חתן־כלה“ — נאָווא מאַסקאַווסק — אַ מי־ליאַנערשע שפּילט אידיש טעאַטער — איך טרעט אויף אַלס „מירעלע“ — מען פּראַוועט מיר מיין עלף יאָריקן געבורטסטאַג.

## מיין ערשטער אויפטריט

שילדערן מיט איינצלהייטן, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין דעם טאָג פון מיין ערשטן אויפטריט אַף דער בינע, ווי איך האָב געציטערט און געפלאַטערט וואַרטנדיק הינטער די קוליסן ביז צו מיין אויפטריט, דאָס וואָלט אפשר נאָר געקאָנט אַ שרייבער מיט אַ גאָר גרויסן טאַלאַנט.

איך האָב איז דעם טאָג נישט געלעבט אַף דער וועלט און אפילו נישט אַף יענער ליכטיקער וועלט, ווי דער טאַטע האָט אָנגערופן די בינע, נאָר איך האָב געלעבט און געפיבערט צווישן די צוויי וועלטן.

איך בין געשטאַנען אַנטקעגן וואַנט־שפּיגל אין אונזער שטוב און צענדליקער מאָל אָנגענומען די פּאָזן, וואָס דער טאַטע האָט מיר אָנגע־וויזן פאַר מיין ראָל, איך האָב צענדליקער מאָל איבערגעזונגען מיין ליד און געשטערקט די הענט צום דאָקטאָר אלמאסאדאַ, וועלכן איך האָב אין געדאַנק געזען אַנטקעגן זיך און אים געבעטן ער זאָל טרינקען דעם זויין, ווייל ער האָט דאָך געראַטעוועט מיין לעבן און מאַכנדיק די פּאָזן און זינגענדיק, האָב איך אין שפּיגל געזען ווי עס רויטלען זיך בא מיר די בעקלעך און אין די אויגן גליען בא מיר אַזעלכע מאָדנע פייערלעך, וואָס שטראַלן אַרויס מיט דינינקע לאַנגע ליכטיקע שפּיזלעך און איך האָב נאָכאַמאָל געמאַכט די פּאָזן ביז איך בין שוין געווען אַזוי רויט און אָנגעשוויצט, אַז איך בין געפאַלן אַפן בעט פון מידקייט און איך האָב אָנגעהויבן חלומען מיט אָפענע אויגן.

וואָס נענטער עס איז געקומען צו אָוונט, אַלץ שטאַרקער האָט מיך באַהערשט די נערוועזיטעט, מאָמענטנווייז האָט זיך מיר אויסגעוויזן,

אַז איך וועל זיך שעמען פאַר די מענטשן, וואָס וועלן זיצן אין טעאַטער און באַלד האָב איך זיך געכאַפּט, אַז איך וועל דאָך נישט זען די מענטשן, ווייל, ווי דער טאַטע האָט געזאָגט, איז דאָך די בינע אַ צווייטע וועלט, פון וועלכער מען קאָן נישט זען די פּראָסטע וואָכעדיקע וועלט, נאָר בלויז די מענטשן פון דער וואָכעדיקער וועלט קענען זען די ליכטיקע וועלט פון דער בינע; טראַכטנדיק וועגן דעם, האָב איך זיך באַרואיקט און באַלד ווידער אַריינגעפאַלן אין נערוועזן צושטאַנד; אַזוי האָבן זיך די מינוטן געריקט, ביז ענדלעך האָט אָנגעהויבן צופאַלן די נאַכט און דער טאַטע איז געקומען און ער האָט מיך געהייסן אַ „מאַך געבן" מיין ראָל; ווען איך האָב זי פאַר אים איבערגעשפילט מיט אַלע פּיטשעווקעס, האָט ער מיך אַרומגעכאַפּט און לאַנג געקושט; איך האָב געזען ווי זיינע אויגן זיינען געווען פאַרלאָפן פון טרערן.

וואָס ווייטער איז געווען, געדענק איך נישט. איך קאָן זיך נאָר דערמאָנען, ווען איך בין שוין געשטאַנען הינטער די קוליסן און געוואַרט אַף מיין אויפטריט. איך געדענק עס, ווייל דער טאַטע האָט מיר צענדליקער מאָל אָנגעזאָגט, אַז איך מוז אַכטונג געבן, ווען איך דאַרף אַרויסקומען אַף דער בינע; איך בין געשטאַנען און געציטערט, געפלאַטערט און געוואַרט אַף דעם גרויסן מאָמענט וואָס האָט אינגאַנצן באַהערשט מיין יונג צאַפּלדיק געמיט.

איך ווייס נישט צי בין איך אַליין אַרויס אַף דער בינע, צי האָט מען מיך אַרויסגעפירט אָדער גאָר אַרויסגעשטויסן, איך קאָן זיך מיין אַרויסקומען אַף דער בינע בשום אופן נישט דערמאָנען; איך געדענק נאָר, אַז פּלוצלינג האָט מיר אַ ליכטיקייט פאַרבלענדט די אויגן און איך האָב נישט געפילט דעם באָדן אונטער די פיס, נאָר עפּעס ווי עמיץ, אָדער גאָר מלאכים, וואָלטן מיך אַ הויב געטאָן אינדערלופטן און איך האָב אָנגעהויבן אַרומשוועבן אין דער ליכטיקער וועלט און שוועבנדיק האָב איך קיינעם נישט געזען און אָן קיינעם נישט געדענקט; איך האָב נישט געזען דעם אָפענעם פאָרהאַנג צו דער פּראָסטער וועלט און איך האָב אפילו נישט געזען די גרימירטע אקטיאָרן, וואָס זיינען געווען אַרום מיר אַף דער בינע, ביז עמיץ האָט מיר אַ צופּ געטאָן און איך בין געקומען צו זיך און איך האָב דערזען דעם דר. אלמאַסאַדאָ און עפּעס פון ערגיץ האָב איך געהערט די ערשטע ווערטער פון דעם ליד וואָס איך דאַרף אָנהויבן זינגען און איך האָב אויסגעשטרעקט די הענטלעך און אָנגעהויבן...

ווי אַזוי איך האָב געזונגען געדענק איך נישט. מיר האָט זיך אַלעמאָל, ווען איך האָב געטראַכט וועגן מיין ערשטן אויפטריט אויס-

געוויזן, אַז נישט איך האָב געזונגען, נאָר עמיץ האָט פון מיר אַרויסגע־זונגען... איך געדענק אָבער ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געווען, אַז נאָכן פאַרענדיקן דאָס ליד האָב איך געהערט אַזאַ שטורמישן גערודער און האַנט־פּאַטשעריי, אַז איך האָב זיך איבערגעשראָקן צום טויט און איך האָב זיך ערשט אָנגעהויבן בארויִקן, ווען די מאַמע האָט מיך אַרומגע־כאַפּט און גענומען קושן און דער טאַטע האָט מיך געקושט און אַלע אַקטיאָרן און אַקטריסעס האָבן מיר געוואונטשן גליק, איך האָב שוין געזען אַז איך בין ווידער איך, דער פאַרהאַנג איז שוין געווען אַראָפּגע־לאָזן און דאַך האָב איך נאָך געפילט ווי איך וואָלט ווייטער געשוועבט אינדערלופטן און איך בין געווען אַזוי גרינג און מיין בענקנדיק געמיט איז געווען אַזוי אויסגעלייזט, אַזוי באַגליקט, אַז איך האָב נאָר באַדאַרפט וויינען, וויינען שטיל, האַרציק פון טיפער גליקזעליקייט...

## איך דין אַלס דעק־מאַנטל קעגן דער גזירה

עס האָט דעמלט געמוזט נישט אַזוי לייכט אָנקומען דאָס אָפּנאַרן נאַטשאַלסטוואָ מיט אַרויסבאַקומען דערלויבענישן פאַר אַנדערע אונטער־האַלטן און דערווייל שפּילן אידיש טעאַטער, ווייל נאָך מיין ערשטן איִפּטריט, האָט דער טאַטע פּלוצלינג אָנגעהויבן מיט מיר איינשטודירן עטלעכע רוסישע און מאַלאָרוסישע לידער און טענץ און ער האָט דערביי שמייכלענדיק געזאָגט, אַז מען דאַרף זוכן אַ מיטל ווי אַזוי אָפּצונאַרן די טשינאָווניקעס און דורך מיר וועט ער ווייזן, אַז ער איז קליגער פון זיי און אַ בראָך זאָל קומען אויפן פּאָקוסניק, מיר וועלן זיך אן עצה געבן אָן אים...

אויף די אפישן האָב איך דערזען, אַז דער טאַטע גרייט אַ גרויסע טעאַטער־פאָרשטעלונג מיט אַ מאַלאָרוסישן קוואַרטעט און באַלד האָט דער טאַטע געבראַכט צו מיר נאָך אַ מיידל און צוויי דערוואַקסענע אינגע־לעך און מיר האָבן געמוזט איינשטודירן לידער און טענץ; יעדע נאַכט האָבן מיר געמוזט זיין אין טעאַטער, מיר האָבן כסדר געמוזט שטיין הינטער די קוליסן, עס האָט אָבער געדויערט גענוג לאַנג, אפשר באַ צען פאָרשטעלונגען זיינען מיר אַזוי געשטאַנען הינטער די קוליסן און גע־וואַרט, ביז מען האָט אונז אַמאָל, בעת אַ גרויסער סומאַטאָכע אויף דער בינע און הינטער די קוליסן, אַרויסגעשטופּט אויף דער בינע און מיר האָבן געמוזט אָנהויבן זינגען און טאַנצן די מאַלאָרוסישע לידער און טענץ.

דאָס האָט דער טאַטע צוגעגרייט דעם קוואַרטעט, כדי אין אַ נויט־

פאַל, ווען עס יאָזועט זיך אין טעאַטער אַ טשינאָווניק, זאָלן די אַקטיאָרן אַראָפּ פון דער בינע און אויף זייער פּלאַץ זאָל דערשיינען דער קוואַרטעט און דערמיט באַווייזן, אַז דאָ שפּילט מען נישט קיין אידיש...

בעת מיין ערשטן אויפטריט מיטן קוואַרטעט, האָב איך אפילו נישט געוואוסט, וואָס אַזוינס עס איז געשען, נאָר ווען דאָס האָט פּאַסירט אַ צווייט מאָל, האָב איך שוין געוואוסט, איך האָב שוין געזען די פּאַנישע סצענע, ווען די אַקטיאָרן מיט די קאַפּאָטעס זיינען אַראָפּ פון דער בינע און זיך געלאָזן לויפן הענדום-פּענדום אַפּזוכן אַ באַהעלטעניש און איך בין אַרוים מיטן קוואַרטעט; מיר האָבן געזונגען און געטאַנצט אַזוי לאַנג, ביז דער טשינאָווניק, וואָס איז געקומען אין טעאַטער איז צוריק אַוועק. דעמלט זיינען מיר אַראָפּ פון דער בינע און די אַקטיאָרן זיינען ווידער אַרויף און פאַרענדיקט די אידישע פאָרשטעלונג.

אין דערזעלבער צייט, ווען איך האָב באַדאַרפט דינען אַלס דעקמאַנטל אַפּצונאַרן נאַטשאַלסטוואָ, האָב איך געשפּילט ראָלן אויך, איך האָב גע־שפּילט נאָך עטלעכע מאָל די זעלבע ראָל פון קינד אין „דר. אלמאסאדאָ" און דערנאָך האָב איך אין דערזעלבער, פּיעסע אויך געשפּילט די ראָל אַלס דינער „גאָמעז" און איינמאָל האָב איך טאַקע געמוזט אין די קליידער פון דינער גאָמעז אַרויסלויפן מיטן קוואַרטעט אויף דער בינע און אַזוי אָפּזינגען און אָפּטאַנצן די מאַלאָרוסישע לידער און טענץ...

מיר האָבן דעמלט געמאַכט גאַנץ גוטע געשעפטן, די אַקטיאָרן האָבן געזאָגט, אַז איך בין זיי מזלדיק און אַלע האָבן מיך זייער ליב געהאַט און אַזוי זיינען מיר אַרומגעפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך אין אוקראַינע, ביז מיר זיינען געקומען קיין בעלאָצערקאָוו.

## שווערע זיג-זאַג ווענן

ווי מאָדנע זיינען געווען די קאַפּריזן, וואָס האָבן געשפּילט מיטן גורל פון אידישן טעאַטער!...

ווען איך בין אויפגעטראָטן צום ערשטן מאָל אויף דער בינע, איז שוין דאָס אידישע טעאַטער געווען אַ בן שמונה-עשרה זיים גאָלדפאַדן האָט עס באַשאַפן און דאָך, וויפיל מאָל דאָס אידישע טעאַטער האָט באַוויזן צו געבן אַ שטאַרקן שפּרונג פאָרויס און מאַכן אַז מען זאָל ריידן דערפון צוליב עפּעס אַ גרויסער אויפירונג, אַזויפיל מאָל האָט עס אויך געמאַכט אַ שפּרונג אויף צוריק צו די קינדער-וויקעלעך.

און דאָ מוז געזאָגט ווערן, אַז דער שפּרונג אויף צוריק האָט דאָס

טעאַטער נישט געמאַכט ווייל עס האָט געוואָלט גיין אַף צוריק, נאָר ווייל מען האָט עס געשטויסן אַף צוריק.

פון איין זייט האָט מען געהאַט קעגן זיך די גזירה, אַז מען טאָר נישט שפּילן קיין אידיש טעאַטער, און — וויפיל מען האָט זיך נישט געקליגט אַרומצוגיין די גזירה און דוקא שפּילן אידיש, האָט אָבער די שטענדיקע מורא און דאָס אָפטע מוזן איבערייסן אַ פאָרשטעלונג און אריינשפּרינגען אינמיצקעדרינען מיט מאַלאָרוסישע לידער, געמוזט שטערן דעם וואוקס און די אַנטוויקלונג פון גאָלדפאַדנס שיינער שאַפונג.

פון דער צווייטער זייט האָט מען ווידער געהאַט פאַר זיך די קעגנערשאַפט פון די חסידים און סתם פרומע פאַנאַטישע אידן, וואָס האָבן געקוקט אַף טעאַטער ווי אַף אַן אויפטו פון שטן, אָדער אַף אַ שפּיצל פון דער השכלה-באַוועגונג, כדי צו פאַרשפּרייטן אפּיקורסות צווישן די אידישע פאָלקס-מאַסן. אינדערזעלבער צייט ווען די פרומע אידן האָבן געגלויבט, אַז די השכלה-באַוועגונג שטיצט דאָס אידישע טעאַטער, האָט די השכלה-באַוועגונג גופא באַקעמפט, אָדער אין בעסטן פאַל — איגנאָרירט דאָס אידישע טעאַטער, האַלטנדיק עס פאַר אַ ביליקן שפּייז, וואָס נאָר דער המון קאָן זיך דערמיט קוויקן און אויב עס איז עפּעס בעסערס, איז נאָך געפערלעכער, ווייל די השכלה האָט געוואָלט שפּרייטן בילדונג און דוקא נישט אַף אידיש, נאָר אָדער העברעאיש, אָדער רוסיש און אַזוי האָט דאָס אידישע טעאַטער געהאַט קעגנער פון אַלע זייטן; ביי אַזעלכע אומשטענדן האָט עס געמוזט האָבן אַ שווערן זיג-זאַג וועג אין זיין אַנטוויקלונג; און אויב עס איז געווען אַמאָל אַ שפּרונג פאָרויס, איז עס נאָר געווען מיט די אייגענע כהות פון די פּיאָנערן פון אידישן טעאַטער און פון די כחות וואָס די אידישע אַקטיאָרן האָבן געשעפּט בא די ברייטע אידישע פאָלקס-מאַסן, וועלכע האָבן געליבט דאָס אידישע טעאַטער און אויפגענומען יעדע נייע פאָרשטעלונג מיט אומבאַשרייבלעכער באַגייסטערונג און פרייד.

ביי אַזעלכע קאַפּריזנע זיג-זאַג-וואַנדערונגען פון אידישן טעאַטער, האָבן זיך דוקא — די אַלע קעגנער אַף להכעיס — כסדר געיאַוועט נייע כחות, וואָס האָבן זיך מיט זייער גאַנצן יוגנטלעכן פייער און ליבע צום אידישן וואָרט און מיט שפּרודלדיקן טאַלאַנט אין זייער בלוט, אריינגעוואָרפן אין דעם שווערן קאַמף פאַר דער אויפהאַלטונג און אַנטוויקלונג פון אידישן טעאַטער און נישט אָפּשרעקנדיק זיך פאַר נויט און הונגער, וואָס מען האָט אָפט געזען בא די וואַנדערנדיקע אידישע בינע-קינסטלער, האָט מען זיך געריסן מיטצוגיין אין שפּאַן און נאָך יעדן שטוים וואָס מען

האָט באַקומען אַף צוריק, האָט מען געמאַכט אַ נייע אָנשטרענגונג צו געבן אַ שפּרונג פאָרויס. !

אַזאַ קראַפט,וואָס איז שוין דערנאָך אַף זיין גאַנצן לעבן געבליבן אַ מיטקעמפער פאַרן אויסהאַלטן און אַנטוויקלען דאָס אידישע טעאַטער, איז אונז צוגעקומען אין בעלאַצערקאָוו.

## הערש-לייב ווייסמאַן

געווען אין בעלאַצערקאָוו אַ יונגערמאַן, אַ שניידער, וואָס האָט געהייסן הערש-לייב ווייסמאַן.

געווען אין בעלאַצערקאָוו אַ סך יונגעלייט און אַ סך שניידער, אָבער הערש-לייב איז געווען אַנדערש פון זיי, ווייל אויב אַנדערע זיינען געקומען אין אידישן טעאַטער און אַרויסגעוויזן זייער הנאה און באַגייסטערונג מיט זייערע שטורמישע אַפּלאָזן, האָט דער שניידער הערש-לייב גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן פון אידישן טעאַטער; ער האָט געוואַרט אַף אונז ביז מיר זיינען נאָך דער פאָרשטעלונג אַרויס פון טעאַטער, ער האָט זיך געזוכט מיט עפּעס נוצלעך צו מאַכן פאַר אונז, און ענדלעך האָט ער געוואַגט אַ זאָג צו טאָן, אַז ער האָט אַ שיינע שטים און ער וואָלט געוואָלט, אַז דער טאַטע זאָל אים אויסהערן.

עס האָבן שוין דעמלט נישט געפעלט קיין נודניקעס, וואָס האָבן זיך איינגערעדט, אַז זיי וואָלטן געקענט זיין אַזוינס און אַזעלכעס, און מיר האָבן גאַנץ אָפט געהאַט אַ סך שפּאַס פון אַזעלכע, פונדעסטוועגן האָט דער טאַטע אים געהייסן קומען אַהיים אַף אונזער קוואַרטיר און באַווייזן וואָס ער קען.

און ער האָט באַוויזן: ער האָט איבערגעזונגען אַלע לידער פון אידישן טעאַטער און ער האָט זיי געזונגען אַזוי פיין, מיט אַזאַ שיינער שטים און מיט אַזויפיל האַרץ און געפיל, אַז מיר אַלע האָבן אים אַפּלאָדירט און דער טאַטע האָט אים באַלד פאָרגעשטעלט און געזאָגט, אַז ער בלייבט איינער פון אונז און מיט אונז.

מיר האָבן זיך ערשט דערנאָך דערוואוסט, אַז הערש-לייב האָט שוין אַ ווייב און ער האָט זיך ביי איר אָפּגעבעטן זי זאָל אים דערלויבן כאָטש איינמאָל אויפטרעטן; אָבער נאָך זיין ערשטן אויפטריט, וואָס ער האָט דורכגעפירט מיט אַ גאָר גרויסן דערפאָלג, איז ער געווען אַזוי באַגייסטערט, אַז ער האָט שוין גאָרנישט געטראַכט וועגן פאַרלאָזן אונז און ער איז מיט אונז מיטגעפאָרן אַף אונזערע ווייטערדיקע וואַנדערונגען.

הערש-לייב ווייסמאַן איז געוואָרן אַ אידישער אַקטיאָר.

# בנציון פּאַלעפּאַדע

אַף אונזערע ווייטערדיקע וואַנדערונגען איז עס נישט געגאַנגען אַזוי גוט.

די שוועריקייטן אָפּצונאַרן נאַטשאַלסטוואָ האָבן אונז פאַרביטערט די טעג. מיר האָבן געוואַנדערט איבער שטעט און שטעטלעך און אַף אַ סך פּלעצער האָבן מיר זיך אומזיסט באַמיט, אָבער שפּילן האָט מען נישט געקענט; כדי אויפצוהאַלטן די טרופּע, האָט מען געמוזט איינפירן עקאָ־נאָמיעס און דער טאַטע האָט אָרגאַניזירט די טרופּע אַלס אַ קאָלעקטיוו, וואָס האָט געוואוינט צוזאַמען און געגעסן פון איין קיך.

די באַלעבאָסטע פון דער קאָלעקטיוו־ווירטשאַפט, איז געווען מיין מאַמע און פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב געמוזט זיין איר „רעכטע האַנט" און איך האָב געמוזט העלפן וואַשן און קאָכן און באַדינען די גאַנצע טרופּע.

אָבער פריילעך איז געווען בא אונז אין שטוב. און די פריילעכסטע צייטן זיינען געווען, ווען מען האָט זיך אויסגעזעצט אַרום דעם לאַנגן טיש און מען האָט אָנגעהויבן דערלאַנגען צום קייען.

די אַקטיאָרן האָבן דער מאַמען און מיך באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן פאַר די פיינע מאכלים, וואָס מיר האָבן פאַר זיי געגרייט און ווען אפילו די מאכלים זיינען געווען אָרימע, האָבן זיי אַ געוויינלעכע קאַרטאָפל־זופּ אָנגערופן „בוליאָן" און אַ שטיקל לונג, וואָס די מאַמע האָט איינגעזשאַ־רעט, — האָבן זיי גערופן „ווינער שניצל"; עס איז געווען פריילעך און מען האָט געלאַכט; די שווערע טעג זיינען פאַרביי און עס זיינען געקומען בעסערע; מיר האָבן זיך אַריינבאַקומען אין די שטעטלעך אַרום יעקאַטע־רינאָסלאַוו, דאָרט איז אונז בעסער געגאַנגען, האָבן מיר געגרייט בעסערע מאכלים, און עס איז געוואָרן נאָך פריילעכער; אַזוי איז עס געגאַנגען, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין יעקאַטערינאָסלאַוו.

ווי געוויינלעך, האָט זיך דער טאַטע באַלד אָנגעהויבן אַרומקוקן און זיך סטאַרען וועגן אַ מעגלעכקייט צו שפּילן טעאַטער, אָבער ער האָט אַזאַ מעגלעכקייט נישט געפונען.

אַהיימקומענדיק האָט דער טאַטע דערציילט מיט פאַרדרוס, אַז עס זיינען פאַראַן סאַלאָנען, אָבער מען וויל זיי נישט פאַרדינגען אַף אידיש טעאַטער. און ווען דער טאַטע האָט זיך באַמיט וועגן באַקומען דעם יעקאַטערינאָסלאַווער זומער־טעאַטער, וואו עס האָט געשפּילט אַן אוק־ראַינער טרופּע, האָט עס זיך אים אויך נישט איינגעגעבן: די טרופּע האָט נישט געוואָלט אָפּטרעטן אפילו אַף קיין צוויי טעג און עס האָבן זיך

ווידער אָנגעהויבן שווערע טעג. ביי מאַנכע פון אונזער טרופּע האָט שוין אָנגעהויבן יערן די פראַגע צי האָט עס זיך איינגאַנצן געלוינט... און אין אַזאַ טאָג פון שלעכטן געמיט-צושטאַנד, האָט זיך צו אונז געיאַווועט אַ יונגערמאַנטשיק, כמעט אַ אינגל מיט אַ שיין קיילעכדיק פּנימל, ער איז געקומען אין באַגלייטונג פון זיינס אַ פעטער, ער האָט געוואָלט ווערן אַן אַקטיאָר.

דאָס אינגל מיטן ליכטיקן קיילעכיקן פּנימל האָט זיך געשעמט אַליין צו ריידן, און דער פעטער האָט פאַר אים גערעדט און אגב זיך אויסגע־רעדט דאָס האַרץ, אַז דער בחור איז אַ בעל-מלאכה און ער וואָלט געקאָנט זיין אַ גוטער בעל-מלאכה, נאָר אַ מאַנקאָליע איז אים אַריין אין קאָפּ, ער האַלט אין איין זינגען... ער זיצט באַ דער אַרבעט, נאָר דער קאָפּ איז אים נישט באַ דער אַרבעט,נאָר ערגיץ-וואו אין בויבעריק, און נאָר ער זינגט לידער און וויל נישט זיין קיין לייט... און הערנדיק אַז דאָ איז פאַראַן אַ טעאַטער-קאָמפּאַניע, און נישט עפּעס אַזוי אַן אַרומשלעפּערישע, נאָר אַ באַלעבאַטיש-פאַמיליערע, האָט ער צוטרוי און ער איז געקומען דאָ מיט אים, זאָל מען אים אויספּרואוון, אפשר וועט ער זיך דאָ אויסטויגן, וועט ער אים פאַרדינגען...

דער פעטער האָט גערעדט און דער טאַטע האָט מיט די אויערן זיך צוגעהערט צו זיינע רייד, אָבער די אויגן האָט ער נישט אַראָפּגענומען פון דעם יונגן יאַט, וואָס וויל נישט זיין קיין לייט און אנשטאָט אַרבעטן, זינגט ער גאָר לידער... און ווען דער פעטער האָט געענדיקט, האָט דער טאַטע געזאָגט: גוט, וועלן מיר אים פּרואוון.

דאָס בלייכע קיילעכיקע פּנימל פון דעם אינגל איז נאָך בלייכער גע־וואָרן, די פיס האָבן אים געציטערט און שרעקנדיק זיך אַ קוק צו טאָן אַף עמיצן פון אונז, האָט ער אַראָפּגעלאָזן די בליקן און די הענט האָבן אים אַראָפּגעהאנגען אַזוי, ווי זיי וואָלטן נישט געוואוסט אַ וואו זיך אַהינצוטאָן...

אָבער דאָס איז בלויז געווען איידער ער האָט אָנגעהויבן זינגען. ווי נאָר ער האָט אָנגעהויבן מארקוסעס ליד פון „קאָלדוניא", איז ער שוין געשטאַנען פעסט און זיכער און זיינע אויגן זיינען געווען ברייט אויפגעריסן און עס האָט פון זיי אַרויסגעשטראַלט מיט פייער, און זיין שטים האָט אָפּגעקלונגען אַף די פיר ווענט ווי פיינער מעטאַל. מיר אַלע זיינען געבליבן ווי פאַרבליפט.

— גוט, — האָט דער טאַטע געזאָגט — ער האָט עלעמענטן צו קע־נען ווערן עפּעס ביי טעאַטער, אָבער ער איז נאָך אַ שנעק און ער דאַרף לערנען און מען וועט דאַרפן אין אים אַריינלייגן אַ סך כחות, נאָר, אויב

ער האָט עס ליב און ער וועט אַרויסווייזן טאַלאַנט, וועט עפּעס ווערן פון אים...

אַזוי, אין די שווערע טעג פון יעקאַטערינאָסלאַוו, ווען מיר האָבן נישט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו שפּילן און מיר האָבן נאָר געטראַכט — וואו נעמט מען געלט אָף הוצאות צו קענען זיך אַרויסראַטעווען פון דאַנען, אין אַזאַ צייט, איז צו אונז צוגעקומען נאָך אַ מיטגליד אין אונזער אַקטיאָרן־קאָלעקטיוו און דער נייער יונגער מיטגליד איז געווען **בנציון פּאַלעפּאַדע**.

## אונזער פאַמיליערער קאָלעקטיוו

אויב עס האָט געקענט געשען, אַז אַ פּעטער זאָל ברענגען זיין פּלימעניק צו אַ טעאַטער קאָמפּאַניע און האָבן צוטרוי, אַז דאָ וועט מען דעם פּלימעניק מאַכן פאַר אַ לייט, איז עס נישט געווען אומזיסט.

אונזער אַקטיאָרן קאָלעקטיוו האָט געהאַט אַ פיינעם נאָמען. דער טאַטע האָט איינגעפירט אַ רעזשים פון שטרענגער אָרנטלעכקייט. ער האָט געגעבן לעקציעס פאַר דער טרופּע, אַז געגנוג שונאים האָט דאָס אידישע טעאַטער און געגנוג בייז רעדט מען אויס אָף די אַקטיאָרשטשיקעס, טאָ זאָלן מיר ווייזן, אַז מיר זיינען בעסער ווי מען האַלט אונז; זאָלן מיר ווייזן, אַז מיר זיינען מענטשן מיט אַלע גלייך, נאָר מיר האָבן טאַלאַנט צו טעאַטער־שפּיל וואָס אַנדערע האָבן נישט; אַז מיר זיינען נישט קיין ציגיינערישע קאָמעדיאַנטשיקעס, נאָר אידישע קינסטלער, וואָס טעאַטער איז געוואָרן זייער פּראָפעסיע.

דאָס וואָרט **פּראָפעסיע** האָט דער טאַטע אַלעמאָל שאַרף אונטערגעשטראָכן און ער האָט דערמאַנט, אַז ער ווייס, וואָס דאָס איז אַזוינס טעאַטער און ער וויים ווי אָנגעזען אַקטיאָרן זיינען בּאַ די אומות־העולם און, אַז די רוסישע אַקטיאָרן זיינען נישט קיין באַלאַגאַנשטשיקעס, נאָר **פּראָפעסיאָנאַלן** און מיר דאַרפן אויך זיין אַזוי, כאָטש מיר טוען אונזער אַרבעט אָף „זשאַרגאָן”, פאַר די אידישע מאַסן.

אַזוי ווי די גאַנצע טרופּע האָט זיך געהאַלטן צוזאַמען און מיר האָבן געפירט אַ קאָלעקטיווע ווירטשאַפט, האָבן מיין טאַטנס רייד געהאַט אַ שטאַרקע ווירקונג און מען האָט אָף אונז געקוקט אַנדערש ווי מען האָט געוויינלעך אין יענער צייט געקוקט אָף ארומוואַנדערנדיקע אידישע אַקטיאָרן.

דער זיבעצניעריקער בנציון פּאַלעפּאַדע איז געבליבן מיט אונז, און, כאָטש מיר האָבן דעמלט נישט געשפּילט און נישט געהאַט קיין אויסזיכ־

טן ווי אַזוי מיר וועלן זיך אַרויסבאַקומען פון יעקאַטערינאָסלאַוו, און די נויט האָט שוין נישקשהדיק געקלאַפּט אין אונזערע פענסטער, פונדעסט־וועגן האָבן מיר זיך געטיילט מיט אונזערע ביסנס און פּאָלעפּאַדע האָט מיט אונז מיטגעהאַלטן.

## עס ברענט אָפּ דער זומער־טעאַטער

אין אונזערע שווערע טעג אין יעקאַטערינאָסלאַוו, האָבן מיר כאָטש דערלעבט אַ שטיקל נקמה.

דער טאַטע האָט ממש געקריצט מיט די ציין, ווען ער האָט דערציילט, אַז ער קאָן באַקומען אַ דערלויבעניש אַף „וואַריעטע” אויב ער זאָל באַ־קומען דעם זומער־טעאַטער, נאָר כאָטש די אוקראַינישע טרופּע שפּילט נישט יעדע נאַכט, וויל מען אים דאָס טעאַטער נישט פאַרדינגען.

דער פאַקט, אַז אַ שיין טעאַטער שטייט ליידיק און מיר וואָלטן דערין געקענט פאַרדינען אַף ברויט און שפּילן אידיש טעאַטער, נאָר בלויז די רשעות פון דער אוקראַינישער טרופּע שטערט עס אונז, האָט אונז נאָך מער פאַרביטערט דאָס לעבן און די מיטגלידער פון אונזער קאָלעקטיוו זיינען אַרומגעגאַנגען טרויעריק, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

איך בין שוין געווען ווי אַ גרויסע און איך האָב נישט נאָר מיטגע־פילט די אַלגעמיינע שטימונג פון אונזער טרופּע, נאָר איך האָב אויך אַליין איבערגעלעבט דעם ווייטיק און איך האָב אויך אָנגעהויבן פיבערן פון בענקשאַפט צו קענען אויפטרעטן אַף דער בינע און נאָך אַ זאַך, איך בין געווען נייעגירק צו זען ווי אונזער נייער מיטגליד, דער פּאָלעפּאַדע, וועט אויפטרעטן צום ערשטן מאָל און וואָס ער וועט באַווייזן.

עס איז שוין בא אונז געוואָרן אַזוי שלעכט, אַז דער טאַטע האָט ווידער אָנגעהויבן זוכן אַ טרייסט אין ביטערן טראָפּן און די מאַמע האָט נאָר געשריגן, אַז אַף ברויט איז נישטאָ און זי ווייסט נישט פונוואַנען ער נעמט אַף בראָנפן... און עס האָט שוין שיעור געהאַלטן דערביי, אַז די טרופּע זאָל זיך אויפלייזן און יעדער זאָל זיך זוכן זיין שטיקל ברויט אַף זיין אייגענעם שטייגער.

אָבער פונקט אין שווערסטן מאָמענט איז געקומען אַ שטראַל פון האָפענונג און מיר האָבן זיך נאָך געהאַלטן צוזאַמען. דער טאַטע איז געקומען מיט אַ נייער אידייע, אַז אויב קיין סאַלאָן איז נישטאָ, זאָלן מיר שפּילן טעאַטער אין געוויינלעכע שטיבער.

די טרופּע האָט צוערשט נישט פאַרשטאַנען וואָס ער מיינט, אָבער ער האָט עס אונז גענוג גוט אויפגעקלערט, אַז ער מיינט, אַז אויב מען

קאָן נישט האָבן קיין טעאַטער אָדער סאַלאָן, דאַרף מען זוכן, ווער עס האָט ערגיץ אַ גרויסע וואוינונג, אַז מען זאָל דאָרט אין געהיים קענען איינאָרדענען אויב נישט אַ גאַנצע פאָרשטעלונג, זאָל זיין אַ קאָנצערט פון אידישע טעאַטערלידער; עפּעס מוז מען דאָך טאָן כדי זיך צו קענען אַרויסראַטעווען און פאָרן ווייטער ...

פאַרשטייט זיך, אַז מיר, וואָס מיר האָבן שוין געשפּילט אין שיינע טעאַטערס און בלויז אין די ערגסטע פאַלן — אויך אין סאַלאָנען, האָט אונז נישט אַזוי געפרייט צו גיין שפּילן ערגיץ־וואו אין אַ פּריוואַטער שטוב, אָבער, אַז מען טרינקט זיך, כאַפּט מען זיך אָן אַ שטרוי; גע־בענקט צו אַן אויפטריט האָט מען און ראַטעווען האָט מען זיך באַדאַרפט, איז מען איינגעגאַנגען אַף אַלץ און דער טאַטע איז אַוועק זוכן אַ גרויסע שטוב וואו מען זאָל קענען עפּעס אויפטאָן; און ווידער גוט; ער האָט אַזאַ שטוב געפונען! דאָס איז געווען עפּעס ביי אַן אָפּגעקומענעם גביר, וואָס האָט נאָך געהאַט זיין גרויסע וואוינונג, נאָר דער דלות האָט שוין גע־פייפט אין איר; הערנדיק, אַז ער וועט דערביי גוט פאַרדינען, האָט ער פאַרדונגען די שטוב.

איך ווייס נישט ווי אַזוי מען האָט געקענט מאַכן פּראָפּאַגאַנדע פאַר דעם געהיימען קאָנצערט פון אידישע טעאַטער־לידער און ווי אַזוי די אידן האָבן זיך דערוואוסט אַז אַזאַ קאָנצערט קומט פאָר, איך ווייס נאָר און איך געדענק, אַז ווען מיר זיינען געקומען אין דער שטוב, איז זי געווען אַזוי אָנגעפּאַקט מיט פּובליקום, אַז מיר האָבן נישט געקענט דורכ־גיין צו דער עסטראַדע, וואו מיר האָבן באַדאַרפט אויפטרעטן און איך געדענק, אַז ווייסמאַן האָט מיך אויפגעהויבן אינדערלופטן און מיך קוים אַריבערגעפירט דורך דער גרויסער שטוב צו דער עסטראַדע.

און דעמזעלבן אָוונט, ווען מיר האָבן דורכגעפירט דעם קאָנצערט אין דער פּריוואַטער שטוב און מיר האָבן געהאַט אַ מאַטעריעלן דערפאָלג און די מאַמע האָט געגרייט אַ גוטע וועטשערע פאַר אונז, האָבן מיר זיך דערוואוסט אַז דאָס אוקראַאינישע טעאַטער, דאָס זומער־טעאַטער וואָס איז עטלעכע מאָל אין דער וואָך געשטאַנען ליידיק און מען האָט עס אונז פונדעסטוועגן נישט געוואָלט פאַרדינגען — איז אינגאַנצן אָפּגעברענט געוואָרן און די אוקראַאינישע טרופּע איז געבליבן אָן אַ טעאַטער און זיי וועלן זיך מוזן מוטשען, אַזוי ווי זיי האָבן געמאַכט, אַז מיר זאָלן זיך מוטשען.

מיר האָבן אונזער ערשטן בעסערן נאַכט־עסן נאָך אַ היבשער צייט פון נויט, געגעסן מיט פיינעם אַפּעטיט און מען האָט שוין ווידער געלאַכט און געוויצלט, וועגן דעם אָפּגעברענטן זומער־טעאַטער...

# מיר מוזן שפּילן „חתן־כלה"

אונזערע קאָנצערטן אין דער פּריוואַטער שטוב האָבן זיך איינגעגעבן; די שטוב איז צו יעדן קאָנצערט געווען פול געפּאַקט, יעדער נומער איז שטורמיש אַפּלאָדירט געוואָרן און זעענדיק די דערפּאָלגן, האָט דער טאַטע אָנגעהויבן איינשטודירן אויך סצענקעס פון געשפּילטע פּיעסן און די שטוב האָט נישט געקענט אַריינעמען אפילו קיין העלפט פון דעם פּובליקום, וואָס האָט זיך געשטויסן אַריינצוקומען און עס האָבן זיך אָנגעהויבן סקאַנדאַלן בײַ דער טיר און דער טאַטע האָט געמוזט אַלעמען אַריבערשרייען בעטנדיק זיך אַז מען זאָל זיך פונאַנדערגיין, אַז מאָרגן וועט מען ווידער שפּילן און זאָל מען נישט שטערן די אונטערנעמונג, וואָס ווערט דורכגעפירט מיט אַזויפיל אָנשטרענגונג און סכנות־נפשות...

די נישט אַריינגעלאָזענע האָבן זיך אָבער נישט געוואָלט באַרואיקן, זיי האָבן געמאַכט אַ טומל און עס האָט נישט געהאָלפן קיין בעטן זיך בײַ זיי און אַזוי האָט עס זיך געצויגן עטלעכע מאָל, ביז איינמאָל, ווען מיר האָבן געהאַלטן אינמיטן שפּילן אַ סצענקע, איז פּלוצלינג געוואָרן אַ טומל און אַ געשריי, אַז אַ פּריסטאַוו קומט אָן.

דער באַלעבאָס, דער אָפּגעקומענער גביר, איז געזעסן אין אַ צווייטער שטוב באַם פענסטער און אַכטונג געגעבן נישט אַזוי ווייט צוליב אונז, ווי צוליב זיך אַליין און ער איז געווען דער, וואָס האָט געבראַכט די בשורת און אַרויסגערופן דעם גרויסן געטומל.

ערשט איצט האָט מען זיך געכאַפּט, אַז אַזעלכע פאָרשטעלונגען אין אַ פּריוואַטער שטוב זיינען פאַרבאָטן און מען האָט זיך געכאַפּט אַרויסלויפן פון שטוב און עס האָט געדראָט אויסצוברעכן אַ פּאַניק. דאָ האָט זיך ווייסמאַן פּלוצלינג אַ שטעל געטאָן, און מיט זיין לייבן־שטים האָט ער אויסגערופן: — שטויסט אייך נישט, בלייבט רואיק, מיר לאַכן פון זיי, מיר וועלן זיי אָפּנאַרן!... בלייבט נאָר רואיק, ווייל דאָ איז נישט קיין פאָרשטעלונג נאָר א תנאים, און אָט זיינען די חתן־כלה!... האָט ער אָנגעוויזן אױף מיר מיט פאָלעפּאַדען — אָט דאָס זיינען אונזערע חתן־כלה, און זאָל זיין פריילעך און שטערט נישט די שמחה!...

פיבערהאַפט שנעל האָט זיך די שטוב פאַרוואַנדלט אין אַ פּריוואַטע שמחה. דער באַלעבאָס פון שטוב האָט מורא געהאַט און ער האָט דערלויבט אַרויסצונעמען פון זיינע איבעריקע שטיבער טישן און טישטיכער און אין געציילטע מינוטן, זיינען שוין געשטאַנען אויסגעשטעלט טישן און דער עולם איז געזעסן אַרום און איך מיט פאָלעפּאַדען אויבנאָן — אַלס „חתן־כלה" און ביז דער דיקער פּריסטאַוו האָט זיך אַריינגעקאַטשעט

אין שטוב, זיינען שוין געשטאַנען פלעשלעך משקה אפן טיש און דער פריסטאַוו איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער און ווען דער טאַטע האָט אים מכבד געווען מיט אַ כוסה, האָט דער דיקער פריסטאַוו אָנגעהויבן שטאַמלען, אַז ס׳איז עפּעס גאָרנישט דאָס וואָס מען האָט אים געזאָגט... אַז מען האָט געזאָגט אַז די זשידקעס שפּילן דאָ טעאַטער... און ער האָט גענומען אַ כוסה און נאָך איינע און ער האָט צוגעווינטשעוועט אַ מזל־טוב דעם חתן־כלה פּאָרל און איז אַוועק.

די פרייד, וואָס דאָס איינגעגעבענע שטיקל אַרבעט האָט אונז דער־נאָך פאַרשאַפט, האָט שנעל געמאַכט פאַרגעסן די פריער איבערגעלעב־טע שרעק און מיר וואָלטן ווייטער געווען אָנגעגאַנגען מיט אונזער אַר־בעט, נאָר דער אָפּגעקומענער גביר האָט מורא געהאַט איינצושטעלן און ער האָט אונז די שטוב מער נישט געוואָלט פאַרדינגען.

מיר האָבן נאָך געמאַכט אַזאַ אונטערנעמונג אין אַן אַנדער פּריוואַטער שטוב, אָבער אויך דאָרט האָט זיך באַוויזן אַ פּריסטאַוו; זיכער האָט עמיץ אָנגעוויזן אָף אונז, מיר האָבן אויך דאָרט אָפּגענאַרט אפן זעלבן אופן, דאַסמאָל האָבן מיר כלומרשט געפּראַוועט אַ חתונה, אָבער דאַסמאָל האָט עס אונז שוין אָפּגעשראָקן און מיר האָבן אָנגעהויבן טראַכטן וועגן פאָרן ווייטער און בלויז עטלעכע טעג שפּעטער, זיינען מיר אַוועק פון יעקאַטערינאָסלאַוו.

## איך טרעט אויף אַלס מירעלע

מיר זיינען געפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, קיין טעאַטערס און קיין דערלויבענישן האָבן מיר נישט באַקומען און עפּעס טאָן האָט מען געוואָלט און געמוזט, האָט מען געטאָן ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו: מען האָט געשפּילט אין פּריוואַטע שטיבער.

דער טאַטע האָט געלאָזט אָפּדרוקן אַזעלכע קליינע פלוג־בלעטלעך און דאָס האָט מען צעטיילט פאַר די שילן, און פּובליקום איז געקומען אין די פּריוואַטע שטיבער, און מען האָט זיך כאַטש מיט נישט ווייניק שרעק, גאַנץ פיין דורכגעשלאָגן.

מיר האָבן אָבער שוין געוואוסט פון יעקאַטערינאָסלאַוו, אַז לאַנג קאָן „דאָס קריגל נישט גיין איבערן וואַסער", האָבן מיר טאַקע נישט לאַנג פאַרבראַכט אָף אַ פּלאַץ, נאָר געקומען אין אַ שטעטל, אָפּגעשפּילט איין מאָל אָדער העכסטנס צוויי מאָל און ווייטער געפאָרן.

און אַזוי זיינען מיר אָנגעקומען קיין נאָוואָ־מאָסקאָווסק.

ווי געוויינלעך, איז מיין טאַטע באַלד אויסגעווען אין אַלע ווינקלען

פון שטאָט און אַהיימקומענדיק אַ טרויעריקער, האָט ער דערציילט, אַז די שטאָט האָט זייער וואוילע און האַרציקע אידן, נאָר זיי קענען כמעט נישט ריידן קיין אידיש און ווער ווייס צי מען וועט דאָ קענען עפּעס אויפטאָן.

אָבער באַלד אפן צווייטן טאָג איז דער טאַטע געקומען מיט אַ נייעס, אַז ער האָט זיך באַקענט מיט אַ מיליאָנערסקע פאַמיליע, די פרוי פון דעם מיליאָנער שטאַמט פון בעסאַראַביע און זי קען גוט אידיש און זי וויל דוקא מיר זאָלן דאָ שפּילן אידיש טעאַטער און זי אַליין וויל מיטשפּילן.

עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן אונזער פרייד, מיר האָבן זיך באַלד גענומען צו דער אַרבעט, די מיליאָנערשע האָט שוין באַקומען אַ טעאַטער מיט אַ דערלויבעניש און מיר זיינען צוגעטראָטן צו פּראָבן.

די מיליאָנערשע האָט געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר מיר זאָלן אויפירן גאָלדפאַדנס „קאָלדוניא״, דאָס וועט זי דערמאָנען אָן איר היים-שטאָט וואו זי האָט געזען גאָלדפאַדענען אַליין אויפירן די פּיעסע צום ערשטן מאָל, און זי וויל טאַקע אַליין שפּילן די באָבע יאַכנע.

די פּראָבן האָבן געגנוג לאַנג געדויערט. אָבער די מיליאָנערשע האָט שוין געזען, אַז עס זאָל אונז גאַרנישט פעלן און ענדלעך, אַ שבת אָוונט, האָבן מיר אין נאָוואָ-מאָסקאָווסקער טעאַטער אויפגעפירט „קאָלדוניא״; פאָלעפאַדע האָט געשפּילט צום ערשטן מאָל אַלס „מאַרקוס״ און איך ביז צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן אין אַן אמתער ראָל נישט פון קיין קינד, נאָר ווי אַ פּרימאַדאָנע — אַלס מירעלע.

נאָך דער פאָרשטעלונג האָט זיך די מאַמע דערמאָנט, אַז איך בין אין דעם טאָג פונקט אַלט געוואָרן עלף יאָר און די גאַנצע טרופּע מיט דער מיליאָנערשע בראש, האָט פאַר מיר געפּראַוועט אַ רייכן געבורטס-טאָג, וואָס האָט זיך געצויגן ביז צומאָרגנס אין ווייסן טאָג אַריין!...

# זיבעטער קאַפּיטל:

דירעקטאָר גענפּער — אַן אַפּטייקערן וויל מיך אַדאָפּטירן — מיר פאָלן אַוועק אַף שקאַרלאַטין — קראַנקערהייט פאָרן מיר ווייטער — די טרופּע פאַרקויפט אַלץ כדי אונז צו ראַטעווען — מיר ווערן געזונט און ישראליקל שטאַרבט — ברײנדעלע קאַזאַק — איך וואַקס און ווער אַ קראַסאַוויצע — זוויניאַגאָראָדקא — דיריזשאָר ליאָוו — חוה פּאָלאַנסקי — איך טרעט אויף אַלס רחל אין „זשידאָווקא" — וויסמאַן שיקט זײַן ווײַב אַ גט — מײַן ערשטער אינצידענט אַלס פרײַלן — דער ערשטער קוש.

## אַן אַפּטייקערן וויל מיך אַדאָפּטירן

מײַן אויפטריט אַלס מירעלע האָט געמאַכט אַ גאָר גרויסן פוראָר און די פייערונג, וואָס די מיליאָנערשע האָט איינגעאָרדנט לכבוד מײַן געבורטסטאָג, האָט מיך אויך דערהויבן אין די אויגן פון דער גאַנצער טרופּע און איך האָב עטלעכע מאָל איבערגעלעבט די פריידיקע עמאָציעס, ווען מען האָט מיך נישט אַראָפּגעלאָזן פון דער בינע און איך האָב גע־מוזט איבערזינגען עטלעכע מאָל דאָס ליד — „אידן בני־רחמנים אַ גוט האַרץ איז דאָ בײַ אײַך!..."

אָבער נאָך עטלעכע מאָל שפּילן די „באָבע יאַכנע", האָט די מיליאָ־נערשע שוין געהאַט באַפּרידיקט איר קאַפּריז, דער טאַטע האָט זי גע־פּרוּווט באַוועגן, אַז זי זאָל איינשטודירן אויך אַן אַנדער פּיעסע, אָבער זי האָט אפילו מער נישט געטראַכט וועגן טעאַטער, און מיר האָבן ווידער געמוזט פּאַקן אונזער ביסל אָרימקייט אַף אַ פור און פאָרן ווייטער איבער שטעט און שטעטלעך.

עס האָט געטראָפן אין אַ סך שטעטלעך, אַז מיר זײַנען אפילו נישט אַראָפּגעקראָכן פון פור, דער טאַטע איז אַרומגעלאָפן צו נאַטשאַלסטוואָ און איז באַלד צוריקגעקומען אויפגערעגט און ער האָט אויסגערופן: — „זיי לאָזן זיך נישט איינבייסן, ווייטער פאָרן!..." און מיר זײַנען געפאָרן ווייטער, זוכן אַן אַנדער שטעטל, וואו דער טאַטע האָט באַוויזן איינצו־בייסן די טשינאָווניקעס און מען האָט געקענט געבן אַ געהיימע און אַמאָל אויך אַן אָפענע פאָרשטעלונג, מיט דער כסדרדיקער גרייטקייט צו פאַרוואַנדלען די אידישע פאָרשטעלונג אין אַ קאָנצערט פון קאַצאַפּסקע לידער און טענץ.

מיר האָבן א סך, זייער א סך געליטן, אָבער מיר האָבן אויך איבער־געלעבט פריידיקע מינוטן פון דערהויבונג, ווען אידישע מאַסן האָבן אונז אַרויסגעוויזן זייער באַגייסטערונג און אנערקענונג.

און אויב איך האָב פריער בלויז געזען מיינע עלטערנס ליידן און פריידן, האָב איך שוין אָנגעהויבן דורכפילן מיינע אייגענע איבערלעבונ־גען. איך בין שוין נישט געווען קיין קינד. איך האָב שוין געשפילט אַלס מירעלע און כאָטש איך האָב געהאַט נעבן זיך טאַטע־מאַמע, האָב איך מאָמענטן־ווייז געפילט, אַז אויך איך בין אַזוי אומגליקלעך ווי מירעלע און יעדעס מאָל ווען איך בין אויפגעטראָטן אין דער ראָל און איך האָב געזונגען דאָס ליד — „אידן בני־רחמנים”, האָט עס מיר פאַרקלעמט באַם האַרצן און טרערן האָבן זיך מיר געריסן פון די אויגן און איך האָב גע־מוזט מאַכן שטאַרקע אָנשטרענגונגען, אַז די טרערן זאָלן נישט פאַר־שטיקן מיין געזאַנג.

און איינמאָל, דאָס איז געווען אין שטעטל ווערכדניעפּראָווסק, נאָכ־דעם ווי איך האָב אָפּגעזונגען דאָס ליד, איך האָב נאָך רעכט ניט געהאַט באַוויזן אויסצעווישן די אויגן נאָכן אַראָפּגיין פון דער בינע, האָט זיך הינטער די קוליסן באַוויזן אַ יונגער מענטש, פיין געקליידעט, און מיר געכאַפּט די הענט צום קושן.

באַלד זיינען מיינע טאַטע־מאַמע צוגעקומען און ווען דער יונגערמאַן איז געקומען צו זיך האָט ער זיך פאָרגעשטעלט — **מישא גענפער**.

(מישא גענפער האָט שפּעטער זיך פאַרליבט אין דער אַקטריסע סטרעלסקאיא, חתונה געהאַט מיט איר און דערנאָך געוואָרן אַ טעאַטער־דירעקטאָר און יאָרן שפּעטער האָב איך אים אין ווילנע געטראָפן אָנפירן מיט אַ אידיש טעאַטער).

גענפער האָט אונז שוין נישט אָפּגעטראָטן. ער איז דעמלט געווען אַ פריקאַזטשיק, אָבער ער האָט זיך אין ווערכדניעפּראָווסק געציילט צווישן די אינטעליגענטע יונגעלייט און ער איז געווען אַזוי באַגייסטערט פון מיין „מירעלע”, אַז ער האָט מיר געבראַכט די גאַנצע אינטעליגענץ פון שטעטל, מיר זיי פאָרגעשטעלט און געזאָגט, אַז ער קאָן וועטן אַף זיין קאָפּ, אויב איך וועל נישט דערגרייכן אַ גרויסע קאַריערע אַלס קינסטלערין.

צווישן די פאָרגעשטעלטע פּני פון שטעטל, האָט זיך אויך געפונען אַן אַפּטייקער מיט זיין פרוי.

דער אַפּטייקער מיט זיין פרוי זיינען שוין געווען אַ פּאָרל אין די מיטע־לע יאָרן, קינדערלאָז, און די פרוי האָט זיך צו מיר אַזוי צוגעקלעפּט און זי האָט אַזוי געבעטן, אַז מיר זאָלן באַזוכן איר היים, אַז מיין טאַטע האָט עס נישט געקענט אָפּזאָגן, און ער איז מיט מיר מיטגעגאַנגען, מען

האָט פאַר אונז געפּראַוועט אַזאַ גרויסאַרטיקן מאָלצייט, וואָס האָט אי־בערגעשטיגן אפילו דעם רייכן טיש בא דער מיליאָנערשע פון נאַוואָ־מאָסקאָווסק.

די אַפּטייקערן האָט אויפגעפאָדערט מיין טאַטן, אַז ווי לאַנג מיר פאַרבלייבן אין ווערכדניעפּראָווסק, זאָל איך יעדן טאָג קומען עסן מיטיק צו איר; די מאַמע האָט באַלד מסכים געווען — זאָל דאָס קינד כאָטש אַריינכאַפּן גליקלעכע מינוטן... אין שטוב פון דעם קינדערלאָזן פּאָרל האָט מען מיר אַרויסגעוויזן אַזויפיל אויפמערקזאַמקייט און ליבע, אַז איך האָב די מענטשן באמת ליב באַקומען.

נאָר שנעל איז געקומען דער פינאַל צו דער באַקאַנטשאַפט.

דאָס איז געשען, ווען די אַפּטייקערן האָט זיך געווענדעט צו מיין מאַמען און זי געפרעגט, צי זי וואָלט נישט דערלויבט, אַז זיי זאָלן מיך אַדאָפּטירן אַלס זייער קינד.

די אַפּטייקערן האָט עס אפילו נישט געטאָן פּלוצלינג; זי האָט צוערשט גערעדט מיט מיין מאַמען וועגן מיין טאַלאַנט און זי האָט פאַר איר געמאָלן בילדער וואָס פון מיר קאָן אַלץ ווערן, ווען איך זאָל האָבן אַן אָנהאַלט, ווען איך זאָל קענען שטודירן, ווען איך זאָל קענען אַנטוויקלען מיינע אייגנשאַפטן און אַז דאָס וואָלט איך נאָר געקענט דערגרייכן, ווען אַ פאַרמעגלעכע פאַמיליע זאָל זיך מיט מיר פאַראינטערעסירן; די מאַמע האָט אַלץ אויסגעהערט און שטיל צוגעזיפצט צו די אמתע ווערטער, נאָר ווען עס איז געקומען דאָס וואָרט וועגן אַדאָפּטאַציע, האָט זיך די מאַמע מאָמענטאַן געענדערט, זי איז געוואָרן רויט ווי מען וואָלט איר דערלאַנגט אַ פּאַטש איבערן פּנים, זי האָט נישט געענטפערט קיין וואָרט, נאָר מיך גענומען אונטערן אָרעם און מיך צוריקגעפירט אַף אונזער קוואַרטיר.

ערשט אינדערהיים האָט די מאַמע אויסגעבראָכן אין אַ ספּאַזמישן געוויין, זי האָט מיך אַרומגעכאַפּט און מיך באַדעקט מיט קושן און באַ־וואַשן מיט הייסע טרערן און זי האָט נישט אויפגעהערט מורמלען: — פאַר ציגיינער האַלטן זיי אונז... זיי גלויבן, אַז מיר זיינען גרייט אונזערע קינדער צו פאַרקויפן...

אַפצומאָרגנס האָבן מיר געפּאַקט די זאַכן און ווייטער געפאָרן.

## מיר פאַלן אַוועק אַף שקאַרלאַטין

נאָך די קאַרגע גוטע טעג, האָבן זיך אָנגעהויבן וואָכן און חדשים פון מאַטערניש; מיר זיינען געפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, אין וועלכע עס איז אונז צומאָל נישט אויסגעקומען אַראָפּצוקריכן פון דער פור. אפי־

לו אין ניקאָלאיעוו, וואו מיר האָבן שוין נישט איינמאָל געשפּילט, איז געווען אַ נייער פּריסטאַוו, וואָס האָט נישט געטרונקען און ער האָט נישט געוואָלט „נעמען אין יד” און מיר האָבן בשום אופן גאָרנישט געקענט אויפטאָן.

מיר האָבן זיך דאָרט אָפּגעשטעלט אַף אַ קוואַרטיר, איין שטוב פאַר אונזער משפּחה און אַ צווייטע פאַר דער גאַנצער טרופּע און וואָס אַ טאָג עס איז אַדורך, איז אונזער לאַגע געוואָרן ערגער, ווייל מיר האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן נישט פאַרן קוואַרטיר און נישט אַף הוצאות צו קענען פאָרן ווייטער.

מיין טאַטע איז יעדן אינדערפרי אַרויסגעגאַנגען און איז אויסגעווען אַלע ווינקלען פון שטאָט און צוריקגעקומען איז ער נאָך פאַרחושכטער ווי ער איז אַרוים; ער האָט גאָרנישט באַוויזן אויפצוטאָן, מען האָט נישט געקענט שפּילן.

צו אונזער פאַרצווייפלונג, איז נאָך צוגעקומען אַ גרעסערער אומגליק: שייקעלע איז פּלוצלינג אַוועקגעפאַלן מיט שטאַרקער היץ, מען האָט באַדאַרפט האָבן אַ דאָקטאָר און אַ טאָג שפּעטער איז אויך פאַניטשקע אַוועקגעפאַלן; אַלע אַקטיאָרן האָבן געהאַט אַ באַראַטונג און מען האָט זיך צונויפגעלייגט ווער עס האָט געהאַט אַ זייגער, ווער אַ פּאָר גאָלדענע זאַפּינקעס וואָס מען האָט אָפּגעשפּאָרט אין בעסערע צייטן און מען איז אַרוים, מען האָט פאַרקויפט און געבראַכט געלט און באַלד איז געווען אַ דאָקטאָר, און ווער קאָן באַשרייבן אונזער פּיין, ווען מיר האָבן געהערט, אַז שייקעלע מיט פאַניז האָבן שקאַרלאַטין און אַז מען מוז מיך מיט ישראַליקלען אַוועקנעמען פון דער שטוב, כדי מיר זאָלן זיך נישט אָנעמען.

ווי האָב איך זיך דעמלט געפילט נאָך די גליקלעכע טעג באַ דער צפּטייקערן אין שטוב? איך האָב זיך געפילט ווי אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע און איך האָב זיך געטוליעט צו דער מאַמען און וואָס מען וואָלט מיט מיר דעמלט געטאָן וואָלט געווען גוט. איך האָב געוויינט ווען איך האָב געזען די מאַמען וויינען, און איך וואָלט אפשר אויך געלאַכט און פריילעך געווען, ווען איך זאָל געווען זען טאַטע־מאַמע לאַכן און פריילעך זיין; אָבער זיי האָבן נישט געלאַכט און עס איז באַ אונז מער נישט געווען פריילעך. אפילו די איינציקע פרייד, דאָס שפּילן טעאַטער גופא, איז אונז אויך נישט באַשערט געווען, מיר האָבן אין ניקאָלאַיעוו נישט געטאָרט שפּילן.

אין דער צווייטער שטוב פון די אַקטיאָרן, האָט מען אויסגעבעט אַ געלעגער אַף דער ערד און איך האָב זיך דאָרט מיט ישראַליקלען אַוועק־

געלייגט און מיט שרעק האָב איך זיך צוגעהערט צו דער מאַמעס געוויין פון דער צווייטער שטוב, וואו שייקעלע מיט פאַנין האָבן געברענט אין פיבער און פלוצלינג האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז שייקעלע רופט מיך, ער וויינט, ער וויל מיך זען; איך האָב געוואָלט אויפשטיין פון געלעגער און אַריינגיין צו אים, אָבער עפּעס זיינען מיר אַלע גלידער געוואָרן אַזוי שווער, אַזוי ווי איך וואָלט געווען געבונדן און איך האָב זיך נישט געקאָנט קיין ריר געבן... און דאָ הער איך ווייטער שייקעלעס קול, ער וויינט אַזוי שטיל און בעט זיך נאָך שטילער — יהודיתל... זיניטשקאַ... קום אַריין צו מיר... איך גיי שטאַרבן... עס וועט זיך מיר בענקען... קום אַריין צו מיר און שטאַרב מיט מיר צוזאַמען...

ווידער האָב איך זיך געוואָלט אויפהויבן, איך האָב נאָך געמאַכט אַ שטאַרקערע אָנשטרענגונג, אָבער פון פלאַץ האָב איך זיך נאָך אַלץ נישט געקאָנט רירן און עפּעס אַ ווילדע שרעק איז מיך באַפאַלן און איך האָב אָנגעהויבן שרייען.

מען האָט אָנגעצונדן אַ לאָמפּ און עמיץ איז צו מיר צוגעקומען און איך האָב געהערט ווי עמיץ האָט אויסגעשריגן: — זי ברענט דאָך אויך פון היץ!.. און איך האָב געהערט ווי עמיץ רעדט און מען וויינט, אָבער קיין קול האָב איך נישט דערקענט. וואָס ווייטער איז געווען, ווייס איך נישט, איך ווייס נאָר, אַז ווען איך האָב די אויגן געעפנט, האָב איך געזען אינדערהויך אַ הימל און איך האָב געפילט, אַז איך ליג אויף אַ פור און די רעדער טרייסלען און... אַז איך בין הונגעריק.

ווען איך האָב אויסגערופן — מאַמע, איך וויל עסן — האָט זיך די מאַמע אַ לאָז אַראָפּ געגעבן צו מיר און מיך אָנגעהויבן קושן און איך האָב געהערט ווי זי האָט אויסגעשריגן מיט פרייד: — זיניטשקאַ האָט געעפנט די אויגן!...

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז איך ליג אין דער פור. ווען איך האָב געוואָלט אַרויסנעמען אַ האַנט און נישט געקאָנט, האָב איך פאַרשטאַנען אַז איך ליג איינגעוויקלט אין דער דיקער שאַל, וואָס נאַסטאַסיאַ האָט בא אונז אַמאָל איבערגעלאָזן און דערמאָנענדיק זיך אָן נאַסטאַסיאַן, האָט מיך אַרומגעכאַפּט אַ שרעק, עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז זי שטייט איבער מיר געבויגן און זי מאַכט אַ צלם אינדערלופטן און איך האָב זיך פלוצלינג דערמאָנט אָן שייקעלען, ווער ווייסט וואָס מיט אים איז געשען? ער איז דאָך געווען אַזוי קראַנק און איך האָב אויסגערופן: — וואו איז שייקעלע?

די מאַמע האָט זיך געטוליעט צו מיר און מיר פאַרזיכערט, אַז שייקעלע פאָרט אויף דער צווייטער פור מיטן טאַטן, באַלד וועלן מיר זיין

אין שטעטל און איך וועל ווידער זיין געזונט און וועל שפּילן פּרימאַדאָ־נעס און די מאַמע וועט נאָך אַ סך נחת האָבן פון איר זיניטשקאַ...

איך האָב דער מאַמעס טרייסט־ווערטער געהערט ווי אין חלום, די פור האָט זיך געטרייסלט און די ווערטער זיינען געקומען אָפּגעהאַקטע און נאָך מער ווי די ווערטער, האָב איך געפילט דער מאַמעס צאַרטע דריקן מיך צו איר האַרץ און איך האָב געזען ווי טרערן גליטשן זיך אף אירע באַקן און זי ווישט זיי מיט דעם טוך אין וועלכן זי איז געווען איינגעוויקלט.

ווי לאַנג דאָס פאָרן האָט נאָך געדויערט, ווייס איך נישט; איך גע־דענק נאָר אַז אונזער פור איז אַריינגעפאָרן דורך אַ טויער אף אַ גרויסן הויף, דאָרט האָט מען מיך אַראָפּגענומען און אַריינגעטראָגן אין אַ שטוב, ווייסמאַן האָט מיך אַ לאַנגע צייט געהאַלטן אַזוי פאַרוויקלט ווי איך בין געווען, ביז די מאַמע האָט אויסגעבעט אַ געלעגער און ווייסמאַן האָט מיך אַוועקגעלייגט, און איך בין באַלד איינגעשלאָפן.

## מיר ווערן געזונט און ישראליקל שטאַרבט

אפּצומאָרגנס האָב איך זיך ערשט דערוואוסט, וואָס מיט מיר איז געשען: אויך איך בין אַוועקגעפאַלן אף שקאַרלאַטין און אַלע דריי, איך, שייקעלע און פאַני, האָבן מיר געשוועבט צווישן לעבן און טויט, און מאַטע־מאַמע מיט דער גאַנצער טרופּע האָבן כמעט אַלץ פון זיך אַראָפּ־פאַרקויפט כדי אונז צו קענען ראַטעווען און, דאַנקען גאָט, די געפאַר איז אַריבער, דער שווערער וועג אף דער פור האָט אונז נישט פאַרשאַדט און, אַז גאָט וועט העלפן און מען וועט קענען געבן עטלעכע פאָרשטע־לונגען, וועט מען פאַמעלעך קומען צו זיך

דער איינציקער „העלד" צווישן אונז, איז געווען דער קליינער ישרא־ליקל. ער איז אַרומגעלאָפן איבער דער שטוב, צוגעלאָפן יעדעס מאָל צו אַן אַנדער געלעגערל, דאָ צו פאַניטשקען, דאָ צו שייקעלען און דאָ צו מיר און אָקטיאָרן האָבן זיך געוויצלט אפן חשבון פון דאָקטוירים, וואָס וואַרפן אָן אַ שרעק אַז מען קאָן זיך אָנעמען און עס איז געבליבן, אַז ווען גאָט וויל אָפּהיטן, מעג מען אפילו שלאָפן צוזאַמען קאָן אויך גאָר־נישט געשען...

ווייזט אויס, אַז גאָט האָט דאָסמאָל נישט געוואָלט אָפּהיטן, ווייל פלוצלינג, ווען מיר, די דריי קראַנקע קינדער האָבן זיך שוין אָנגעהויבן בעסערן אין געזונט, איז ישראליקל אַוועקגעפאַלן, און דאָ האָט דער טאַטע שוין געמאַכט פראָבן און מען האָט זיך געגרייט צום ערשטן אויפ־

טריט און אויפטרעטן האָט מען געמוזט, ווייל עס איז נישט געווען פאַרוואָס דעם טאָג איבערצוקומען.

האָט מען געמאַכט פּראָבן און איך האָב ליגנדיק אַף מיין געלעגער געזען, ווי די מאַמע מאַכט פּראָבע, זי זינגט אַ פריילעכן קופּלעט און מאַנצט אונטער און די בליקן אירע זיינען געווענדעט צו ישׂראליקלס געלעגערל און פון אירע אויגן קאַפּען אַזעלכע גרויסע טרערן און דאָס זעענדיק האָט עס מיר עפּעס אַזוי פאַרקלעמט באַם האַרץ, אַז איך האָב נאַס געמאַכט דאָס קישן מיט מיינע טרערן.

דער טאַטע האָט געבראַכט אַ אידענע, וואָס זאָל וואכן באַם קראַנקן קינד, אָבער די מאַמע האָט זיך מורא געהאַט צו פאַרלאָזן, און ווען איך האָב געעפנט די אויגן, האָב איך זי געזען שטיין נעבן קינדס געלעגערל אַריבערגעבויגן און די אידענע איז געזעסן דערנעבן און געדרימלט.

אָבער צומאָרגנס באַנאַכט, האָט זיך די מאַמע געמוזט פאַרלאָזן אַף דער אידענע, ווייל זי האָט געמוזט גיין שפּילן טעאַטער. נאָך פאַרנאַכט איז דער טאַטע אַריינגעקומען אַ פריילעכער און דערציילט, אַז מען לויפט נאָך בילעטן ווי נאָך מצה־וואַסער און עס וועט זיין גוט! זעענדיק דער מאַמעס פאַרוויינטע פּנים האָט זיך זיין פּנים אויך פאַרכמאַרעט, ער איז צוגעגאַנגען צו ישׂראליקלס געלעגערל, אַ טאַפּ געטאָן אים דאָס קעפּל און ער איז באַלד אַוועק צום פענסטער און געווישט די טרערן.

גיין שפּילן טעאַטער האָט מען געמוזט! מיטן בלייבן זיצן אינדערהיים, האָט מען דאָס קינד נישט געקאָנט ראַטעווען, האָט טאַקע די מאַמע אויסגעבראָכן אין אַ יאָמערלעכן געוויין, זי האָט זיך נישט געקאָנט אַוועקרייסן פון קינדס געלעגערל און מען האָט זי געמוזט אַף כוח אָפּרייסן און זי אַרויספירן פון שטוב.

די אידענע איז געבליבן זיצן נעבן קינד, אָבער אויך איך האָב געוואַכט; איך האָב נישט אַראָפּגענומען מיינע בליקן פון ישׂראליקלס געלעגערל, ביז די אויגן האָבן זיך מיר פאַרקלעפּט און איך בין איינגעשלאָפן.

ווען איך האָב ווידער געעפנט די אויגן, איז די שטוב געווען איינגעהילט אין טונקלקייט, בלויז דער פּלאַץ וואו ישׂראליקל איז געלעגן, איז געווען באַלויכטן פון אַ קליין איינגעדרייט לעמפּל און איך האָב געזען ווי די אידענע זייצט און דרימלט און געהערט האָב איך עפּעס אַזאַ מאָדנע כאָרכלען און כסדר עפּעס אַזאַ קוויטשיקן אויסרוף. איך האָב דערקענט ישׂראליקלס שטימעלע און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער דאַרף עפּעס, אַז ער וויל עפּעס בעטן, נאָר ער שטיקט זיך און קאָן נישט אויסשרייען וואָס ער וויל און זעענדיק, אַז די אידענע הערט נישט דעם קינדס אויסרופן, בין איך אַראָפּ פון געלעגער, דער קאָפּ האָט זיך מיר

פאַרדרייט און איך האָב זיך געמוזט אָנהאַלטן אָן אַ שטול נישט אומצו־פאַלן און אַזוי האָב איך זיך צוגערוקט ביז צו ישׂראליקלען.

באַם שיין פון איינגעדרייטן לעמפּל האָב איך געזען זיין רויט פאַר־פלאַמט פּנימל... איך האָב קיינמאָל מער נישט געקאָנט פאַרגעסן די בעטנדיקע רחמנות־בליקן, מיט וועלכע ער האָט דעמלט געקוקט אױף מיר.

איך האָב שוין געוואָלט אויפוועקן די אידענע, ווען איך האָב פּלוצ־לינג דערזען, אַז ישׂראליקל שמייכלט צו מיר און דער שמייכל ווערט באַלד אויסגעקרומט אין אַ גרימאַס און די שוואַרץ־אַפּלען פון זיינע אויפגעריסענע אייגעלעך האָבן זיך אָנגעהויבן אַזוי שנעל באַוועגן און אַ שרעק איז מיך באַפאַלן און איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן צו אים און אים אָנגעהויבן קושן און שרייען: — ישׂראליקל! ברודערל מיינס!... איך האָב אים געוואָלט זאָגן, אַז ער וועט זיין געזונט, נאָר די אידענע האָט זיך אויפגעכאַפּט און זי האָט אָנגעהויבן שרייען אױף מיר פאַרוואָס איך בין אַראָפּ פון געלעגער און זי האָט מיך צוריקגעלייגט און באַלד האָט די אידענע געמאַכט אַ געוואַלט, עס זיינען זיך צונויפגעלאָפן מענטשן, באַלד זיינען אויך געקומען דער טאַטע מיט דער מאַמען און די גאַנצע מרופע, די מאַמע האָט זיך געריסן די האָר פון קאָפּ און אַלע האָבן גע־וויינט און ווען איך האָב זיך צומאַרגנס אויפגעכאַפּט פון שלאָף, האָב איך געזען ווי די מאַמע זיצט אױף אַ קליין בענקעלע... ישׂראליקל איז מער נישט געווען...

## ברײַנדעלע קאָזאַק

אונזערע זאָרגן זיינען געווען צו גרויס און אונזערע איבערלעבענישן צו טומלדיקע, און עס איז נישט געווען קיין צייט צו באַוויינען דעם טויט פון דעם שיינעם ישׂראליקל.

בלויז פון צייט צו צייט און דאָס שוין אפילו נאָך יאָרן, האָט די מאַמע דערמאָנט דאָס אָרימע קינד און זי האָט עס באַדויערט און באַוויינט און געזאָגט, אַז נאָר די נויט האָט דאָס קינד דערהרגעט, ווייל מיר האָבן עס נישט געהאַט מיט וואָס צו ראַטעווען... און זי האָט געפּלעגט דערמאָנען דעם קינדס חכמהלעך און אפשר טאַקע דערפאַר איז ער געשטאָרבן, ווייל ער האָט פאַרשטאַנען די דאָליע, וואָס אים דערוואַרט און ער האָט זיך באַצייטנס אַריבערגעקליבן אין גן־עדן...

אָבער נישט צו אָפט האָט די מאַמע צייט געהאַט צו דערמאָנען איר געשטאָרבן קינד; מען האָט באַדאַרפט אַרבעטן מען האָט באַדאַרפט

איינשטודירן נייע פּיעסן און די מאַמע האָט זיך אָנגעהויבן טרייסטן דער־מיט, וואָס מיר, איך, שייקעלע און פאַני האָבן זיך כאַטש אַרויסגעראַטעוועט און איך האָב שוין ווידער אָנגעהויבן שפּילן. איך בין אויפגע־מראַטן אַלס מירעלע, געוועזן די הויפּט־זינגערן פון קוואַרטעט, מיט וועלכן מען האָט אַלץ געמוזט זיין גרייט אַף אַפּצונאַרן נאַטשאַלסטוואַ און דערוויל האָט מען געהערט, אַז טרופּעס שפּילן גאָלדפאַדענס אַ נייע פּיעסע וואָס הייסט „ברײַנדעלע קאָזאַק״ און דער טאַטע האָט אָנגעהויבן שרייבן מען זאָל אים צושיקן די פּיעסע, און דערוויל איז מען ווייטער געפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך, און ווייזט אויס, אַז גאָט האָט געוואָלט די מאַמען טרייסטן נאָך איר פאַרלוירן ישׂראליקלען און זי איז ווידער געווען שוואַנגער און עס האָבן זיך פאַר מיר ווידער אָנגעהויבן שווערע צייטן, ווען איך האָב געמוזט אי שפּילן טעאַטער און אי זיין די גאַנצע באַלעבאָסטע אין שטוב און איך האָב שוין אַנדערש געקוקט אַף די געשעעענישן ווי אַמאָל, עס האָט מיך אָנגעהויבן פאַרדריסן דער מאַמעס שוואַנגערשאַפט, אָבער איך האָב מיין פאַרדרוס אַראָפּגעשלונגען און געהאַלטן אין זיך און אויסערלעך האָב איך זיך אָן פראָטעסט אונטערגע־וואָרפן מיין שווערן גורל.

דאָס איז געווען אין שפּאָליע, אין דעם שטעטל וואו טויזנטער חסידים זיינען געקומען צום שפּאָליער רבין, דאָרט האָט די מאַמע גע־בוירן אַ ניי טעכטערל, און וויל דער טאַטע האָט גראָד באַקומען צוגע־שיקט די פּיעסע „ברײַנדעלע קאָזאַק״, האָט דער טאַטע געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר דאָס קינד זאָל הייסן ברײַנדעלע.

און וויל די פּיעסע האָט שטאַרק אויסגענומען און אונזער אַקטיאָרן קאָלעקטיוו האָט אויפגעלעבט, האָבן די אַקטיאָרן געזאָגט, אַז דאָס קינד איז זיי מזלדיק און זיי האָבן מיין ניי שוועסטערל גערופן „ברײַנ־דעלע קאָזאַק״.

נאָר נישט לאַנג האָט זיך די מאַמע געפרייט מיט דער קליינער ברײַנדעלע קאָזאַק, ווייזט אויס, אַז אויך ברײַנדעלע איז געווען אַ גרוי־סער חכם, וויל בלויז נאָך ניין חדשים מיטמאַכן דעם נע־ונעד־לעבן פון אונזער טרופּע, נאָך ניין מאָנאַטן אומוואַנדערן איבער שטעט און שטעט־לעך, איז זי אין ליפּקאַן קראַנק געוואָרן און איז שוין דאָרט געבליבן אַף אייביק.

ווען מיר זיינען אַוועק פון ליפּקאַן, האָבן מיר נאָך אַ סך מאָל גע־שפּילט די פּיעסע „ברײַנדעלע קאָזאַק״, נאָר מיין שוועסטערל ברײַנדעלע, איז שוין געווען אין ליכטיקן גן־עדן...

## איך וואַקס און ווער אַ קראַסאַוויצע...

זאָל עס נישט הייסן קיין זעלבסט-לויב, ווייל איך זאָג עס נישט וועגן איצט, נאָר זאָגן מוז איך עס, אַז באַלד נאָך דער שקאַרלאַטין און וועלכער איך האָב געשוועבט צווישן לעבן און טויט, האָב איך זיך ערשט אָנגעהויבן אַנטוויקלען און צעבליען ווי אַ בלום אין חודש מאַי.

איך בין אָבער כסדר געווען אַזוי פאַרטאָן מיט פראָבן און באַ שטוב-אַרבעט, אַז פונקט אַזוי, ווי איך האָב פריער נישט געפילט מיין איבערגאַנג פון קינד צום ווערן אַ מיידל, אַזוי האָב איך איצט נישט געזען מיין איבערגאַנג פון מיידל צו פרייל, און עס איז געשען ווי פלוצלינג; נאָך אַ פאָרשטעלונג, ווען עטלעכע אינטעליגענטן זיינען געקומען הינטער די כוליסן, האָט מען מיך באַגריסט און מען האָט מיך גערופן „באַרישניא"... איך האָב געפילט אַז דאָס בלוט קומט מיר אין פנים און איך האָב זיך געמאַכט ווי נישט הערנדיק, אָבער דערנאָך האָב איך געקוקט אין שפיגל און פעסטגעשטעלט, אַז איך זע שוין טאַקע אויס ווי אַ דערוואַקסענע פריילין.

פון דעמלט אָן האָט זיך עס אָנגעהויבן.

באַ יעדער געלעגנהייט האָט מען מיך גערופן „קראַסאַוויצע" און מען האָט שוין אָנגעהויבן לויבן נישט נאָר מיין שפילן, נאָר אויך מיין שיינקייט; עס האָבן שוין אָנגעהויבן געפעלן מיינע אויגן און מיינע האָר און איך האָב זיך גערויטלט באַ יעדן קאָמפּלימענט און דערנאָך האָב איך געקוקט אין שפיגל און זיך נאָך מער גערויטלט, ווען איך האָב איינגעזען, אַז עס איז טאַקע אַזוי ווי מען זאָגט מיר.

אין יעדער שטאָט און אין יעדן שטעטל, וואו מיר האָבן נאָר געהאַט אַ געלעגנהייט און אַ מעגלעכקייט צו געבן אַ פאָרשטעלונג, האָבן זיך נאָך דער פאָרשטעלונג געיאָוועט די אינטעליגענטע בחורים, זיי האָבן געזוכט זיך מיט מיר צו באַקענען און איך האָב שוין געזען און פאַרשטאַנען, ווי גליקלעך עס האָט זיך געפילט דער בחור וועמען איך האָב געשאָנקען אַביסל מער אויפמערקזאַמקייט ווי אַנדערע.

אָף די שווערע נע-ונד וועגן פון אידישן טעאַטער, פאָרנדיק אָף טרייסלענדיקע פורן פון אָרט צו אָרט און פון איין גובערניע אין דער אַנדערער, האָב איך זיך אַנטוויקלט און צעוואַקסן און אין די מענערשע בליקן, האָב איך שוין געזען אַזעלכע פייערלעך, וועלכע איך האָב פריער, אַלס קינד נישט געזען.

אָבער ווי אָנגענעם עס איז מיר געווען צו הערן אַ קאָמפּלימענט, איז מיר אָבער מיין טעאַטער אַרבעט געווען נאָך פיל אָנגענעמער. איך האָב

געבענקט צו דער בינע און ווען עס איז ערגעץ־וואו געווען א שטערונג און מען האט נישט געקאנט שפילן, האב איך זיך נישט געקאנט קיין ארט געפינען. פארקערט, אין אזעלכע ארבעטלאזע טעג, האב איך גע־פילט א פארדרוס, ווען א בחור האט מיר געזאגט א גוט ווארט, ווייל דא האט מען דאך דאס גוטע ווארט געזאגט דער פריילין און נישט דער יונ־גער אקטריסע און איך האב דוקא הנאה געהאט ווען מען האט געלויבט די אקטריסע אין מיר...

אנגענעם זיינען ביי אונז געווען די פרייטיק־צו־נאכטן.

קיין טעאטער האט מען נישט געשפילט, האט זיך די שטעטלשע אינטעליגענץ צונויפגעקליבן ביי אונז אף דער אכסניה, דער טאטע האט דעמלט ארויסגענומען זיינע שריפטן, און שריפטן האט ער געהאט א סך, ווייל ער האט געשריבן לידער און פיעסן און סצענקעס, וועלכע מיר האבן גאנץ אפט אויפגעפירט און די יונגעלייט האבן אויסגעהערט דעם טאטנס פארלייענען און זיי האבן געלויבט די זאכן און דער טאטע האט באדויערט, וואס ער האט נישט קיין געלט ארויסצוגעבן די זאכן אלס בוך און די מאמע האט אים געטרייסט אז נישט אלעמאל וועט זיין שלעכט, עס וועלן אויך קומען בעסערע צייטן, ווען דער אידישער אק־טיאר וועט אפגעשאצט ווערן ווי ער פארדינט... און אין אזעלכע פרייטיק־צונאכטן האבן מיר אויך געפילט די גייסטיקע דערהויבונג, אזוי ווי אף דער בינע, און בעת אזעלכע פארלעזונגען האב איך געזען אין מיין טאטן א גאנץ אנדערן מענטש ווי אלעמאל, און איך האב פארשטאנען, אז לייענענדיק זיינע שריפטן, פילט דער טאטע דעם זעלבן גענוס, ווי איך פיל אף דער בינע, בעת דער עולם באשענקט מיך מיט אפלאדיסמענטן.

## חוה פאלאנסקי

אזעלכע פרייטיק־צונאכטן האבן מיר געהאט א סך, נאר אמשטארק־סטן איינגעקריצט אין מיין זכרון האט זיך אזא פרייטיק־צונאכט אין שטעטל זוועניגאראדקא.

דארט האט זיך צווישן די יונגע־לייט געפונען איין בחור, וואס האט געהייסן ליאווו און דער בחור האט געבראכט צו אונז די פיעסע „זשי־דאווקא" און ער האט געזאגט, אז ער איז גרייט מיטצושפילן, אויב מען וועט אויפירן די פיעסע.

מיר האבן שוין וועגן דער פיעסע א סך געהערט און איך האב שוין נישט איינמאל געחלומט וועגן שפילן די ראל אלס רחל. איך האב זיך

אריינגעמישט אין שמועס און נאָכן איבערלייענען די פיעסע, האָט דער באַטע געגעבן די הסכמה אַז מיר זאָלן זי שפּילן.

ליאָוו (דאָס איז דערזעלבער ליאָוו, וועלכער איז שפּעטער געוואָרן דיריגענט ביי סיראָטאַן אין וואַרשע, פונוואַנען ער איז דערנאָך געפאָרן קיין אַמעריקע), האָט זיך שנעל גענומען צו דער אַרבעט, ער האָט שוין בא די פּראָבן אָנגעקוואָלן פון מיר און נאָכדעם ווי מיר האָבן אויפגעפירט די פּרעמיערע און דער סאַלאָן איז געגאַנגען כּאָדאָראָם פון באַגייסטע־רונג, האָט ליאָוו מיך אַרומגעכאַפּט קושן און ער האָט מיין טאַטן אָנגע־כאַפּט בא די קלאַפּעס פון זיין ראָק און טרייסלענדיק מיט אים, האָט ער אויסגערופן: — טוט עפּעס פאַר אייער טאָכטער! איר האָט אַ גרויסן אוצר! זי וועט דערגרייכן אַ גאָר גרויסע קאַריערע, און איר דאַרפט זי אָפּהיטן ווי אייער אויג אין קאָפּ!...

ווי גרויס עס איז די קאַריערע וואָס איך האָב דערגרייכט, זאָלן אַנ־דערע אָפּשאַצן, איך דערמאָן נאָר ליאָווס ווערטער, וואָס ער האָט אין גרוי־סער באַגייסטערונג ממש ציטערנדיק אויסגערופן, ווייל זיי געדענקען זיך...

און נאָך אַ זאַך, וואָס האָט געמאַכט, אַז איך זאָל אייביק געדענקען דאָס שטעטל זוועניגאָראָדקאַ; דאָרט האָב איך צום ערשטן מאָל באַקו־מען אַ חברטע צו זיך, א חברטע וואָס האָט צוזאַמען מיט מיר יאָרן לאַנג געטיילט די ליידן און די פריידן פון אונזער נע־ונה לעבן.

אין דעם שטעטל האָט געלעבט אַ מיידל אַ יתומה, חוה האָט זי געהייסן, און מען האָט געזאָגט אַז די חוה, האָט זייער אַ שיינע שטים.

און עמיץ, און אפשר איז עס געווען ליאָוו, האָט זי געבראַכט צו אונז, דער טאַטע האָט זי אויסגעהערט און זי איז שוין געבליבן ביי אונז אין טרופּע. (היינט געפינט זיך מיין ליבע יוגנט חברטע חוה פּאָלאַנסקי אין בראַזיל)

חוה פּאָלאַנסקיס צוקומען צו אונזער טרופּע, איז פאַר מיר געווען ווי א מתנה פון גאָט. מיין האַרץ האָט זיך דעמלט געצאַפּלט צווישן אַזויפיל איינדרוקן און געפילן און מיט טאַטע־מאַמע קאָן מען דאָך עפּעס נישט ריידן וועגן די אַלע זאַכן און זי, חוה, איז מיר באַלד געוואָרן ווי אַ גע־טרייע שוועסטער פאַר וועמען איך האָב געקאָנט עפענען מיין האַרץ און זי האָט אַלעמאָל פאַרשטאַנען ווי אַזוי מיך איינצונעמען און מיר פאַר־לייכטערן מיין געמיט.

## ווייסמאַן שיקט זיין ווייב א גט

נאָך אַ זאַך האָט פּאַסירט אין זוועניגאָראָדקאַ:

הערש-לייב ווייסמאַן וואָס האָט זיך קוים אויסגעבעטן בײַ זײַן ווײַב אַ דערלויבעניש איינמאָל אויפצוטרעטן אויף דער בינע און ער איז שוין געבליבן מיט אונדז און געפאָרן מיט אונדז איבער שטעט און שטעטלעך, האָט כסדר באַקומען בריוו פון זײַן ווײַב, זי האָט אים אויפגעפאָדערט אַז ער זאָל צוריק אַהיימקומען און ווערן אַ מענטש.

ווייסמאַן האָט אָבער צו שטאַרק ליב געהאַט דאָס טעאַטער, אַז ער זאָל עס קענען אַזוי לײַכט איבערלאָזן און צוריקגיין צום שניידערײַ. האָט ער צוערשט געשריבן צו זײַן ווײַב, אַז זי זאָל קומען צו אים און אַזוי לאַנג זײַנען געגאַנגען בריוו אַהין און אַהער, ביז ער האָט אינגאַנצן אויפגעהערט שרײַבן און עס האָט געדויערט אַזוי לאַנג, ביז ענדלעך האָט ער איר פון זוועניגאָראָדקאַ צוגעשיקט אַ גט.

ווייסמאַן האָט פון ערשטן טאָג זײַט ער האָט זיך אָנגעשלאָסן צו אונדזער טרופּע, אַרויסגעוויזן צו מיר אַ ספּעציעלע ליבשאַפט. ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט מיך בעת מײַן ערשטן אויפטריט אַלס „מירעלע" געמוטיקט און ער איז דאָס געווען דער, וואָס האָט מיך אין יעקאַטערינאָסלאַוו געטראָגן אינדערלופטן איבער דעם אָנגעפּילטן זאַל צו דער בינע און ער איז מיר אַלעמאָל געשטאַנען אונטער דער האַנט, ווען איך האָב זיך אין עפּעס געוווּנטיקט און בײַ יעדער געלעגנהייט ,האָט ער מיך געכאַפּט אויף די הענט און מיך געקושט.

איך בין געווען אַ קינד און איך האָב אים אויך ליב געהאַט און מיר האָט הנאה געטאָן זײַן כסדרדיקע גרייטקייט מיר צו העלפן און איך האָב זײַנע צערטלעכקייטן נישט אַנדערש פאַרשטאַנען, ווי בלויז אַלס צערטלעכקייטן פון אַ דערוואַקסענער פּערזאָן צו אַ קינד.

אָבער ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן רײַפן און איך האָב אָנגעהויבן זען די פייערלעך אין די יונגעלייטס אויגן, האָבן מיר שוין אָנגעהויבן ווערן פריקרע די צערטלעכקייטן זײַנע און איך האָב זיך באַמיט אויסצומײַדן די נאָענטקייט זײַנע און ווען איך האָב איינמאָל אויך אין זײַנע אויגן געזען די פייערלעך, האָב איך אים פּשוט אויסגעמיטן און ער האָט אָנגעהויבן איינזען, אַז איך מייד אים אויס.

אָבער וואָס מער איך האָב אים געזוכט אויסצומײַדן, אַלץ מער האָט ער עס געמאַכט אַזוי, אַז ער זאָל זיך געפינען אין מײַן זײַט און ווען ער האָט אַוועקגעשיקט זײַן ווײַב אַ גט האָט ער שוין גאָרנישט געוואָלט אָפּטרעטן פון מיר, ביז עס איז געקומען צו אַ שטאַרקערן אינצידענט, ווען איך האָב אים געמוזט אָפּשטויסן פון זיך און דעמלט איז גראַד מײַן טאַטע צוגעקומען און ווייסמאַן האָט אַרומגעכאַפּט מײַן טאַטן און אינגאַנצן אַ ציטערנדיקער, אים געזאָגט אַז ער האָט מיך שטאַרק ליב און אַז....

אָבער מיין טאַטע האָט אים נישט געלאָזט ענדיקן. ער האָט אים געזאָגט מיטן הארבן וואָרט, אַז אויב ער וויל בלייבן אין טרופּע, זאָל ער זיך פאַרהאַלטן אָרנטלעך און זאָל זיך אויפהערן צו טשעפּען און איינריידן פייגעלעך אין בוזעם, און נאָך דעם אינצידענט, האָט וויסמאַן שוין אַליין אויסגעמיטן צו זיין נעבן מיר, און ער האָט זיך צו מיר באַצויגן מיט רעספּעקט און פאַרערונג און אַזוי איז דער ערשטער אינצידענט מיט מיר אַלס פריילין — שנעל פאַרגעסן געוואָרן...

## דער ערשטער קוש

פונדעסטוועגן, כאָטש איך האָב זיך געשראָקן פאַר די גליענדיקע פייערלעך אין די בחורימס אויגן, האָב איך זייער ליב געהאַט מיט זיי צו ריידן; ס'איז געווען צווישן זיי איינער, אַ יונגערמאַן, אַ פאַרזיכערונגס-אַגענט, וואָס איז ממש ניט אָפּגעטראָטן פון מיין זייט און אין די אָוונטן וואָס מיר האָבן נישט געשפּילט, איז ער געווען ביי אונז און מיר געלייםטעט געזעלשאַפט.

ער האָט מיר דערציילט וועגן די ביכער וואָס ער לייענט און ער האָט מיט מיר גערעדט וועגן דער שיינקייט פון דער יוגנט, וועגן פּאָעזיע און ראָמאַנטיק און ער האָט וועגן די אַלע זאַכן אַזוי שיין גערעדט, אַז איך האָב אים ליב געהאַט צו הערן און צו הערן.

און איינמאָל, אַן אָוונט, איז ער מיט מיר געזעסן אויף דער וועראַנדע, וואָס איז געווען פאַרן הויז פון אונזער קוואַרטיר און ער האָט מיר געוויזן ווי שיין די שטערנדלעך פינקלען און ער האָט מיר געזאָגט, אַז אַ סך מענטשן גלויבן, אַז יעדער מענטש האָט זיין שטערנדל אין הימל און אַזוי ווי עס לייכט דעם מענטשנס שטערנדל, אַזוי לייכט דעם מענטשנס מזל...

און דאָס זאָגנדיק, האָט ער מיר אָנגעוויזן אויף איין שטערן וואָס האָט געלויכטן ליכטיקער פון אַלע און ער האָט געזאָגט, אַז דאָס מוז זיין מיין שטערן און אַז מיין מזל וועט זיין ליכטיקער פון דער זון און אַזוי ריידנדיק האָט ער מיך אַרומגענומען און איך בין געווען אַזוי פאַרטראָגן אין די הויכן און פאַרקוקט צו דעם פינקלענדיקן שטערן, אַז איך האָב אַפילו נישט געפילט ווי ער האָט מיך אַרומגענומען, אַ דריק געטאָן צו זיך און מיר געגעבן אַ קוש אויפן פּנים.

איך האָב דערפילט ווי אַ פייער וואָלט מיך פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט און איך בין אויפגעשפּרונגען פון פּלאַץ, אַרויסגעריסן זיך פון זיינע הענט און אַריינגעלאָפן אין שטוב.

דאָס פּנים האָט מיר געברענט און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַז

איך ברען אינגאַנצן און איך האָב זיך געוואָרפן אַף מיין געלעגער און אויסגעבראָכן אין אַ שטיל געוויין.

איך בין דעמלט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפן. איך האָב געפילט, אַז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסע זינד און איך האָב זיך קוים דערוואַרט עס זאָל ווערן טאָג, איך זאָל קענען דערציילן חוהלען, וואָס מיט מיר איז געשען.

חוהלע איז געווען נישט וויניקער נאַאיוו פון מיר און אויך זי האָט געהאַלטן אַז איך בין באַגאַנגען אַ גרויסן פאַרברעך און זי האָט געוויינט מיט מיר צוזאַמען איבער דעם שרעקלעכן געשעעניש און כדי מיך צו טרייסטן, האָט זי מיר געזאָגט, אַז אַף אַלץ איז פאַראַן אַ תשובה, אַז איך זאָל גיין צו אַ פרומער אידענע, וועט זי מיר זאָגן ווי אַזוי איך קאָן מאַכן, אַז די זינד זאָל מיר פאַרגעסן און פאַרגעבן ווערן.

אַזאַ פרומע אידענע איז געווען דאָבע-לאה, אַן אַלטיטשקע וואָס איז יעדן טאָג געקומען צו אונז מיט אַ קוישל געבראָטענע לונג און לעבער, וואָס זי האָט געשניטן צו קאָפּיקעס אַ פּאָרציע און אַקטיאָרן האָבן עס געקויפט ביי איר.

ווען זי איז אַריינגעקומען, האָט זי קיינמאָל נישט פאַרגעסן אַ קוש צו טאָן די מזוזה און פאַר דער אַלטיטשקער האָב איך זיך מודה געווען אין מיין גרויסן פאַרברעך, וואָס איך האָב זיך געלאָזן אַ קוש טאָן פון אַ מאַן.

די אידענע האָט מיך אויסגעהערט, דערנאָך האָט זיך מיך אַרומגע-נומען און מיך געקושט און געטרייסט זאָגנדיק, אַז דאָס איז טאַקע אַן עבירה, אָבער עס זיינען פאַראַן גרעסערע עבירות און איך דאַרף נאָר געבן עטלעכע קאָפּיקעס אין דער פּושקע פאַר ר׳ מאיר בעל-הנס, וועט מיין זינד אָפּגעווישט ווערן.

די מאַמע האָט מיר גראָד געהאַט געגעבן אַכט קאָפּיקעס איך זאָל אַרויסגיין קויפן אַ רייפל צו די האָר, האָב איך גענומען די אַכט קאָפּיקעס און אַריינגעוואָרפן אין דער פּושקע וואָס איז געהאנגען אָפן געזימס פון טיר אַנטקעגן דער מזוזה און ערשט דאָס האָט דערלייכטערט מיין פאַר-זינדיקט געמיט.

דעם פאַרזיכערונגס-אַגענט וואָס האָט געוואָגט מיר אַזוי ווי צו טאָן, האָב איך מער נישט געלאָזן קומען פאַר מיינע אויגן...

# אַכטער קאַפּיטל:

מיינע אוניווערזיטעטן — דיסקוסיעס וועגן טעאַטער און ליטעראַטור — אין הארצן ליגט דער אמת — אַ נײַ ברודערל ווערט געבוירן — ווידער אַ ניאַניע און נייע לײַדן — איך טרעט אויף אַלס „שולמית“ — „זאַכאַטשו פּאַליובליו“ — מען רופט אויס אף אונז אַ חרם — אַ רב קומט זען „שולמית“ — מען הויבט זיך אָן שדכנען צו מיר — דער ווייטיק פון אַ נישט־באַקומענעם פּאַטש — איך באַקום נאָך אַ שוועסטערל — עס פאַרליבט זיך אין מיר אַ פּראָוויזאָר — „בײַ דער קאַץ און בײַם ברונעם“ — מיר שרײַבן זיך ליבעס־בריוועלעך — פורמאַנעס זיינען אונזערע מעצענאַטן.

## מיינע אוניווערזיטעטן

קיין סיסטעמאַטישע שולן האָב איך נישט מיטגעמאַכט. אונזער כסדרדיק אַרומפאָרן האָט געמאַכט אומעגלעך, אַז איך זאָל קענען גיין אין אַ שול.

אָבער געלערנט האָב איך. נישט קיין ספּעציעלע לערער האָבן מיך געלערנט, נאָר דאָס לעבן. און ווייל איך בין בטבע געווען אַ שעמעוודיקע און אַ נישט געוואַגטע, האָב איך בלויז איינגעזאַפּט אין זיך דאָס אַלעס וואָס איך האָב געהערט און געזען, איך האָב בלויז פאַר זיך געמאַכט אָב־סערוואַציעס איבער זאַכן און געשעענישן און זיך געשאַפן אַ מיינונג איבער זיי, נאָר אַרויסגעבן מיינע מיינונגען האָב איך נישט געקענט און איך האָב בכלל נישט גערעדט צופיל.

די פרייטיק־צו־נאַכטן, וואָס מיין טאַטע האָט געפּראַוועט אין די פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, די אינטעליגענטע יונגעלייט, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען בײַ אונז אין שטוב און די פאַרלייענונגען און דיסקוסיעס, וואָס זיינען אָפּגעהאַלטן געוואָרן, דאָס זיינען געווען מיינע וויכטיקסטע אוניווערזיטעטן.

בעת אַזעלכע צוזאַמענקונפטן. האָט דער טאַטע ווי געוויינלעך, צו אַלעם ערשטן גענומען פאַרלייענען פון זיינע אייגענע געשאַפענע זאַכן און נאָכדעם ווי ער האָט זיך באַקלאָגט אף דעם פעלן פון אַ מעצענאַט וואָס זאָל די שריפטן אַרויסגעבן, האָט זיך אָנגעהויבן אַן אַלגעמיינע דיס־קוסיע וועגן שרייבער און זייערע ביכער און די יונגעלייט האָבן דערמאַנט נעמען פון דראַמאַטורגן און פון זייערע נייע פּיעסן, מען האָט דערמאַנט

נעמען פון רוסישע, דייטשע און פראנצויזישע דראמאטורגן, אָבער גאנץ זייניק אידישע און דעם טאַטן האָט עס פאַרדראָסן און ער האָט געטענהט, אַז פאַר דעם אידישן טעאַטער־פובליקום, איז פיל וויכטיקער אפילו דער ערגסטער אידישער שרייבער ווי דער בעסטער רוסישער, דייטשער אָדער האַנטאַטישער שרייבער, ווייל דער אידישער שרייבער דערגרייכט צום מוח און צום האַרץ פון דעם אידישן פובליקום און די פרעמד־שפּראַכיקע שריפמשטעלער קענען נאָר אָנקומען צו געציילטע אידישע אינטעליגענטן, מאַטנס קינדער, זיידענע יונגעלייטלעך, וואָס טאַטע־מאַמע זאָרגן זיך פאַר זיי, אָדער פאַר אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אַריינגעוואָרפן אין שטודירן וויסנשאַפטן און זיי אינטערעסירן זיך נישט מיטן גורל פון די אידישע מאַסן.

בעת אַזעלכע דיסקוסיעס, האָט זיך דער טאַטע געהיצט, ער האָט געטענהט, אַז איין אידישער אַרבעטער מיינט מער פאַר דעם אידישן פאָלק, ווי צען אינטעליגענטן און אַז כאָטש די אינטעליגענטן האַלטן היינט זייער שטאַרק פון דר. הערצלס אידייע, זיינען זיי אַלע ווייט פון אידישן לעבן און זיי ווילן נישט און קענען נישט פאַרשטיין, אַז איין גאָלדפאַדן האָט מיט זיינע אידישע פיעסן מער אויפגעטאָן און מער געבילדעט די אידישע מאַסן, ווי די אַלע גרויסע אידישע שרייבער וואָס שאַפן אין אַנדערע שפּראַכן.

ביי אַזעלכע דיסקוסיעס האָט דער טאַטע אויך דערמאַנט דעם שווערן קאַמף, וואָס מיר מוזן פירן נישט נאָר קעגן נאַטשאַלסטוואָס, וואָס דערלויבן נישט צו שפּילן קיין אידיש טעאַטער, און נישט נאָר מיט חסידים, וואָס מיינען, אַז מיר זיינען מיסיאָנערן און מיר ווילן פּשוט אויסשמדן די אידן, נאָר אפילו קעגן די אינטעליגענטע אידן, וואָס האַלטן אונז פאַר פורים־שפּילער אָדער פאַר הפקר־יונגען, וואָס שפּילן זיך גלאַט אַזוי ווייל זיי ווילן נישט אַרבעטן און זיי זעען נישט און ווילן נישט זען די גרויסע אַרבעט וואָס מיר טוען אויף מיט אונזער אַריינברענגען אַביסל ליכטשטראַלן אין די פאַרפינצטערטע מוה:ות פון די פאַרפלאָגטע און פאַרהאָרעוועטע אידישע פאָלקס־מאַסן.

פאַרשטייט זיך, אַז די אינטעליגענטע יונגעלייט האָב אויך נישט געשוויגן, זיי האָבן געבראַכט זייערע אַרגומענטן און זיי האָבן געטענהט, אַז עס זיינען פאַראַן אידישע שרייבער וואָס שרייבן אין פראָסטן זשאַרגאָן, אָבער זיי שרייבן עפּעס בעסערס, וועגן וויכטיקערע ענינים און בכלל, ווי קאָן מען פאַרגלייכן דאָס אידישע טעאַטער צום רוסישן, ווען דאָרט שפּילט מען ריינע קונסט און דאָ שפּילט מען אידישע פיעסן, וואָס האַלטן צומאָל נישט אויס די קריטיק...

ביי אַזעלכע שמועסן, האָב איך געפילט ווי דאָס האַרץ באַוועגט זיך אין מיר אַלץ האַסטיקער. איך האָב געפילט אַז גערעכט איז מיין טאַטע, און איך האָב געפילט אַ ווייטיק זעענדיק, ווי מיין טאַטע ראַנגלט זיך און עס פעלן אים די ווערטער מיט וועלכע ער זאָל זיי קענען באַווייזן אַז זיי זיינען נישט גערעכט און צומאָל האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך וואָלט עס יאָ באַוויזן. אַז איך וואָלט זיי יאָ געקאָנט באַווייזן, אַז אונזער אַרבעט איז מער ווי פּראָסטע פּורים-שפּילעריי, און איך בין אַ סך מאָל שוין גרייט געווען זיך אַריינצומישן און זאָגן אויך מיין וואָרט, אָבער דאָס בלוט האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אין פּנים און איך האָב זיך אַ פאַרשעמטע און אַ פאַרווייטיקטע אָפּגערוקט פון טיש.

ביי פערזענלעכע שמועסן מיט עמיצן פון די יונגעלייט, האָב איך שוין יאָ געפּרואווט צו זאָגן מיינס אַ מיינונג וועגן די זאַכן, אָבער דאָ האָב איך זיך ערשט געכאַפּט, אַז אויך מיר פעלן ווערטער אויף צו קענען אַרגומענטירן, איך האָב נאָר געפילט, אַז מיר זיינען גערעכט, אָבער באַ־ווייזן עס, איבערצייגן עם מיט ווערטער, האָב איך נישט געקענט און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מיין טאַטע געפינט זיך אין דערזעלבער לאַגע.

אגב, באַ די פערזענלעכע שמועסן, האָבן די יונגעלייט גאַנץ אַנדערש גערעדט, זיי האָבן מיך באַשאָטן מיט קאָמפּלימענטן אַלס קינסטלערן און געזאָגט, אַז זיי אינטערעסירט נישט וואָס איך שפּיל, נאָר ווי אַזוי איך שפּיל און מיט זייער ליבן מיך אַלס קינסטלערין, האָבן זיי אָפּגעווישט אין מיר דעם ווייטיק, וואָס זיי האָבן מיר פאַרשאַפט בעת די דיסקוסיעס.

## אַ נייַ ברודערל ווערט געבוירן

די דיקוסיעס זיינען ביי אונז געפירט געוואָרן יעדעס מאָל מיט נייע מענטשן.

עס האָט נישט אָפט געטראָפן, אַז מיר זאָלן זיך אויפהאַלטן אויף איין פּלאַץ אַ לענגערע צייט, און ווי אָפט מיר האָבן געוואַנדערט פון אָרט צו אָרט, ווי אָפט מיר זיינען געזעסן אין נייע קוואַרטירן, אַזוי אָפט האָבן זיך געביטן די פערסאָנאַזשן פון די באַזוכער באַ אונז, און איבעראַל איז מיר אויסגעקומען צו הערן עפּעס אַ נייַ וואָרט און איך בין רייכער גע־וואָרן מיט אַ נייעם געדאַנק, נאָר באַטייליקן זיך מיט מיין וואָרט האָב איך נישט געוואַגט צוליב מיין שעמעוודיקייט.

נאָר אָט זיינען מיר געקומען קיין ראַדזשיווילאָוו; דאָרט האָבן מיר געמוזט פאַרבלייבן אַ לענגערע צייט און דאָרט זיינען די דיסקוסיעס באַ

אונז געווען אזעלכע שארפע, אז איינמאל האט זיך דער טאטע אויפגע־שטעלט און זיך גענומען שלאגן אין הארצן, אזוי ווי ער האט עס אין אדעם געפלעגט טאן אין מינוטן פון פארצווייפלונג און ער האט אויסגע־שריגן: — איר הערט יונגעלייטלעך! געטרעכט בין איך! טויזנט מאל געטרעכט! דא, אינעווייניק, בא מיר אין הארצן ליגט דער אמת! דאס איז אן אמת, וואס מען קאן מיט קיין ווערטער נישט ארויסברענגען! דאס איז א הייליקער אמת וואס גליט אין הארצן! דאס איז אן אמת וואס ליגט אין געפיל און וואס מען קאן אים נישט אויסבייטן אפילו פאר די שענס־טע ווערטער!...

און ווי אפט איך האב אין מיין ווייטערדיקן לעבן א טראכט געטאן וועגן דער סצענע פון טאטנס אויפברויז, האב איך אלעמאל געפילט פונקט אזא הייליקע אויפרעגונג ווי דער טאטע, און איך האב אויך גע־פילט, אז דער אמת פון אידישן טעאטער אלס וויכטיקע נויטווענדיקייט פאר די אידישע מאסן, ליגט נישט אין קיין שיינע ווערטער, נאר ער ברית אין הארצן פון דעם אידישן אקטיאר, וואס באווייזט ארויסצורופן באגייסטערונג ביי א גרויסן עולם אידן, וואס ווערט באצייכנט מיט דעם נאמען — פובליקום.

נאך דער פיינלעכער דיסקוסיע, האט דער טאטע אין ראדזשיווילאוו מער די יונגעלייט נישט איינגעלאדן. ער האט עס געטאן נישט ווייל ער איז אף זיי געווען ברוגז, מיין טאטע האט דוקא ליב געהאט די דיסקו־סיעס און וויפיל ער האט זיך אף עמיצן געברוגזט, האט ער אים פונ־דעסטוועגן ווידער פארבעטן; אבער דא איז געווען עפעס אנדערש; די מאמע האט געבראכט א ניי נעפעשל אף דער וועלט. עס איז געבוירן געווארן מיין ברודערל מילי.

געניו שילדערן, וואס איך האב געפילט בעת דאס נייע ברודערל איז געקומען אף דער וועלט, קאן איך נישט. איך ווייס נאר, אז עפעס האט זיך אין מיר ווידער רעוואלטירט און דאס מאל שוין שטארקער ווי בעת ברײנדעלע איז געבוירן געווארן און איך געדענק, אז בעת די אקושארקע האט מיר געזאגט „מזל־טוב”, האב איך אין דער איינער מינוט איבערגע־לעבט די אלע ליידן און פיין, וואס איך האב זיך אנגעליטן אלס ניאנקע פון אלע קינדערלעך, און איך האב פאר זיך דערזען נייע ליידן און פיין, און אזוי ווי איך האב נישט געקאנט ארויסברענגען אפן מיין פראטעסט־געפיל, האב איך זיך בלויז פארקליבן אין א ווינקל שטוב און זיך ביטער פונאנדערגעוויינט און געוויינט האב איך שטיל, אין זיך, אן א קול, אז די מאמע די קימפעטארן, זאל נישט הערן...

# איך טרעט אויף אַלס „שולמית"

ווידער האָבן זיך אָנגעהויבן גרויע טעג פון ליידן און פּיין.

ווידער האָב איך באַדאַרפט זיין אַן אַקטריסע, אַ באַלעבאָסטע אין שטוב און אַ ניאַנקע באַם ניי־געבוירענעם ברודערל. מיר זיינען ווייטער געפאָרן איבער שטעט און שטעטלעך און וואו עס האָט זיך געלאָזן אָפּ־נאַרן אָדער אונטערקויפן נאַטשאַלסטוואָ, דאָ האָט מען געשפּילט טעאַ־טער און וואו דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, איז אונז גאַנץ אָפט אויס־געקומען צו הונגערן און מיר האָבן געמוזט זוכן מיטל ווי אַזוי זיך אַרויס־צובאַקומען פון דאָרט און האָבן אַ מעגלעכקייט צו פאָרן ווייטער.

אָבער וואָס פאַר אַ באַטרעף האָבן געהאַט די אַלע ליידן, קעגן מיין גרויסער פרייד, ווען איך האָב אָנגעהויבן איינשטודירן די ראָל אַלס „שולמית"?

ווער איז אומשטאַנד צו שילדערן דעם געפיל פון הייליקן ציטער וואָס האָט מיך אַרומגענומען, בעת איך האָב איינשטודירט די שיינע געזאַנגען פון שולמית און ווער האָט זיך דעמלט געקאָנט גלייכן צו מיר, ווען איך האָב אָנגעמאָסטן דעם ווייסן טוניק און איך האָב צעלאָזן מיינע האָר און אָנגעהויבן איינשפּילן די משוגעת־סצענע?

ווייסמאַן האָט געשפּילט „אַבשלום" און צוערשט איז מיר אפילו געווען פריקרע... ווען עס איז געקומען צום ליד „די שבועה בא דער קאַץ און באַם ברונעם", האָב איך מיך אפילו שלעכט געפילט, אָבער ווייסמאַן האָט זיך שוין געהאַלטן אַזוי קאָרעקט, אַז איך האָב זיך שנעל באַרואיקט און ענדלעך זיינען מיר געקומען קיין סמאָרגאָן, און דאָרט האָב איך דע־בוטירט אַלס „שולמית" און איך האָב אין דער ראָל געמאַכט אַזאַ פוראָר, אַז לאַנגע טעג בין איך אַרומגעגאַנגען ווי אין חלום און עס האָט זיך מיר נאָר אויסגעוויזן, אַזוי ווי באַ מיין ערשטן אויפטריט אַלס קינד אין „דר. אלמאסאדאַ", אַז מלאכים האָבן מיך אויפגעהויבן אויף זייערע פליגל און זיי שוועבן מיט מיר אינדערלופטן איבער אַ שיינער ליכטיקער וועלט...

# „זאַבאַטשו פּאַליובליו..."

גאָלדפאַדנס „שולמית" האָט אונז געגעבן אַ היבש ביסל שפע און נישט נאָר מאַטעריעלע שפע, נאָר אויך מאָראַלישע און קינסטלערישע.

אפילו די אינטעליגענטע יונגעלייט האָבן אויף דער פּיעסע גאַנץ אַנ־דערש געקוקט און זיי האָבן גאַנץ אַנדערש גערעדט וועגן איר און ווער

שמועסט דאָס פּובליקום, — די סאַלאָנען האָבן געשטורעמט און אַלץ האָט זיך געהויבן פון די פּלעצער פון באַגייסטערונג; יעדעם ליד האָט געמוזט ביסירט ווערן און מען האָט אונז אָפּגעוואַרט נאָך די פאָרשטע־לונגען און מען האָט אַזוי געיובלט פון פרייד, אַז מיר האָבן אַזש געוויינט פון גליק...

אין יעדער שטאָט אָדער שטעטל וואו מיר האָבן געשטעלט „שולמית", איז דער סאַלאָן („סאַלאָן"... גאַנץ אָפט איז עס געווען אין אַן אויסגע־רייניקטער שטאַל, אָדער אין אַ תבואה־שפּייכלער) געווען פול געפּאַקט און אָרימע אַרבעטער יונגען, וואָס האָבן באַדאַרפט שפּייזן זייערע פאַמי־ליעס און אָרימע מיידלעך, וואָס האָבן געדינט בא רייכע גבירים פאַרן בלויזן עסן און פאַר אַ קליידל, האָבן געוויינט און זיך געבעטן מען זאָל זיי אַריינלאָזן, אָבער עס איז קיין פּלאַץ נישט געווען און מיין טאַטע, כאָטש ער האָט זיך געפרייט וואָס דער סאַלאָן איז פול, האָט ער באַדוי־ערט די אָרימע יונגען, ער האָט זיך דערמאַנט, ווי ער אַליין האָט זיך אַמאָל פונקט אַזוי געבעטן ביי די טירן פון די טעאַטערס אין אדעס און ווי ווייי עס האָט אים געטאָן ווען מען האָט אים נישט אַריינגעלאָזן...

די איינציקע זאַך וואָס האָט אונז דעמלט פאַרביטערט אונזער לעבן, איז געווען די גזירה קעגן אידישן טעאַטער.

די טשינאָווניקעס און די פּריסטאַווס, זעענדיק אַז מיר מאַכן גוטע געשעפטן, האָבן פון אונז אָנגעהויבן רייסן די הויט; וויפיל מען האָט זיי געגעבן, איז אַלץ פאַר זיי געווען ווייניק, איינער האָט אונטערגעשיקט דעם צווייטן און עס איז אויסגעקומען צו אַרבעטן בלויז פאַר זיי...

האָבן מיר ווידער געמוזט אָנקומען צום אַלטן מיטל: דער טאַטע האָט אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש אויף רוסישע וואַריעטע־פאָרשטעלונגען און אויף די פּלוג־בלעטלעך האָט מען אָנאָנסירט דעם גרויסן אויפטריט פון „מאַדמאַזעל שולמית" און דאָס פּובליקום האָט שוין פאַרשטאַנען אַז „מאַדמאַזעל שולמית" מיינט, אַז מען וועט שפּילן „שולמית".

און כדי צו קענען אָפּנאַרן נאַטשאַלסטוואָ, האָב איך אונטער מיין ווייסן טוניק געמוזט אָנטאָן אַ בלוזע אַלס מאַלאָרוסישע פויערטע און עס האָט געטראָפן נישט זעלטן, וואָס איך האָב אינמיטן שפּילן „שולמית" געמוזט אַראָפּלויפן פון דער בינע און אַראָפּוואַרפן פון זיך דעם טוניק און צוריק אַרויסקומען אויף דער בינע אַלס מאַלאָרוסישע זינגערן און טענצערן.

איינמאָל, בעת איך בין שטאַרק אַפּלאָדירט געוואָרן נאָכן אָפּזינגען דאָס גרויסע ליד און איך בין נאָר וואָס אַרוים אויף דער בינע כדי צו זינ־גען אויף בים, האָב איך פּלוצלינג דערהערט מיין טאַטנס פאַרצווייפלטן

רוף פון הינטער די קוליסן: — אַ פּריסטאַוו! — און איך בין שוין אַראָפּ פון דער בינע און שנעל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם טוניק. ווען דאָס פּובליקום האָט נאָך אַלץ געשטורעמט און אַרויסגערופן שולמיתן, איז נאָר דערשינען אויף דער בינע אַ רוסישע שיקסע און אָנגעהויבן זינגען דאָס לידל — „זאַכאַטשו פּאַליובליו" און ווייסמאַן האָט דערווייל אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם קאָסטיום אַלס אבשלום און ער איז אַרויס אַלס קאַצאַפּ און געזונגען אַ קופּלעט פון אַ דוואָרניק...

אָט אַזוי האָבן „שולמית" און „אבשלום" כסדר געמוזט גרייט זיין זיך צו פאַרוואַנדלען אין אַ קאַצאַפּסקע פּאַרל און אָנשטאָט גאָלדפאַדנס הימלישע געזאַנגען, זינגען די קאַצאַפּסקע לידער און גיין אַ טענצל...

און דאָס פּובליקום האָט פאַרשטאַנען די סבות פון די פּלוצלינגדיקע פאַרוואַנדלונגען, נאָר מען האָט געמוזט שווייגן. האָט מען פאַרביסן די ליפּן און פאַרשאָלטן דאָס געביין פון די צאַרסקע סאַטראַפּן...

## אַ רב קומט צו אונז אין טעאַטער

ווי שוין דערמאַנט, האָבן מיר געליטן קאַלט און וואָרים נישט בלויז פון נאַטשאַלסטוואָ, נאָר אויך פון די חסידים און פאַנאַטיקער.

די פּראָפּאַגאַנדע פאַר אונזערע פאָרשטעלונגען האָבן מיר געמאַכט דורך פּלוג-בלעטלעך, אין וועלכע מיר האָבן אַנאָנסירט דעם אויפטריט פון מאַדמאַזעל שולמית" און די בלעטלעך האָט מען פאַרטיילט נעבן די שילן און אויף די געמאַרקן.

באַם פאַרטיילן די פּלוג-בלעטלעך, איז עס גאַנץ אָפט געקומען צו געשלעגן. פרומאַקעס האָבן זיך געוואָרפן מיט שטעקנס און געוואָלט פאַרכאַפּן די טריפהנע בלעטלעך וואו מען שרייבט וועגן דער חצופה, די מאַדמאַזעל שולמית, וואָס קומט דאָ אָפּשמדן דאָס שטעטל...

אין איין שטעטל האָט געטראָפן נאָך עפּעס מער:

מיר האָבן זיך אַריינגעקליבן אויף קוואַרטיר צו אַ „פרומער" אלמנה. אויף דער אלמנה האָט מען אין שטעטל אויסגערעדט אַלדאָס בייז און מען האָט זי ווייט נישט געהאַלטן פאַר קיין צנועה; אָט די אידענע, איז אַוועק צום רב פון שטעטל און אים געזאָגט, אַז מיר זיינען מחלל-שבתניקעס, אַז מיר האָבן שבת אַרויפגעשטעלט טעפּלעך געקעכץ אויפן אויוון צום אָנוואַרימען און אַז די מענער באַ אונז, רויכערן אום שבת.

אויף באַנאַכט איז געווען געמאָלדן אַ פאָרשטעלונג און ווי געוויינלעך, האָבן זיך שוין פאַרנאַכט באַדאַרפט אָנהויבן צוזאַמענקלייבן מענטשן פאַרן סאַלאָן, נאָר דאַסמאָל האָט מען נישט געזען קיין לעבעדיקן נפש.

די נאַכט איז צוגעפאַלן, עס גייט אַ שעה נאָך אַ שעה, און מען זעט נאָך אַלץ נישט קיין איין מענטש און מיר גייען אַלע אַרום ווי פאַרטשאַדעט, מיר פאַרשטייען גאָרנישט וואָס אַזוינס האָט דאָ געקענט געשען.

די צייט איז אַריבער, מיר האָבן קיין פאַרשטעלונג נישט געקאָנט דורכפירן, און ערשט ווען מיר האָבן זיך געקליבן צוריק אַהיימגיין אַף דער קוואַרטיר, האָט זיך געיאַוועט אַ יונגערמאַן, אַ העברעאישער לערער און ער האָט אונז דערציילט, אַז דער רב פון שטעטל האָט אויסגערופן אַ חרם אַף אונז, ווייל מען האָט אים צוגעטראָגן אַז מיר זיינען מחללי־שבתניקעס.

אַף צומאָרגנס איז דער טאַטע אַוועק צום רב און ער האָט דעם רב פאַרזיכערט, אַז מיר זיינען פונקט אַזעלכע כשרע און פרומע אידן ווי אַלע אין שטעטל און אַלס ראיה, האָט ער אים באַוויזן זיין כשרן „אַרבע כנפות" און אים דערקלערט אַז מיר שפילן אידיש טעאַטער כדי צו דערפרייען אידישע הערצער...

דער רב האָט לאַנג דיסקוטירט מיטן טאַטן, אָבער ווייזט אויס, אַז פאַרן רב האָט דער טאַטע געהאַט מער אַרגומענטאַציעס ווי פאַר די אינטעליגענטע יונגעלייט, און ער האָט דעם רב באַוואויגן, אַז אויב ער וויל זיך איבערצייגן, זאָל ער קומען זען אונזער פאַרשטעלונג „שולמית" און אויב ער וועט נאָך דערנאָך האָבן טענות, וועלן מיר באַלד אַוועקפאָרן פון שטעטל.

דער רב האָט אָנגענומען מיין טאַטנס פאָרשלאַג, ער איז געקומען צוזאַמען מיטן שמש און נאָך עטלעכע פני און דער רב איז אַוועק פון דער פאַרשטעלונג אַזוי צופרידן, אַז ער האָט פשוט געהייסן גיין זען „שולמית", און ער האָט געזאָגט, אַז כאָטש עס זינגען נקבות, איז אָבער די זאַך גופא וואָס מען ווייזט דאָרט, וואָס מען זאָגט און מען זינגט אַזוי נוצלעך, אַזוי שיין, אַז מען דאַרף גיין זען און הערן...

דאָס איז געווען דער איינציקער פאַל, וואָס אַ פרומער רב איז געווען זען אונזערס אַ פאַרשטעלונג און וואָס אַ פרומער רב האָט אַגיטירט, אַז מען זאָל גיין זען שולמית.

## מען הויבט זיך אָן שדכנען צו מיר

די „מאַדמואזעל שולמית" האָט אָנגעהויבן זייער שטאַרק אויסנעמען נישט בלויז אַף דער בינע, נאָר אויך בא די פריוואַטע צוזאַמענקונפטן, וואָס דער טאַטע האָט איינגעאָרדנט אין די פרייטיק־צו־נאַכטן.

די אינטעליגענטע יונגעלייט האָבן אויסגעהערט דעם טאַטנס פאַר־

לייענונגען נאָר פאַר יוצא וועגן און זיי האָבן שוין אפילו פאַרגעסן וועגן דיסקוטירן, זיי האָבן זיך געדרייט אַרום מיר און נאָר געזוכט מיך צו מאַכן ריידנדיק.

באַ יעדן קאָמפּלימענט, האָב איך זיך גערויטלט און פאַרשעמט און איך האָב געפאָלגט מיין טאַטנס עצה, אַז איך זאָל די יונגעלייט נישט צופיל גלויבן.

און וואָס ווייטער, זיינען די יונגעלייט געוואָרן צודרינגלעכער מיט זייערע קאָמפּלימענטן און אפילו ליבעס־דערקלערונגען, און כאָטש די יונגעלייט האָבן זיך געביטן צוזאַמען מיט די שטעטלעך וועלכע מיר האָבן כסדר געביטן, פונדעסטוועגן זיינען די ווערטער זייערע איבעראַל געווען כמעט די זעלבע, און אין זייערע אויגן האָב איך איבעראַל געזען די זעלבע פייערלעך, וואָס האָבן מיך געשראָקן.

איך האָב גערעדט מיט די בחורים, איך האָב אויסגעהערט זייערע רייד, זייערע קאָמפּלימענטן און אפילו זייערע פאַנטאַזיעס וועגן דער צוקונפט, וואָס זיי ווילן פאַר מיר אויסבויען און איך האָב צוגעשמייכלט צו די אַלע רייד; נאָר ווען עס איז געוואָרן צו ערנסט, האָב איך זיך אַרויסגעדרייט און געזאָגט, אַז דאָס מוז מען דורכריידן מיט מיינע טאַטע־מאַמע.

און עס זיינען געווען אויך אַזעלכע, וואָס האָבן טאַקע געמאַכט שמו־עסן מיט מיינע טאַטע־מאַמע וועגן מיר; געווען רייכע קינדער, וואָס לויט די מאַמע האָט זיך אויסגעדריקט, זיינען זיי „אויסגעגאַנגען נאָך מיינע טריט", אָבער די מאַמע האָט געהאַלטן, אַז איך בין נאָך צו יונג און דער טאַטע האָט געזאָגט, אַז מען דאַרף פאַר מיר זוכן אַ תכלית.

טאַטע־מאַמע האָבן גאַנץ אָפט אָנגעהויבן דיסקוטירן וועגן מיר און מיין צוקונפט.

די מאַמע האָט געוויינט און געזאָגט, אַז זי וועט זיך נישט שיידן פון מיר, סיידן עס זאָל זיך טרעפן אַזאַ מין שידוך, אַז זי זאָל קענען בלייבן מיט מיר; דער טאַטע האָט אָנגעוויזן, אַז אַזאַ זאַך איז אומעגלעך, מיר זיינען באַוואָרפן מיט קינדער און דאַ רוקט זיך שוין אָן נאָך איינס...

איך האָב זיך געוויינלעך געמאַכט שלאָפנדיק און זיך צוגעהערט צו די שמועסן פון טאַטע־מאַמע און ווען איך האָב דערהערט אַז עס דאַרף שוין קומען נאָך אַ קינד אויף דער וועלט, האָב איך דערפילט, ווי איך וואָלט באַקומען אַ שמיץ מיט אַ נאַסער איבערן פּנים. עס האָט מיר עפּעס אַזוי ווי געטאָן און איך האָב זיך עפּעס אַזוי פאַרשעמט, אַז עס האָט זיך מיר פון האַרצן אַרויסגעריסן אַ הויכער זיפץ — „אוי!..." און איך האָב שוין דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט געוויינט.

עטלעכע טעג האב איך נישט געקענט קוקן דער מאמען גלייך אין פנים און איך האב זיך אפילו געשעמט מיט אנדערע מענטשן אויסצורעדן א ווארט, עס האט זיך מיר נאר אויסגעוויזן, אז יעדער ווייס פון מיין אומגליק און זיכער לאכט יעדער אין די פויסטן און זאגט: — זעט נאר, א טאכטער שוין צום חתונה מאכן און די מאמע האלט נאך אלץ אין איין קינדלען...

איך האב אין מיין פארשעמטקייט אויסגעמיטן די יונגעלייט, וואס האבן זיך געשארט ארום מיר, איך האב געטאן מיין ארבעט אין שטוב און איך האב געשפילט מיינע ראלן אף דער בינע און אין די פרייע מי־נוטן האב איך זיך פארקליבן אין מיין ווינקל און געוויינט, צוערשט מיט טרערן און דערנאך אן טרערן. עס האט בא מיר געוויינט אין הארצן.

און דאס איז געווען אין זינקאוו, ווען איינמאל, אינמיטנדערנאכט, האט מיך דער טאטע אויפגעוועקט פון שלאף און מיך געהייסן לויפן זוכן אן אקושארקע.

איך בין אראפגעשפרונגען פון מיין געלעגער און זיך א שטעל געטאן גלייך, שטאלץ און כאטש איך האב אינגאנצן געציטערט פון אויפרעגונג, האב איך אויסגערופן פעסט: — איך וועל נישט גיין!...

דער טאטע איז געבליבן שטיין פארוואונדערט. ער האט מיך קיינמאל נישט געזען אזוי, און קיינמאל פון מיר נישט געהערט אזעלכע פעסטע ווערטער, וואס זיינען קעגן זיין ווילן און ווי ער וואלט עס אליין נישט געגלויבט, האט ער נאכאמאל געזאגט — גיי און זוך אפ אן אקושארקע, דו הערסט נישט דער מאמעס קרעכצן? מען טאר נישט פארלירן קיין צייט...

אבער איך בין ווייטער געשטאנען אין דער זעלבער פאזע און מיט דער זעלבער פעסטקייט איבערגעחזרט, אז איך וועל נישט גיין.

דער טאטע האט נאך עפעס אלץ נישט געגלויבט, אבער זעענדיק ווי איך שטיי אזוי ווי א סטאטוע, האט בא אים א ציטער געטאן איין אויג און ער האט אויפגעהויבן די האנט מיר צו דערלאנגען א פאטש.

ער האט מיר דעם פאטש נישט געגעבן; מיין קאטעגארישע האלטונג האט אים עפעס ווי אפגעשראקן און די האנט איז אים געבליבן אינדער־לופטן, אבער איך האב געפילט ווי איך וואלט שוין דעם פאטש באקומען און וואכן לאנג האב איך דערנאך געווישט מיינע באקן, ווי איך וואלט פון זיי געוועלן אפווישן דעם ווייטיק און די חרפה...

איך האב צובאקומען א ניי שוועסטערל, דאס איז געווען מיין שוועס־טערל מערי.

# עס פאַרליבט זיך אין מיר אַ פּראָוויזאָר

צו די קימפּעטן אונטערוועגנס, איז שוין די מאַמע געווען צוגעוואוינט און בלויז עטלעכע טעג שפּעטער, זיינען מיר ווידער געזעסן אױף דער פור און געפאָרן ווייטער.

מילין, וועלכער האָט נאָך רעכט נישט געקאָנט שטיין אױף די פיסלעך, האָט די מאַמע געהאַלטן אױף דער שויס און דאָס קליינע ערשט-געבוירענע עופהלע — באַ דער ברוסט און איך האָב געמוזט אַכטונג געבן אױף שויי-קעלען און אױף פאַנין, אַז זיי זאָלן זיך נישט צעהוליען אױף דער פור און נישט אַראָפּפאַלן אינמיטן פאָרן.

עס איז מיר שווער איבערצוגעבן, ווי מיר איז דעמלט געווען אױף מיין געמיט; איך האָב געוואָלט עפּעס טראַכטן, נאָר עס האָט זיך מיר נישט געטראַכט; עפּעס אַ געדאַנק האָט זיך געפּלאָנטערט אין מיין מוח, אַ גע-דאַנק וועגן אַנטלויפן, אַ געדאַנק אַז עפּעס וועט מוזן געשען, נאָר איך האָב דעם געדאַנק נישט געקאָנט דערטראַכטן און איך האָב זיך גענומען שרעקן פאַר אים און אים דערדריקט אין דעם ווינקל פון מיין מוח.

אָבער דעם ווייטיק און די חרפּה האָב איך נישט געקאָנט אָפּווישן פון מיין פּנים. איך האָב כּסדר געפילט דעם נישט באַקומענעם פּאַטש פון טאַטן. באַטאָג און דורך די נעכט האָט מיר דאָס פּנים געפּלאַמט און אויב איך האָב וואַכנדיק נישט געוואָלט טראַכטן וועגן אַנטלויפן, האָב איך אָבער אין חלום געזען ווי עמיץ קומט מיר צו הילף און טרייסט מיך און מאַכט מיך פאַרגעסן אָן מיין ווייטיק. ווער דער עמיץ איז, האָב איך נישט געזען, נאָר עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער פאַר-שטעלטער פּרינץ אַלס בעטלער פון דער מומע סאָסיעס מעשהלע, און ער קומט צו מיר מיטן גאָלדענעם שיכעלע...

בלויז אַ קורצע צייט שפּעטער האָט זיך דער „עמיץ" טאַקע אױף אָן אמת געיאַווועט.

דאָס איז געווען אין טאָלטשין.

עפּעס איז עס דאָרט נישט אַזוי לייכט דורכגעגאַנגען מיט אַ דערלוי-בעניש צו שפּילן און דער טאַטע האָט דערווייל איינגעאָרדנט די צוזאַ-מענקונפטן אױף אונזער קוואַרטיר און עס זיינען געקומען אַ סך יונגעלייט און דער טאַטע האָט געלייענט און דערנאָך האָט מען ווי געוויינלעך דיסקוטירט.

צווישן די יונגעלייט וואָס זיינען געקומען, האָט זיך אויך געפונען אַ פּראָוויזאָר, אַ זונדל פון פאַרמעגלעכע עלטערן, זיין נאָמען איז געווען באָרים גורעוויטש און דער באָרים גורעוויטש, איז געווען עפּעס גאַנץ

אַנדערש פון די אַלע אַנדערע יונגעלייט און אנשטאט די אָפּשרעקנדיקע פּייערלעך, וואָס איך האָב געזען אין אַלעמענס אויגן, האָב איך אין זיינע אויגן געפילט אַזאַ גלעטנדיקע צאַרטקייט און עפּעס אַזאַ טיפע בענקע־גיש, און זיין שטים איז געווען אַזוי מעלאָדיש, אַז זיינע ווערטער האָבן ממש געגלעט מיין נשמה...

ער האָט מיר נישט געמאַכט קיין קאָמפּלימענטן, ער האָט מיט מיר גערעדט ווי צו אַ קינסטלערן און ער האָט מיך געפרעגט, ווי איך פיל זיך אין די פאַרשידענע טראַנספאָרמאַציעס פון ראָלן און ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער בענקט שוין פון לאַנג זיך צו באַקענען מיט אַ קינסטלערן, האָב איך דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט געחלומט וועגן אים, און איך האָב שוין געוואַרט ער זאָל ווידער קומען.

יאָ, באַרים גורעוויטש איז געווען דער עמיץ, וואָס האָט מיך גע־מאַכט פאַרגעסן אָן מיין ווייטיק און אָן מיין חרפה וואָס איך האָב געפילט זייט מערי איז געבוירן געוואָרן און ער איז געווען דער ערשטער און דער איינציקער פון די אַלע יונגעלייט, מיט וועלכן איך האָב ליב געהאַט זיצן שעהן לאַנג און הערן זיין שטים און שפּיגלען זיך אין זיינע גלעטנדיקע בליקן.

ווען מיר האָבן ענדלעך באַקומען אַ דערלויבעניש צו שפּילן כלומרשט רוסישן וואַריעטע, איז באַרים בא יעדער פאָרשטעלונג געווען אין טעאַ־טער און ער האָט מיר געבראַכט אַ בינטל בלומען הינטער די קוליסן און נאָך דער פאָרשטעלונג האָט ער מיך באַגלייט אַהיים. און איינמאָל, בעת ער האָט מיך באַגלייט, האָט ער מיר געזאָגט אַז ער האָט מיך ליב און אַז ער וויל מיט מיר חתונה האָבן, און אַז ער ווייס, אַז נישט אַזוי לייכט וועט עס אים אָנקומען, זיינע עלטערן וועלן זיך אודאי אַנטקעגנ־שטעלן, נאָר ער וועט מיט מיר חתונה האָבן.

ער האָט עס מיר געזאָגט מיט אַזויפיל צאַרטקייט און דאָך האָב איך פּלוצלינג דערזען אין זיינע בליקן די מאָדנע פייערלעך, וואָס האָבן מיך אַלעמאָל אַזוי אָפּגעשראָקן און עפּעס האָב איך אָנגעהויבן מורא האָבן פאַר אים.

און כאָטש איך האָב זייער שטאַרק געבענקט נאָך אים ווען ער איז נישט געווען, האָב איך זיך אָבער אָנגעהויבן שרעקן פאַר אים, ווען ער איז געקומען און ווען ער האָט מיר געפּרואווט נאָכאַמאָל פאַרזיכערן, אַז ער וויל מיט מיר חתונה האָבן און אויב ער קאָן עס נישט טאָן איצט, ווייל ער איז נאָך אפשר צו יונג, שווערט ער מיר, אַז ער וועט קיינמאָל נישט טראַכטן וועגן אַן אַנדערער, נאָר וואַרטן אויף מיר... ווען ער האָט מיר דאָס צום צווייטן מאָל דערקלערט, האָב איך אים שוין געענטפערט,

אַז וועגן דעם מוז ער ריידן מיט מיינע טאַטע־מאַמע.

און ער האָט גערעדט. דער טאַטע האָט אים אויסגעהערט און געקוקט אויף אים מיט אַ דורכדרינגלעכן בליק און דערנאָך האָט ער איבערגעשמועסט מיט דער מאַמען און געזאָגט, אַז בארים איז נאָך כמעט אַ אינגל און ביז ער וועט האַלטן ביי חתונה האָבן, וועט זיך אים נאָך אַ סך מאָל אויסווייזן אַז ער איז פאַרליבט און דער טאַטע האָט מיר געגעבן אַ לעקציע וועגן ליבע און אָנגעוויזן מיר, אַז מען טאָר נישט גלויבן גלאַט אַזוי און איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער פיעסע „שולמית”: אויך אבשלום שווערט איר אַזוי הייליק צו און ער נעמט די קאַץ און דעם ברונעם אַלס עדות און פונדעסטוועגן פאַרגעסט ער זיין שבועה און זיכער וועט באָרים אויך פאַרגעסן און ווי שטאַרק איך וועל דאַרפן ליידן ווען ער וועט פאַרגעסן און איך האָב געפילט, אַז איך וועל פונקט אַזוי מוזן ליידן ווי שולמית און ווען באָרים איז געקומען, האָב איך זיך אָנגעהויבן אויסצובאַהאַלטן פון אים, איך האָב שטאַרק געבענקט נאָך אים, נאָר איך האָב מורא געהאַט זיך צופיל צו זען מיט אים, ווייל איך האָב געפילט, אַז וואָס מער איך וועל זיך מיט אים זען, אַלץ מער ווי וועט עס מיר טון, ווען ער וועט זיך דערוויטערן פון מיר.

די מאַמע האָט געהאָלפן, אַז די שרעק זאָל אין מיר ווערן שטאַרקער ווי די בענקשאַפט. זי האָט מיר דערציילט פאַרשידענע געשעענישן פון אַזעלכע ליבעס, וואָס האָבן זיך געענדיקט מיט גאָרנישט און אגב — האָט זי אָנגעוויזן — וואָס וועסטו דאָס כאַפּן אָן אים פאַר אַ מציאה? באשר ער איז אַ פּראָוויזאָר? נישקשה, אַזאַ גאָלד ווי דו, וועט נאָך באַקומען עפּעס בעסערס און אפשר וועלן אויך טאַטע־מאַמע אויפגעריכט ווערן אַ דאַנק דיר, מיר זאָלן קענען לעבן צוזאַמען ווי מענטשן מיט מענטשן צוגלייך...

און כדי וואָס שנעלער איבערצורייסן דעם פאָדעם, וואָס האָט זיך אָנגעהויבן פלאָנטערן, האָבן טאַטע־מאַמע באַשלאָסן, אַז כאָטש מען קאָן נאָך שפּילן אין טאָלטשין, זאָלן מיר בעסער אַוועקפאָרן און זיך דערווייטערן פון פלאַץ, וואו עס דראָט אַ געפאַר.

און מיר האָבן געפּאַקט די זאַכן און געפאָרן וויטער.

## פּורמאַנעס זיינען אונזערע מעצענאַטן

פאַרן אַרויספאָרן פון טאָלטשין, האָט זיך באָרים מיט מיר געזעגנט און טרערן זיינען געשטאַנען אין זיינע פאַרבענקטע אויגן. ער האָט מיך באַשוואוירן אַז איך זאָל אים שרייבן און וואו איך וועל נאָר זיין, וועט

ער מיר נאָכשיקן בריוו און איך זאָל אים נישט פאַרגעסן.

איך האָב עס אים צוגעזאָגט און טאַקע פון ערשטן שטעטל וואו מיר זיינען אָנגעקומען, אים באַלד געשריבן אַ בריוו, פול מיט בענקשאַפט, און בלויז צוויי טעג שפּעטער האָב איך שוין געהאַט פון אים אַן ענטפער־בריוו פול מיט ליבע; אַזוי האָט זיך געצויגן אונזער קאָרעספּאָנדענץ עטלעכע חדשים צייט, ביז עס האָט אָנגעהויבן גיין זייער שלעכט, עפּעס אַ מסירה האָט אונז באַגלייט פון שטעטל צו שטעטל, נאַטשאַלסטוואָ האָט פון אונז נישט אַראָפּגעלאָזן דאָס אויג, און מיר האָבן נישט געקענט שפּילן און עס האָבן זיך איבערגעחזרט די שווערע טעג און וואָכן פון אַמאָל, מיר האָבן זיך געמוזט זוכן צו ראַטעווען שפּילנדיק אין פּריוואַטע שטיבער ווי אין יעקאַטערינאָסלאַוו און עס איז אונז שוין געווען אַזוי שלעכט, אַז איך האָב נישט געהאַט אַף אַ פּאָסטמאַרקע צו קענען אַוועק־שיקן אַ בריוו... אַזוי איז אונזער קאָרעספּאָנדענץ איבערגעריסן געוואָרן, און די צייט האָט גענומען וועבן נייע חלומות וואָס האָבן געמאַכט פאַרגעסן די אַלטע.

די שווערע טעג אונזערע האָבן זיך געצויגן גענוג לאַנג.

אין יעדן נייעם שטעטל וואו מיר זיינען אַריינגעקומען, זיינען מיר געקומען מיט נייע האָפענונגען, אָבער שנעל האָבן זיך די האָפענונגען אויסגעלאָשן: דער טאַטע איז אַהיימגעקומען טרויעריק און גאַנץ אָפט אַפילו שיכורלעך, ער האָט געשאָלטן נאַטשאַלסטוואָ און זיך געטרייסט מיט נאָך אַ טרונק בראָנפן און מען האָט כסדר געהאַלטן אין איין טראַכ־טן ווי אַזוי מען באַקומט זיך אַרויס אין אַ צווייט שטעטל.

גאַנץ אָפט איז דער טאַטע אַרומגעלאָפן איבער די שטעטלעך זוכנדיק עמיצן בא וועמען ער זאָל קענען לייען עטלעכע רובל אַף צו באַצאָלן פאַר קוואַרטיר און אַף הוצאות ווייטער צו פאָרן, אָבער בא די אַלע פאַר־מעגלעכע אידן זיינען געווען פאַרמאַכטע קעשענעס און פאַרמאַכטע הערצער און מען האָט בא זיי קיין רובל נישט געקאָנט באַקומען.

איינמאָל, נאָכן אָפּשפּילן מיט סכנות־נפשות אין אַ פּריוואַטער שטוב, ווען מיר האָבן געמאַכט דעם חשבון, אַז עס פעלט אונז נאָך עפּעס צום באַצאָלן די קוואַרטיר, האָט זיך געיאַוועט אַ פורמאַן, אַ בעל־עגלה וואָס איז געווען זען די פאַרשטעלונג און נאָכדעם ווי ער האָט מיט פּראָסטע ווערטער אויסגעדריקט זיין באַגייסטערונג פון דעם שפּילן, האָט ער גע־זאָגט: — הערט, איך האָב געהאַט אַזאַ הנאה פון אייך, אַז איך וואָלט אייך אַלץ אַוועקגעגעבן! אָבער איך בין אַליין אַ איד אַ קבצן, איך בין אַ בעל־עגלה און לעב פון מיין פערד און וואָגן, נאָר איך וועל אייך דער־וויל אויסבאָרגן צו באַצאָלן פאַרן קוואַרטיר און איך וועל אייך אַריבער־

פירן אין אַ צווייטער שטאָט, דאָרט וועט איר ווידער שפּילן און איר וועט מיר באַצאָלן...

מיין טאַטע איז געווען באַגייסטערט פון דעם אָנבאָט און ער האָט אויסגעשריגן, אַז דאָס איז דער גרעסטער קונסט־מעצענאַט אַף דער גאַנ־צער וועלט און ווען איך האָב געזען דאָס אויפריכטיקע פּראָסטאַקישע פּנים פון דעם בעל־עגלה, האָט מיר עפּעס אַ ציטער געטאָן אין הארצן און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז דער פּרינץ אין די בעטלער־קליידער און אַלע יאָרן ביז צום היינטיקן טאָג, ווען איך דערמאָן זיך אָן דעם תמימותדיקן אויסזען פון דעם פּראָסטן בעל־עגלה, זע איך אין אים דעם פאַנטאַסטישן פּרינץ.

דער בעל־עגלה האָט געזאָגט און געטאָן. ער איז געקומען צו אונז אַפן קוואַרטיר, אַרויסגעשלעפּט פון אַ רויטער פאַטשיילע עטלעכע רובל און דערלאַנגט דעם טאַטן און באַלד האָט ער אָנגעהויבן אַרויסטראָגן די פּאַרפאַקטע זיבן זאַכן און מיר זיינען שוין געזעסן אַף דער פור און גע־פאָרן זוכן נייע גליקן.

צי מען האָט דעם גוטן מלאך געהאַט צו באַצאָלן אין צווייטן שטעטל, געדענק איך נישט; איך געדענק אָבער, אַז עטלעכע מאָל האָבן זיך אי־בערגעחזרט אַזעלכע פיינלעכע טעג, ווען מיר האָבן נישט געהאַט צו באַצאָלן און פאָרן ווייטער, און אַזוי ווי אַ פורמאַן האָט זיך אַליין נישט געיאָוועט מיט אַזאַ אָנבאָט, האָט דער טאַטע אָפּגעזוכט אַזאַ פורמאַן און גאַנץ אָפט האָט געטראָפן, וואָס די פורמאַנעס האָבן אונז אויסגעבאָרגט צו עטלעכע רובל און אונז געפירט אין נייע שטעטלעך וואו מען האָט זיי באַצאָלט נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג, און אַמאָל ווען מען האָט נישט געקאָנט שפּילן, זיינען זיי אַוועקגעפאָרן מיטן בייטשל און אַזוי זיינען פּראָסטע פורמאַנעס געווען מעצענאַטן פון אידישן טעאַטער.

# נײנטער קאַפּיטל:

אַ הינער אידענע דאַטעוועט אונז פון נויט — אונזער טרופּע שפּאַלט זיך — מײַן קופּערטל מיט ביכער — איך וויל אַוועקגעבן מײַן מתנה פאַר אַ מעדיצין — דער גוטער אַפּטייקער — מיר פאַרײניקן זיך מיט דער טרופּע קאַניעווסקי — אַ דיאַמאַנטן־הענדלער אַלס ביראַמאַנט — זײַן פּרינציפּ איז: נישט צו לײַען! — די נויט וויל אונז דערשטיקן — דער ביראַמאַנט באַרגט אונז אַ פינפאונצוואַנציקער — צי בין איך נישט פאַרמשכנט? — עס פּלאָנטערט זיך און איך ווער פאַרפּלאָנטערט — די קאַניעווסקים ברוגזן זיך — די מאַמע פּראַוועט אַ רײַכן מאַלצײַט — דער „פּרינץ אין בעטלער־קליידער"...

## אַ הינער אידענע העלפט אונז

און אין איין שטעטל, וואו אַזאַ בעל עגלה־מעצענאַט האָט אונז אַרײַנגעפירט האָט דער טאַטע זיך באַלד דערוואוסט, אַז דער פּריסטאַוו איז אַ ביטערער טיפּ, און ער האָט אונז געהייסן בלײַבן זיצן אויף דער פור, ביז ער וועט זיך זען מיט אים.

זײַנען מיר געזעסן אויף דער פור פאַר דעם אײַנפאַר־הויז און געוואַרט ביז דער טאַטע וועט צוריקקומען און די הערצער האָבן אין אונז געציטערט און אין זיך האָבן מיר גאָט געבעטן, אַז הלוואַי זאָל דער טאַטע צוריקקומען מיט אַ גוטער בשורה.

אָבער דער טאַטע איז צוריקגעקומען שוואַרץ ווי די ערד. די פיס האָבן אים געציטערט בעת ער האָט זיך דערנענטערט צו אונזער פור און מיט אַ פאַרשטיקטער שטים האָט ער אונז מיטגעטיילט, אַז דער פּריסטאַוו לאָזט צו זיך אפילו נישט ריידן; ער זידלט זיך און שרײַט אַז די זשידעס נאַרן אַלעמאָל אָפּ, זיי זאָגן צו עפּעס אַנדערש און זיי שפּילן פּאַ יעווריסקאָמו...

און בעת מיר זיצן אַזוי אויף דער פור אין געהאַקטע צרות, גייט פאַרבײַ אַן אַלטע אידענע מיט צוויי שווערע קוישן אַנגעשטאָפּט מיט לעבעדיקע הינער, די אידענע שטעלט אַראָפּ אויף דער ערד די צוויי קוישן און לייגט גלײַך די הינער, אַז זיי זאָלן זיך נישט דערשטיקן און דערנאָך קוקט זי אויף אונז און קומט צו נאָך נענטער און ענדלעך גיט זי אַ פרעג — אידן? יאָ? וואָס שטייט איר עפּעס נישט אַהין און נישט אַהער? איר פאָרט ווײַטער, אָדער דאַרפט איר דאָ אַראָפּגיין?...

די אידענע האָט געהאַלטן אין איין שטעלן פראַגן און נישט וואַרטנ־דיק אפילו אַף אַן ענטפער, האָט זי כסדר געפרעגט עפּעס אַנדערש און זוי אַנגעזאַלצן עס איז געווען אַפן געמיט, האָבן די אַקטיאָרן זיך געוואָלט אַ שפּיל טאָן און זיי האָבן איר געזאָגט, אַז זיי זיינען אַקטיאָרשטשיקעס, קאָמעדיאַנשטשיקעס, אַז זיי זיינען דאָ געקומען שפּילן אין דעם גרויסן טעאַטער, נאָר דערווייל איז נישטאָ קיין גרוים טעאַטער און מען שטייט און מען טראַכט, אפשר וועט מען דאָ קענען אויפבויען אַף שנעל אַ טעאַטער פאַר אונז...

די אַקטיאָרן האָבן זיך געוויצלט און די אידענע האָט גוטמוטיק גע־לאַכט און געזאָגט, אַז זי האָט זייער ליב אידיש טעאַטער און פאַרוואָס זאָלן מיר טאַקע נישט בלייבן דאָ און שפּילן, די גאַנצע שטאָט וואָלט זיך דערפרייט...

מיין טאַטע איז געשטאַנען דערנעבן, אים זיינען איצט די אַלע וויצן נישט געקראַכן אין קאָפּ, ער איז געווען בייז און טרויעריק און ווען די אידענע האָט גערעדט וועגן בלייבן דאָ און שפּילן טעאַטער, איז ער אַזוי אויפגעברויזט געוואָרן, אַז ער האָט זי אַנגעכאַפּט פאַר דער שאַל און אויסגעשריגן איר גלייך אין פּנים אַריין:— טאָ פאַרוואָס בעט איר נישט אוים אַ טויט אַף אייער פּריסטאַוו? ער וויל דאָך אונז נישט דערלויבן שפּילן!...

— טאָ ווער האָט אים נישט אין דער ערד, דעם וויסטן רשע? קומט מיט מיר און איר וועט זען, אַז איר וועט דאָ שפּילן טעאַטער און פאַר־דינען אַ סך געלט.

מיר זיינען אַלע געבליבן ווי פאַרבליפט. אַ טייל פון אונז האָבן צוערשט געגלויבט, אַז די אידענע נעמט אונז פשוט אַף חוזק און זיי האָבן זיך שוין געגרייט איר צו ווייזן, אַז מיט אַקטיאָרן שפּילט מען זיך נישט... אָבער זי האָט נאָכאַמאָל געטענהט, אַז מען דאַרף דעם פּריסטאַוו אַף כפּרות און, אַז מיט אים איז נישטאָ וואָס צו ריידן, נאָר ווען זי וועט וועלן, וועט ער שוין געבן אַ דערלויבעניש און אויב מיר ווילן, טראָגט זי שוין אַוועק די קוישן הינער און זי וועט גיין מיט אונז און — וועט מען שוין זען וואָס זי קאָן...

אונזערע אַקטיאָרן זיינען געזעסן ווי צעמישט. זיי האָבן נישט גע־וואוסט באַ וואָס אַנצוהויבן און דער טאַטע האָט, ווי אַ מענטש וואָס טרינקט זיך, אַנגעכאַפּט זיך אַן דער שטרוי און ער האָט אַנגעהויבן שטאַמלען — וואָס? ווען? ווי אַזוי? און די אידענע האָט געזאָגט: — וואַרט אוים אַ מינוטקעלע און איר וועט זען... און זי האָט אַ כאַפּ געטאָן די צוויי קוישן און אַריינגעטראָגן זיי אין דעם איינפאַר־הויף.

צוויי אַקטיאָרן זיינען אראָפּגעשפּרונגען פון דער פור, זיי האָבן גע־וואָלט נאָכלויפן נאָך דער אידענע און זען צי וויל זי זיך נישט ארויסדריי־ען נאָכן אָפּחוזקן פון אונז, אָבער די אידענע איז דערווייל צוריק ארויס־געקומען און געזאָגט צום טאַטן: — קומט!

דער טאַטע האָט געקוקט אף אונז און אף דער אידענע און עפּעס האָט ער אליין נישט געוואוסט וואָס צו טאָן, אָבער דאָ איז די מאַמע אראָפּגעקראָכן פון פור און זי האָט געזאָגט: — קום, איך גיי מיט.

עס האָט געדויערט אַ שעה צייט און מיר האָבן געזען, ווי די מאַמע קומט שנעל און איר פּנים איז פול מיט פרייד.

די מאַמע האָט דערציילט, אַז די אידענע האָט זיי געפירט צום פּרים־טאַווס ווייב, זי איז מיט איר אַ גאַנצע שמעלקע און זי האָט דערציילט דעם פּריסטאַווס ווייב, אַז אירע פאַמיליאַנטן, נאָנטע קרובים זיינען גע־קומען, זיי זיינען טעאַטער־שפּילער, נאָר דער מאַן דער פּריסטאַוו, וויל זיי נישט דערלויבן און זיי דאַרפן דאָ שטאַרבן פון הונגער, און די פּרים־טאַוושע האָט צוגעזאָגט אַלץ צו טאָן, אַז עס זאָל זיין גוט.

און עס איז טאַקע געווען גוט. דער טאַטע איז דערנאָך צוריקגעקו־מען מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט, מיר זיינען אריין אין אַכסניה און צוויי טעג שפּעטער האָבן מיר שוין געשפּילט „שולמית" און די הינער־אידענע איז געווען אין סאַלאָן צווישן פּובליקום. מיר האָבן אַ לאַנגע צייט גערעדט וועגן דער פּראָסטער הינער־אידענע, וואָס האָט אונז געראַטעוועט פון נויט, שאַפנדיק אונז די דערלויבעניש צו געבן עטלעכע פאָרשטעלונגען.

## אונזער טרופּע שפּאַלט זיך

די פּראָטעקציע פון דער הינער־אידענע איז אָבער בלויז געווען אַ הילף אף דערווייל. מיר האָבן געשפּילט עטלעכע פאָרשטעלונגען, די אַרבעטס־מענטשן, וואָס זיינען געקומען זען די פאָרשטעלונגען האָבן שוין אויסגעגעבן אף בילעטן די אָפּגעשפּאָרטע גראָשנס און מער האָבן זיי נישט געהאַט און מיר האָבן ווידער געמוזט פאָרן ווייטער און ווידער די אַלטע שוועריקייטן, און ווידער הונגער, נויט און פּיין...

צווישן אונזערע מענטשן האָט זיך אָנגעהויבן פילן אַ מידקייט און ווייסמאָן, וועלכער האָט זיך טאַקע צו מיר באַצויגן זייער קאָרעקט, האָט אָבער געטראָגן אַ בייז האַרץ אפן טאַטן, און אפשר האָט ער גלאַט גע־זוכט אַ געלעגנהייט זיך צו דערווייטערן פון מיר, כדי גיכער צו פאַרגעסן. ווי די זאַך זאָל נישט זיין, ער האָט אויסגענוצט די שווערע שטימונג אין אונזער אַקטיאָרן־קאָלעקטיוו און ער איז אַוועק דער ערשטער; באַלד נאָך



**אַן אינטערעסאַנט בילד:** — צילי, אסתר און אַנדזשעלע קוקן אפן בילד פון זייער מאַמע
וועלכע פאָרט אַרום מיט אַ טרופּע בלאָנדזשענדע שטערן שפּילן אידיש טעאַטער
כדי צו דערפרייען אידישע הערצער



**אפן וועג קיין רומעניע 1924**

**פון רעכטס: — פאַסטאָר, זינאַ ראַפּעל, לאָלא יאַקובאָוויטש און קרעלמאַן**



**אין רומעניע 1925**

**זינאַ מיט איציקל גאָלדנבערג און זיין שוואָגער קרעמניצער**

אים, זיינען צוויי פון מיין קוואַרטעט אַוועק אָן אַ זיי געזונט און אַפּס לעצט האָט זיך נאָך פּאַלעפּאַדע אָנגעהויבן דרייען און ברעקלען זיך און אונזער טרופּע איז געשטאַנען פאַר דער געפאַר פון צעפאַלונג.

פּאַלעפּאַדע איז געווען אַ שיינער בחור, ער האָט געהאַט אַ שיינע שטים און ער איז זייער נויטיק געווען אין אונזער טרופּע און דער טאַטע האָט זיך באַמיט אים צו פאַרהאַלטן און עס האָט געטראָפן, אַז דער טאַטע האָט אים אַוועקגעגעבן דעם לעצטן רובל און דערנאָך האָבן מיר נישט געהאַט צו עסן; אָבער דאָס אַלעס האָט נישט געהאָלפן. צו פּאַלעפּאַדעס קוּוענקלעניש איז נאָך צוגעקומען אַ פאַרליבעניש. ער האָט זיך באַקענט מיט אַ מיידל וואָס האָט געהייסן פייגעלע. מען האָט געזאָגט, אַז די פייגעלע איז אַ זייער שיין און קלוג מיידל און דער טאַטע האָט איינגעזען, אַז אויב אַ פאַרליבעניש וועט שוין דאָ גאַרנישט העלפן און עס האָט טאַקע נישט געהאָלפן... ווען מיר האָבן באַדאַרפט פאַרלאָזן דאָס שטעטל, האָט פּאַלעפּאַדע דערקלערט, אַז ער בלייבט...

די שטימונג איז בא אונז שוין געווען אַזאַ געדריקטע, אַז דער טאַטע האָט אים שוין אפילו נישט געפּרואווט פאַרהאַלטן און שווייגנדיק, האָט יעדער פון אונז פאַרפּאַקט זיין פּעקל זאַכן און אַרויפגעלאַדעוועט אַף דער פור. שווייגנדיק האָב אויך איך פאַרפּאַקט מיין פּעקל און מיין קעסטל ביכער, וואָס איך האָב געהאַט פון מתנות און איך האָב מיט ליבשאַפט און בענקעניש געפּוצט די טעוועלעך פון נאַדסאָנס לידער-בוך, וואָס איך האָב באַקומען פון באָרים גורעוויטש אַ מתנה צו מיין געבורטסטאָג; אַ טרער האָט זיך אַריינגעקייקלט אין מיין קעסטל ביכער און באַלד זיינען מיר געזעסן אַף דער פור, דער פורמאַן האָט דערלאַנגט אַ שמיץ מיט דער בייטש און מיר זיינען געפאָרן ווייטער אַף דעם ווייטן, אומבערחמנותדיקן וועג פון נע-ונד...

## איך וויל אַוועקגעבן מיין מתנה פאַר אַ מעדיצין

די צעפאַלונג פון אונזער טרופּע האָט פיל מער געווירקט אַף אונז ווי די אַלע שווערע און ביטערע צייטן וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט.

מיר זיינען שוין נישט געפאָרן, נאָר געשלעפּט זיך פון שטעטל צו שטעטל און אַפילו דאָ, וואו מיר האָבן געשפּילט, איז עס אויך נישט געווען דאָס וואָס פריער; דער טאַטע איז אַרומגעגאַנגען טרויעריק און גאַנץ אָפּט זיך געמוטשעט מיט אַ טרונק בראָנפן און די מאַמע האָט געוויינט, און איך האָב געמוזט ניאַנטשען מילין מיט מערין און איך וואָלט זיכער

נישט געווען איבערגעלעבט יענע צייט, ווען איך האָב נישט נעבן זיך אַזאַ געטרייע חברטע ווי חוהלע.

חוהלע האָט מיט מיר געטיילט דעם גורל. זי האָט מיך געטרייסט און געמוטיקט און זי האָט מיר געהאָלפן ניאַנטשען די קינדער און זי איז געוואָרן ווי אַ טייל פון מיר אַליין און מיר האָבן זיך געהאַלטן ווי צוויי קערפערס, וואָס האָבן איין נשמה.

און אין אַזאַ ביטערן צושטאַנד פון אַפּאַטיע און מוטלאָזיקייט, זיינען מיר אָנגעקומען קיין בּאַריסאָוו.

מיר זיינען געווען אָן אַ קאָפּיקע בא דער נשמה. דער טאַטע האָט באַלד אַרומגעשפּאַנט די שטאָט און ער איז געקומען מיט דער טרויעריקער נייעס, אַז אויך דאָ קאָן מען נישט שפּילן, אַז עס שטייט שוין אַ אידישע טרופּע אַזוי ווי אונזערע, דאָס איז געווען די קאַניעווסקי־טרופּע (מיט קאַניעווסקים עלטערער שוועסטער) און דער קאַניעווסקים מאַן, וואָס איז געווען אַן אַדוואָקאַט, האָט אויך גאָרנישט געקאָנט אויפטאָן צו באַקומען אַ דערלויבעניש אָף צו שפּילן טעאַטער.

צו די צרות איז די מאַמע נאָך אַוועקגעפאַלן קראַנק, זי האָט געברענט פון היץ און מען האָט געמוזט האָבן אַ דאָקטאָר און אין מיין פּיין, ווייס איך אפילו נישט, ווי אַזוי דער טאַטע האָט באַוויזן צו ברענגען אַ דאָקטאָר, נאָר איך ווייס, אַז אַ דאָקטאָר איז געקומען און ער האָט פאַרשריבן אַ רעצעפּט און דאָ האָט זיך ערשט אָנגעהויבן דאָס טרויעריקע, — עס איז נישט געווען קיין געלט אָף צו קויפן די מעדיצין.

דער טאַטע איז אַוועקגעלאָפן צו דער קאַניעווסקי, אָבער אויך דאָרט איז נישט געווען בעסער ווי ביי אונז און ער איז צוריקגעקומען מיט גאָרנישט. ער האָט נאָך געפּרואוווט אַרומלויפן זוכן הילף, זוכן וואו צו לייען אַ קערבל און ווען דאָס האָט זיך נישט איינגעגעבן, איז ער צוריקגעקומען, אַוועקגעזעצט זיך נעבן דער מאַמעס בעט און געזאָגט אַז ער וועט אַזוי זיצן, ביז ער וועט אויסגיין צוזאַמען מיט איר...

איך מיט חוהלען, מיר האָבן ביידע געוויינט אָף אונזער ביטערן גורל, אָבער זעענדיק, אַז דער טאַטע זיצט נעבן דער מאַמעס בעט און רירט זיך נישט פון אָרט און ער הערט אפילו נישט ווען מען רעדט צו אים, האָבן מיר אַליין עפּעס געמוזט אָנהויבן טאָן; האָבן מיר זיך אַרומגעקוקט אין שטוב, אפשר וועט מען געפינען אַ זאַך וואָס וועט זיך לאָזן פאַרקויפן, האָבן מיר געגנישטערט צווישן אונזערע רעקוויזיטן, מיר האָבן באַטראַכט די טוניק פון „שולמית", דאָס מאַלאָרוסישע העמדל, די פּאַפּירענע גאָלדענע קרוינען און מיר האָבן איינגעזען, אַז פאַר די אַלע זאַכן וועלן מיר גאָרנישט באַקומען...

פלוצלינג איז מיין בליק געפאַלן אַף מיין קעסטעלע ביכער, און עפּעס האָט מיר אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן...

דאָס ביסל ביכער וואָס איך האָב געהאַט, זיינען באַ מיר געווען הייליקייטן.

די ביכער האָב איך איינציקווייז באַקומען אַלס מתנות פון די יונגע־לייט, וואָס האָבן באַזוכט אונזערע קוואַרטירן אין די פּריוויטיקצונאַכטן, און באַרים גורעוויטש, דער פּראָוויזאָר פון טאָלטשין, האָט מיר געשענקט דאָס קופערטל אַף די ביכער און, ווען עס איז געווען מיין געבורטסטאָג, האָט ער מיר געשענקט נאַדסאָנס אַ בוך פּאָעזיע און דאָס בוך איז געווען אַזוי שיין איינגעבונדן מיט גאָלדענע טאָוולען און מיט אַזעלכע שיינע גאָלדענע אָרנאַמענטאַציעס און גראַווירן, און דאָס בוך איז באַ מיר גע־ווען ווי מיין אויג אין קאָפּ.

איך האָב געעפנט דאָס קעסטעלע און אָנגעהויבן אַרויסלייגן די ביכער, איך האָב זיי שנעל איבערגעקוקט און איך האָב איינגעזען, אַז פּאַר די אַלע ביכער, וועל איך גאָרנישט באַקומען, סיידן, פּאַר נאַדסאָנס וואונ־דערשיינעם איינגעבונדענעם בוך.

ווען חוהלע האָט געזען אַז איך נעם אַרויס דאָס בוך, האָט זי עס מיר געוואָלט אַרויסרייסן פון דער האַנט און איך האָב זיך נישט געלאָזן, האָבן מיר ביידע געריסן דאָס בוך איינע פון דער אַנדערערס הענט און מיר האָבן זיך ביידע פונאַנדערגעוויינט מיט ביטערער טרערן.

צו טייער איז מיר געווען דאָס בוך; צופיל האָט עס מיך דערמאַנט אָן דעם בחור, צו וועלכן איך האָב פּאַרט געהאַט דעם ערשטן געפיל פון הייסער סימפּאַטיע און מיט וועלכן איך האָב צוליב דעם פעלן פון עטלע־כע קאָפּיקעס אַף אַ פּאָסטמאַרקע, איבערגעריסן אונזער קאָרעספּאָנדענץ און ווערנדיק באַהערשט פון די דעראיינערונגען, האָב איך שוין געוואָלט דאָס בוך צוריקלייגן אין קופערטל.

אָבער אַ קוק טוענדיק צו דער מאַמעס בעט, זעענדיק ווי זי ליגט און אָטעמט אַזוי שווער און ווי טרערן רייסן זיך פון אירע אויגן און גליטשן זיך איבער אירע באַקן און ווי דער טאַטע קוקט אַף איר מיט פינסטערע אויסגעלאָשענע בליקן, האָט עס מיר געגעבן אַזאַ שניט אין האַרץ, אַז איך האָב אַ כאַפּ געטאָן דאָס בוך און בין אַרויסגעלאָפן.

ערשט אַפן גאַס האָב איך זיך געכאַפּט אַז איך ווייס נישט וואו איך לויף.

וואו זאָל איך גיין מיטן בוך און ווער וועט עס קויפן?...

די רעצעפּט האָב איך געהאַט מיט זיך און עס האָט אין מיר אויפגע־בליצט אַ געדאַנק: — צום אַפּטייקער!

דער אַפּטייקער, אַן עלטערער מענטש מיט אַ שניי־ווייסן קאָפּ האָר און מיט מילדע שוואַרצע אויגן, האָט געמוזט דערקענען מיין פאַרצווייפלטן צושטאַנד, ווייל ער האָט מיך געזוכט צו באַרואיקן מיט זיין שמייכל, ביז ענדלעך, איך האָב געזאָגט אים צו דערלאַנגען דאָס בוך און זאָגן אים מיין פאַרלאַנג.

דער אַפּטייקער האָט גענומען דאָס בוך, באַטראַכט עס און מורא האָבנדיק, אַז ער וועט זאָגן, אַז דאָס בוך איז נישט ווערט אַזויפיל וויפיל עס קאָסט די מעדיצין, האָב איך אָנגעהויבן דערציילן, ווי טייער דאָס בוך איז בא מיר, אַז דאָס איז אַ הייליקער אָנדענק בא מיר און אַבי מיר וועלן האָבן דעם ערשטן רובל, וועל איך קומען באַצאָלן די מעדיצין און אָפּנעמען דאָס בוך... בא די ווערטער האָב איך זיך אַזוי צעוויינט, אַז עס האָט דעם אַפּטייקער געקאָסט אַ סך מי ביז ער האָט מיך באַרואיקט, ער האָט מיך געבעטן זיצן און ער האָט געמאַכט די מעדיצין, און ווען זי איז געווען פאַרטיק, האָט ער מיר דערלאַנגט די מעדיצין צוזאַמען מיטן בוך און ער האָט מיר געזאָגט: — עס איז זייער שיין, וואָס דו האָסט געוואָלט אַוועקגעבן דיין הייליקן אָנדענק אױף צו קענען ראַטעווען דיין מאַמען און דערפאַר, האַלט און באַהאַלט דיר דיין אָנדענק, ווען איר וועט האָבן געלט, וועסטו קומען און באַצאָלן די מעדיצין...

ווען דער אַפּטייקער וואָלט נישט געווען געשטאַנען אױף דער צווייטער זייט פון גרויסן טיש, וואָלט איך אים זיכער געווען געפאַלן צו די פיס און אים געקושט די שיך. איך האָב אים געוואָלט כאַפּן די האַנט און זי קושן, אָבער ער האָט די האַנט צוריקגעצויגן און איך האָב ווידער אויסגעבראָכן מיט אַ געוויין און דער גוטער אַפּטייקער האָט מיך געמוזט דערמאָנען, אַז איך זאָל אַהיימגיין מיט דער מעדיצין.

לויפנדיק פון אַפּטייק אַהיים, האָב איך געטראַכט, צי זיינען טאַקע אַלע אַפּטייקער אַזעלכע גוטע מענטשן? איך האָב זיך דערמאָנט אָן דעם אַפּטייקער פון ווערכדניעפּראָווסק, וועלכן גענפער האָט מיר פאַרגעשטעלט, ווי ער האָט מיך געוואָלט אַדאָפּטירן אַלס אייגן קינד און איך האָב געטראַכט, אַז אפשר וואָלט עס געווען בעסער ווען מיין מאַמע וואָלט זיך דעמלט נישט געשטעלט קעגן דעם, איך וואָלט שוין געווען געקענט עפּעס טאָן פאַר איר, אַז זי זאָל נישט אַזויפיל ליידן... און דאָ האָב איך מיין הייליק בוך, באַריסעס מתנה, געדריקט צום האַרצן און אין דער צווייטער האַנט האָב איך געהאַלטן די מעדיצין, וואָס דער גוטער אַפּטייקער האָט מיר געגעבן און עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס האָט באַריסעס מתנה אַזוי שטאַרק געווירקט אױפן אַפּטייקער, אַז ער זאָל געבן די מעדיצין אָן געלט און ענדלעך האָב איך אַהיימגעבראַכט די

מעדיצין און חוהלע האָט מיך אַרומגעכאַפּט קושן, ווען זי האָט געזען, אַז איך האָב אויך צוריקגעבראַכט דאָס בוך.

## מיר פאַראייניקן זיך מיט דער טרופּע קאַניעווסקי

מיטן אַהיימברענגען די מעדיצין, האָב איך אין טאַטן אַריינגעבראַכט אַ נייע נשמה.

ער האָט מיך אפילו נישט געפרעגט ווי אַזוי איך האָב געבראַכט די מעדיצין, נאָר ער האָט מיר אָנגעזאָגט אַז איך זאָל אָפּהיטן די מאַמען, איר געבן די מעדיצין, און ער וועט דערווייל אַרויסלויפן אומקוקן זיך וואָס מען קאָן עפּעס טאָן.

אַ צוויי שעה שפּעטער איז די קאַניעווסקי געקומען צו אונז, זי איז אַ לענגערע צייט געזעסן נעבן דער מאַמעס בעט און איר געהאָלפן לייגן די קאַלטע קאָמפּרעסן צום שטערן, דערנאָך איז אויך געקומען דער טאַטע מיט דער קאַניעוווסקים מאַן, דעם אַדוואָקאַט, ער האָט מיר אים פאָר־געשטעלט און באַלד איז דער טאַטע געזעסן מיט אים און איינגעטענהט און איך האָב געהערט ווי דער טאַטע וויל אים איבערצייגן, אַז אויב ביידע טרופּעס געפינען זיך אינדערזעלבער שווערער לאַגע, איז דער בעסטער אויסוועג זיי צו פאַראייניקן און מעגלעך, אַז צוזאַמען וועט מען קענען עפּעס אויפטאָן צו באַקומען אַ דערלויבעניש צו שפּילן טעאַטער.

אַפּצומאַרגנס, ווען די מאַמע האָט זיך שוין געפילט אביסל בעסער, האָט דער טאַטע איר דערציילט, אַז ער פאַראייניקט זיך מיט דער קאַ־ניעווסקי־טרופּע און ער ווייס, אַז עס וועט אים שווער זיין מיט אַ שותּף, ער איז געוואוינט אַלעמאָל אַליין אָנצופירן מיט די געשעפטן, אָבער וואָס זאָל ער טאָן, קיין געלט איז נישטאָ און כאָטש זיי האָבן אויך נישט קיין געלט, איז אָבער דער קאַניעווסקים מאַן אַן אַדוואָקאַט און מיט זיין שאַרפן צינגל וועט ער אפשר גיכער קאָנען אויספּועלן אַ דערלויבעניש.

און ווי נאָר דאָס געשעפט פון פאַראייניקן ביידע טרופּעס איז געשלאָסן געוואָרן, האָט זיך דער טאַטע באַלד איבערצייגט, אַז זיין שותּף דער אַדוואָקאַט, איז פּונקט אַזוי אומבאַהאָלפן ווי ער, אַז אויך ער ווייסט נישט וואו און ווי אַזוי אָנצוהייבן, כדי צו קענען „איינבייסן" די נאַטשאַלסטוואָ און אַ טאָג איז פאַרגאַנגען און נאָך אַ טאָג און די נויט איז געוואקסן און ביידע טרופּעס האָבן זיך צוזאַמענגעקליבן אין איין קוואַרטיר כדי עס זאָל זיין עקאָנאָמישער און ביידע פאַראייניקטע טרופּעס האָבן צוזאַמען געהונגערט.

# אַ דיאַמאַנטן-הענדלער אַלס כיראָמאַנט

דער טאַטע האָט שוין גוט איינגעזען, אַז ער קאָן זיך ווייניק פאַרלאָזן אויף די אויפטועכץ פון אַדוואָקאַט, און ער האָט זיך אַליין אַרויסגעלאָזן אין גאַס זוכן און שנאָפּן און אָנקניפּן באַקאַנטשאַפטן, אפשר וועט ער געפינען עפּעס אַ שטיקל פּראָטעקציע.

און טראָץ דער שווערער נויט, האָט זיך די מאַמע געבעסערט, זי האָט שוין געפּרואווט אַראָפּגיין פון בעט און מען האָט געהאָפּט, אַז זי וועט אינגיכן זיין אינגאַנצן געזונט.

און איינמאָל, ווען די מאַמע האָט געזאָגט, אַז זי פילט זיך שוין זייער גוט, איז דער טאַטע אָנגעקומען אַ פריילעכער, ער איז געווען אַ ביסל בגלופינדיק און ער האָט דערציילט, אַז ער האָט געהאַט אַן איבעראַשונג.

די איבעראַשונג איז געווען, וואָס ער האָט געטראָפן אַ באַקאַנטן יונגענמאַן פון אדעס, אַ געוויסן מאַרקוס טעקס; דעם מאַרקוס טעקס האָט ער געקענט פון אדעס אַלס זונדל פון אַ רייכן דיאַמאַנטן-הענדלער און מאַרקוס אַליין האָט זיך שוין אויך אָפּגעגעבן מיט דעם רייכן מסחר און — שטעלט אייך פאָר, איך האָב דאָ דעמזעלבן יונגענמאַן געטראָפן נישט אַלס דיאַמאַנטן-הענדלער, נאָר אַלס „כיראָמאַנט"...

און אין זיין בגלופינדיקן צושטאַנד האָט דער טאַטע גערעדט מיט גרויס באַגייסטערונג וועגן דעם מענטש, וואָס פאַרא גאָלדענע געשעפטן ער מאַכט און, אַז ער פאַרדינט אַלס כיראָמאַנט זיכער אַ סך מער ווי פריער בײַ זיין דיאַמאַנטן-געשעפט, און אַז די גאַנצע שטאָט גייט דאָ כאַדאָראָם מיט אים.

מיר האָבן נאָך נישט געוואוסט, וואָס פאַרא שייכות דער כיראָמאַנט קאָן האָבן צו דער אויסבעסערונג פון אונזער לאַגע, אָבער אין דער גרויסער נויט אין וועלכער מיר האָבן זיך געפונען, האָבן מיר געזוכט אַ שטיקל אָנהאַלט און דעם טאַטנס באַגייסטערונג האָט געוועקט אונזער האָפענונג און געהויבן אונזער מוט און מיר האָבן זיך אַרומגעזעצט און אויסגעהערט מיט נייגעריקייט זיינע ווערטער.

און דער טאַטע האָט דערציילט:

— עס וואָלט מיר אפילו נישט איינגעפאַלן אים צו טרעפן; זייט איך בין אוועק פון אדעס, האָב איך אפילו נישט געטראַכט וועגן אים; אָבער גייענדיק אַזוי אין גאַס, זע איך אַ גרויסן אַפיש מיט אַ גרויס בילד פון אַ מענטשן, וועלכער קוקט מיר אויס באַקאַנט. גיי איך שוין צו און קוק גוט אָן דאָס בילד און איך גיב שוין אַ לייען איבער דעם אַפיש און איך

זע — יאָ! עס איז טאַקע ער! עס איז מאַרקוס טעקס, אונזער אַמאָליקן שכנס, דעם רייכן דיאַמאַנטן־הענדלערס זונדל!

און וואָס זע איך? איך בין איבעראַשט! דעם רייכן טאַטנס זונדל איז גאָר אַ כיראַמאַנט, אַ טרעפער און אַפן אַפּיש זיינען אויסגערעכנט גרויסע פערזענלעכקייטן, וואָס שרייבן וועגן אים, אַז ער איז דער וואונדער פון דער היינטיקער צייט און, אַז קיינער ביז אים האָט דאָס נישט באַוויזן אין דער כיראָמאַנטיע, וואָס ער...

אָנגעזאָלצן ווי מיר איז געווען אַף דער נשמה, טראַכט איך זיך, מען דאַרף אים גיין זען.

איך לייען ווידער איבער דעם אַפּיש און זע, אַז ער וואוינט אין אַ רייכן האָטעל, און איך פויל זיך נישט און אָט בין איך דאָרט.

אָבער דער שווייצער פון האָטעל וויל מיך נישט אַריינלאָזן. — איצט נעמט דער כיראָמאַנט נישט אויף — זאָגט ער מיר, און איך בלייב שטיין ווי אָפּגעשמיסן. איך גיב זיך אָבער נישט אונטער; איך דערקלער דעם שווייצער, אַז איך קום צו אים פּריוואַט, וועגן געשעפט און איך גיב אים מיין וויזיט קאַרטע און ער גייט אַוועק און באַלד קומט ער צוריק און ער פירט מיך אַריין אין אַ שיינעם אַפּאַרטאַמענט און מאַרקוס דערקענט מיך און דערלאַנגט מיר אַ ברייטן ווילקאָמען!...

מיר זיינען געווען אַזוי געשפּאַנט צו וויסן דעם סוף פון דער באַגעגעניש, אַז מיר האָבן שוין נישט געהאַט קיין געדולד אויסצוהערן די איינצלהייטן; אָבער דער טאַטע האָט ווייטער דערציילט, אַז מאַרקוס טעקס האָט זיך אין אדעס באַקענט מיט אַן אינדישן פאַקיר, וואָס האָט ביי אים געקויפט אַ גרויסן דיאַמאַנט און אַז דער פאַקיר האָט אים אויסגעלערנט די כיראָמאַנטיע און ער שאַרט מיט זיין טרעפעריי גרודעס גאָלד מיט לאָפּעטעס...

דער טאַטע האָט געענדיקט דערציילן און מיר זיינען געבליבן און געוואַרט אַפן סוף, געוואַרט אַף דעם רעזולטאַט פון דער באַגעגעניש און דאָ האָט זיך ערשט דער טאַטע געכאַפּט, אַז ער אַליין וויים אויך נישט קיין רעזולטאַט, אָבער זעענדיק אונזערע מאָנענדיקע בליקן, האָט ער זיך נישט אונטערגעגעבן; ער האָט דערמאָנט דער מאמען אָן דעם פּאָקוסניק, וואָס האָט אונז אַזאַ לאַנגע צייט אַרויסגעהאָלפן מיט זיינע דערלויבענישן, אַז מיר זאָלן קענען שפּילן אידיש טעאַטער און עס קאָן זיין, אַז מאַרקוס טעקס וועט אויך מיט אונז מאַכן אַ געשעפט....

צי דער טאַטע אַליין האָט געגלויבט אין דעם וואָס ער האָט געזאָגט, האָבן מיר נישט געוואוסט, נאָר אַ שטיקל האָפענונג אין אונזער ביטערער נויט, איז עס פאָרט געווען.

## זיין פּרינציפּ איז נישט צו לייען...

אפצומאַרגנס איז דער טאַטע ווידער אַוועק צו דעם כיראָמאַנט. מיר האָבן געוואַרט מיט שפּאַנונג מיט וואָס פאַרא נייעס דער טאַטע וועט קומען פון אים, און צו אַלעם ערשטן, האָבן מיר געהאָפט, אַז דער טאַטע וועט ביי אים קענען לייען עטלעכע רובל.

מיר האָבן אָבער געהאַט אַ ביטערן טעות.

דער טאַטע איז אַהיימגעקומען פּונקט אַזוי פריילעך ווי מיט אַ טאָג פריער; טעקס האָט אים ווידער אַזוי פיין אויפגענומען און געטרונקען מיט אים עטלעכע גלעזלעך, ער האָט דעם טאַטן אפילו געוויזן עטלעכע קונצן מיט קאָרטן, וואָס דער טאַטע האָט אין זיין בגלופינדיקן צושטאַנד דוקא געוואָלט, אַז מיר זאָלן זען ווי ער וועט עס נאָכמאַכן, אָבער מיר זיינען ווייט נישט געווען אין קיין שטימונג צו זען קונצן און די מאַמע וואָס איז געווען אַזוי אָפּגעשוואַכט, איז פּשוט אַרויס מיט לשון און געפרעגט, צי האָט דער טאַטע ביי אים געבעטן עטלעכע רובל.

דער טאַטע האָט זיך פלוצלינג ווי אויסגעניכטערט און ער האָט טרויעריק אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ און געזאָגט, אַז ער האָט געבעטן, נאָר טעקס האָט אים נישט געגעבן; טעקס האָט געזאָגט, אַז זיין פּרינציפּ איז — נישט צו לייען קיין געלט, און אויב ער מוז שוין אַמאָל ברעכן זיין פּרינציפּ, טוט ער עס נאָר ווען מען גיט אים אַ גוטן משכון...

די מאַמע האָט זיך צעוויינט און חוהלע האָט געזען, אַז איך הויב אָן ציטערן פון נערוועזיטעט, האָט זי מיך איינגענומען און מיר אויסגעדעט מיט האַרציקע ווערטער און דער טאַטע האָט אויך די מאַמען געפּרוּוט באַרויקן און ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז כאָטש ער האָט אים היינט אָפּגעזאָגט צו העלפן, איז ער איבערצייגט, אַז טעקס וועט אים העלפן און אויב ער וועט אים נישט באָרגן קיין געלט, וועט ער אפשר מיט אים מאַכן געשעפט און אַגב האָט טעקס אים צוגעזאָגט, אַז מאָרגן קומט ער צו אונז, ער וויל זען די גאַנצע טרופּע און עפּעס וועט שוין ווערן דערפון...

וואָס האָבן מיר געקאָנט טאָן? האָבן מיר דען געהאַט אַן אַנדער ברירה? האָבן מיר זיך דעם אָוונט געלייגט שלאָפן הונגעריקע און מיר האָבן געוואַרט אפן מאָרגענדיקן טאָג, אפשר וועט טאַקע עפּעס ווערן, אפשר וועט טעקס טאַקע אַרויסנעמען אַזאַ מין דערלויבעניש, אַז מיר זאָלן קענען געבן כאָטש איין פאָרשטעלונג און זיך אַרויסראַטעווען פון אונזער שווערער נויט.

# דער כיראָמאַנט באַרגט אונז אויס אַ פינפאונצוואַנציקער

דער טאַטע איז צומאָרגנס אויפגעשטאַנען פריער ווי אַלעמאָל און ער האָט אונז אַלעמען אויפגעוועקט און באַפוילן, אַז אַלע זאָלן זיין אין שטוב און מען זאָל אויפראַמען פיין און זיך גרייטן אויפצונעמען דעם גאַסט און ער איז באַלד אַוועק.

מיר האָבן זיך אויסגעפוצט אין די מישטיינס-געזאָגט שענסטע קליידלעך וואָס מיר האָבן געהאַט און אַזוי ווי די מאַמע האָט שוין דער־ציילט דער קאַניעווסקי, אַז מיר דערוואַרטן היינט אַ גאַסט וואָס וועט אונז אפשר העלפן און זי האָט דערציילט וועד דער גאַסט דאַרף זיין, האָט זיך אַרויסגעוויזן אַז די קאַניעווסקי קען אים, אַז טעקס האָט זיך אפילו געשדכנט צו איר שוועסטער און, אַז ער שדכנט זיך נאָך און עס קאָן זיין אַז עס וועט עפּעס ווערן דערפון.

דאָס האָט שוין דער מאַמען פאַרדראָסן. זי האָט געמיינט, אַז זי וועט די שותפים פון דער צווייטער טרופּע איבעראַשן מיט איר געהויבענעם גאַסט, דערווייל קענען זיי זיך גאָר און זיי געהערן זיך שוין אָן שטיקלעך שמעלקעס... פונדעסטוועגן האָט זי זיך אַלץ געגרייט אויפצונעמען דעם גאַסט און ענדלעך איז ער געקומען.

דער טאַטע האָט זיך באַוויזן דער ערשטער. ער איז אַריין אין שטוב און ברייט צעעפנט די טיר און זיך געשטעלט אין אַ פּאָזע ווי אַ סך מאָל אויף דער בינע, ווען מען דאַרף אַריינלאָזן אַ גראַף און באַלד האָט זיך באַוויזן אַ הויכער דאַרער מאַן מיט טונקעלע, כמעט שוואַרצע וואָנסעס, ער איז געווען זייער עלעגאַנט געקליידט, און געטראָגן האָט ער אַ שיי־נעם שטעקן מיט אַ גאָלדן הענטל.

באַלד, באַם ערשטן בליק וואָס איך האָב אויף אים געוואָרפן, האָט עס מיר אַ טיאָכקע געטאָן אין האַרצן. און ווען דער טאַטע האָט מיך פאַר אים פאָרגעשטעלט, זאָגנדיק, אַז אָט וועט ער אים פאָרשטעלן אונזער פרימאַדאָנע, זיין טאָכטער, און אונזערע בליקן האָבן זיך באַגעגנט, האָט עס מיר נאָך אַ שטאַרקערן טיאָכקע געטאָן אין האַרצן.

דער טאַטע האָט דעם גאַסט געבעטן זיצן און זיך מאַכן היימיש; דער גאַסט האָט זיך גאַנץ ברייטלעך אַוועקגעזעצט, אַרויסגענומען אַ שיינעם גאָלדענעם פּאָרט-ציגאַר און פאַרויכערט אַ ציגאַרעט. איך ווייס נישט פונוואַנען עס האָט זיך פלוצלינג גענומען, נאָר אָט זיינען אויפן טיש אויס־געוואַקסן עטלעכע פלעשלעך און דער טאַטע האָט אָנגעהויבן אָנ־גיסן און איך האָב דערווייל באַמערקט, אַז דער גאַסט לאָזט נישט אַראָפּ פון מיר זיינע דורכדרינגלעכע בליקן, וואָס האָבן זיך ווי שפּיזלעך

אַריינגעשטאָכן ביז צו מיין האַרץ; דער גאַסט האָט געוואָרפן אַן אַלגע־מיינעם בליק אַף אַלעמען און געזאָגט — צום געזונט! דערנאָך האָט ער דאָס גלעזל געהויבן דירעקט צו מיר און מיר געווינטשן דאָס זעלבע און ער האָט אויסגעטרונקען דאָס ערשטע גלעזל און באַלד האָט עס דער טאַטע ווידער אָנגעפילט און איצט האָט ער שוין בלויז צו מיר געטרונ־קען און צוגעוואונטשן — צום געזונט און נאָך אַ פיר פינף גלעזלעך, האָט ער זיך אויפגעשטעלט און איז צוגעקומען גלייך צו מיר, מיך שאַרף אָנגעקוקט און געזאָגט: — איר ווייסט? איר זייט אַ קראַסאַוויצע און איר געפעלט מיר...

נישט וואַרטנדיק אַף מיין ענטפער, האָט ער זיך געווענדעט צום טאַטן און אים געזאָגט, אַז ער וועט אַלעס טאָן, אַז מיר זאָלן קענען שפּילן טעאַטער און, אַז ער וועט וועלן, וועט מען שוין קענען און צום סוף האָט ער צוגעגעבן פילבאַדייטנדיק, אַז ער וואָלט עס אפשר נישט געטאָן, נאָר צוליב מיר טוט ער עס...

דער טאַטע האָט זיך געפרייט, די מאַמע האָט צוגעשמייכלט, זי האָט כסדר געקוקט דאָ אַפן גאָלדענעם שטעקן זיינעם, דאָ אַף דעם גרויסן ברי־ליאַנט, וואָס האָט געשטעקט אין זיין קראַוואַט און ממש אַרויסגעלויכטן און דאָ האָט דער כיראָמאַנט אַזוי פיין מאַנעווּרירט מיט זיינע לאַנגע הענט, אַז די בריליאַנטענע רינגען האָבן אַראָפּגעפינקלט פון זיינע לאַנ־גע דאַרע פינגער און די דיאַמאַנטן האָבן אַרויסגעלויכטן פון זיינע זאַ־פינקעס און ווי איבעראַשט זי איז געווען פון דעם אַלעם, האָט זי פונ־דעסטוועגן נישט פאַרגעסן אַ טאַרע צו טאָן דעם טאַטן, אַז ער זאָל נישט פאַרגעסן, אַז אין שטוב איז מען הונגעריק און עס איז נישטאָ קיין קאָפּי־קע מיט וואָס זיך די נשמה צו דערהאַלטן.

דער טאַטע האָט זיך געפרייט מיטן גאַסט און אים געמאַכט קאָמ־פּלימענטן און אים דערמאָנט פון וואָס אַ פיין הויז פון אדעם ער שטאַמט און אַזוי, דורך זייט וועגן, איז ער צוגעקומען ביז ער האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ און געבעטן צי ער קאָן אים אַלם אקאָנטאָ אַף זיין צוזאָג וועגן געשעפט, אויסבאָרגן עטלעכע רובל...

דער כיראָמאַנט, וועלכער האָט כסדר געשמייכלט איז פּלוצלינג גע־וואָרן ערנסט: ער האָט געוואָרפן אַ זייטיקן בליק אַף אַלע, וואָס זיינען געשטאַנען אַרומגעשטעלט און אָפּשטעלנדיק זיין בליק אַף מיר, האָט ער זיך ווידער צעשמייכלט און אַרויסגענומען אַ גרויסע לעדערנע געלט־טאַש, וואָס איז געווען באַצירט מיט אַ גאָלדענעם מאָנאָגראַם און ער האָט אַזוי מאַניפּולירט מיט דער געלט־טאַש, אַז מען זאָל מוזן זען דעם מאָנאָ־גראַם און ער האָט זי צעעפנט און ווידער געמאַכט אַזוי, אַז מען זאָל

מוזן זען, אז זי איז אָנגעשטאָפּט מיט גרויסע אַסיגנאַציעס און ער האָט אַרויסגעשנאָלן פון דאָרט פינפאונצוואַנציק רובל און זיי דערלאַנגט דעם טאַטן.

די גאַנצע צייט פון זיין מאַניפּולאַציע מיט דער געלט־טאַש, האָט ער נישט אַראָפּגעלאָזט די בליקן פון מיר און איך האָב עפּעס געפילט, ווי אַן אָפּגרונט וואָלט זיך געעפנט אונטער מיינע פיס און איך פאַל, פאַל און פאַל און קאָן אַלץ נישט דערגרייכן דעם גרונט... און בעת דער טאַטע האָט אים אַרומגענומען און נישט אויפגעהערט דאַנקען, האָב איך זיך פּלוצלינג דערמאָנט, וואָס דער טאַטע האָט נעכטן דערציילט, אַז דער כיראָמאַנט האָט אַ פּרינציפּ נישט צו לייען קיין געלט און אויב יאָ, מוז עס זיין אַף אַ גוטן משכון און איך האָב געפילט, ווי ער וואָלט דאָס מיך איצט גענומען אַלס משכון אַף דעם פינפאונצוואַנציקער...

## עס פּלאָנטערט זיך און איך ווער פאַרפּלאָנטערט

דער אויסגעבאָרגטער פינפאונצוואַנציקער האָט פאַרורזאַכט אַ גאַנצע איבערקערעניש אין אונזער שטוב.

עפּעס ווי אַ נייע לעבן וואָלט אַריינגעשטראָמט צו אונז; טאַטע־מאַמע זיינען געוואָרן פריילעך, די מאַמע האָט זיך גענומען פאַרען און גרייטן אַ פיינעם מאָלצייט, וואָס האָט אין אונז נאָך אַזויפיל טעג פון הונגער און נויט הונדערט־פאַכיק געהויבן אונזערע געמיטער און אין דעם הו־האַ פון יום־טובדיקן האַרמידער, האָב איך זיך אַרומגעדרייט ווי אַ פאַרלוירענע; איך האָב געוואָלט עפּעס טראַכטן און איך האָב געפילט, אַז איך דאַרף עפּעס טראַכטן, אָבער די געדאַנקען האָבן זיך געמישט אין מיין מוח און וויפיל איך האָב זיך נישט באַמיט אָפּצושטעלן אַף איין געדאַנק, האָב איך פּלוצלינג דערפילט אַף זיך די דורכדרינגלעכע בליקן פון דעם כיראָמאַנט און איך האָב דערפילט ווי דינע שפּיזלעך וואָלטן מיך דורכגעשטאָכן ביז צום האַרצן און איך האָב דעם געדאַנק ווידער פאַרלוירן.

און נאָך מער האָט עס מיר צעמישט די געדאַנקען, ווען איך האָב דערזען מיין מאַמעס פרייד; די מאַמע האָט זיך געפרעט, אָבער כסדר האָט זי זיך גענומען צייט צוצוקוקן צו מיר און מיר אַ זאָג טאָן: — האָסט געזען די בריליאַנטן? האָסט געזען זיין שטעל? — אַ מאַגנאַט!...

ווען די מאַמע האָט דאָס געזאָגט מיט אַזויפיל באַגייסטערונג, האָב איך ווידער געזען, ווי דער כיראָמאַנט מאַניפּולירט מיט די הענט און מיט די פינגער, אַז מען זאָל מוזן זען די רינגען און די זאַפינקעס מיט די דיאַמאַנטן און בריליאַנטן און ווי ער דרייט מיט זיין געלט־טאַש, אַז מען

זאָל מוזן זען ווי אָנגעשטאָפּט זי איז מיט אַסיגנאַציעס און עפּעס האָב איך דערפילט, אַז עס הויבט זיך אָן פּלאָנטערן און איך האָב געוואָלט אַ טראַכט טאָן, וואָס עס פּלאָנטערט זיך אַזוינס, נאָר ווידער האָב איך גע־פילט ווי עס שטעכן מיך דורך די שפּיזיקע בליקן פון דעם כיראָמאַנט און עס האָבן זיך מיר צעמישט די געדאַנקען און איך האָב נישט געקאָנט דערטראַכטן דעם געדאַנק...

דער טאַטע איז געהאַט אַוועק צוזאַמען מיט טעקסן, אָבער נאָך אַ צווייטע שעה איז ער צוריקגעקומען אַ פריילעכער און אָנגעזאָגט די בשורה, אַז טעקס איז אַוועק עפּעס טאָן וועגן אַ דערלויבעניש פאַר אונז און, אַז ער וועט קומען מיטהאַלטן מיט אונז באַם מאָלצייט. דער טאַטע האָט אויסגעזען, ווי אַ נייע נשמה וואָלט אין אים אַריין און אַ פריידיקער האָט ער מיר כסדר איבערגעחזרט, ווי שטאַרק איך בין טעקסן געפעלן און, אַז ער איז זיכער, אַז סיי דעם פינפאונצוואַנציקער וואָס ער האָט אונז אָנטליען און סיי דאָס אַלץ וואָס ער וויל פאַר אונז טוען, איז נאָר צוליב מיר...

איך האָב נישט געוואוסט צי דאַרף איך זיך פרייען דערמיט, וואָס איך בין אַזוי שטאַרק געפעלן, צי דאַרף איך זיך גאָר שרעקן, איך האָב אַלץ נישט געקאָנט אָנכאַפּן אַ געדאַנק און אים דורכטראַכטן און ווען איך האָב געזען ווי דער טאַטע סודעט זיך מיט דער מאַמען און די מאַמע קוקט כסדר צו מיר, האָב איך בלויז געפילט, אַז עפּעס פּלאָנטערט זיך און אַז איך ווער אַריינגעפּלאָנטערט.

## די קאַניעווסקים ברוגזן זיך

עס קאָן זיין, אַז דער פּלאָנטער וואָלט זיך געוועזן צוריק אויסגעפּלאָנ־טערט, ווען די קאַניעווסקים וואָלטן זיך נישט אָנגעהויבן ברוגזן און ווען זיי וואָלטן נישט געוועזן אַרויסווייזן קיין אייפערזוכט, פאַרוואָס דער כי־ראָמאַנט מאַרקוס טעקס איז געקומען צו אונז און נאָך מער, פאַרוואָס ער איז באַלד געקומען נאָכאַמאָל מיטצוהאַלטן מיט אונז ביי אַ מאָלצייט.

דאָס, וואָס די קאַניעווסקי מיט איר מאַן דעם אַדוואָקאַט האָבן אַרויס־געוויזן זייער ברוגז, האָט אין מיין מאַמען פאַרשאַרפט דעם אייפער, אַז דער גאַסט זאָל ביי אונז גוט אויפגענומען ווערן און מיין הברטע חוהלע האָט אפילו געהערט, ווי די מאַמע האָט געזאָגט צום טאַטן, אַז אויב די קאַניעווסקים פאַסט דער שידוך, פאַסט ער פאַר אונז אויך און ווען מיין הברטע האָט מיר דאָס איבערגעגעבן, האָב איך געפילט ווי דאָס גאַנצע בלוט קומט מיר אין פנים און איך האָב פאַרוואָרפן מיין קאָפּ אַף איר

אַקסל און זיך פונאַנדערגעוויינט, נישט אָפּגעבנדיק זיך אפילו קיין רע־כענונג פאַרוואָס איך וויין.

דער טאַטע האָט געבראַכט ווייַן און שנאַפּס און זיך געריבן די הענט ווי אַלעמאָל ווען ער דערוואַרט אַ גוט געשעפט און פון קיך האָבן גע־שמעקט די מאכלים וואָס די מאַמע האָט געגרייט און אָט איז אָנגעקומען דער גאַסט, ער האָט געטראָגן אַן אַנדערן און נאָך מער עלעגאַנטן אַנ־צוג און אַן אַנדערע קראַוואַט מיט אַן אַנדער שפּילקע מיט אַ נאָך גרעסערן בריליאַנט און דאָסמאָל האָט ער שוין צו מיר נישט געקוקט מיט אַזעלכע שפּיזיקע בליקן, ער האָט מיך באַגריסט מיט אַ וואַרימען שמייכל און ער האָט מיך אויפגעהערט שרעקן און די אַכטונג, וואָס אַלע אין שטוב האָבן אים אַרויסגעוויזן, האָט אים אויך אין מיינע אויגן דערהויבן, און זעענדיק ווי גליקלעך דער טאַטע פילט זיך, ווי ער בעט דעם גאַסט זיצן און וויל שוין אָנגיסן די גלעזלעך און זעענדיק, ווי די מאַמע שיינט פון גדולה, האָב איך מיך אויך אָנגעהויבן פילן גוט און עס האָט מיך שוין נישט געאַרט, וואָס דער כיראָמאַנט האָט זיך געזעצט נעבן מיר און געטרונ־קען צו מיר „צום געזונט", פאַרקערט, זייענדיק דורכגעזאַפּט מיט פיין פון די שווערע איבערגעלעבטע טעג און וואָכן, האָב איך זיך אפילו אָנגעהוי־בן פילן גליקלעך, וואָס אַזאַ „מאַגנאַט" ווייזט מיר אַרוים אַזויפיל אויפ־מערקזאַמקייט, און ווען מיין מאַמע האָט מיר איינגערוימט אין אויער, אַז די קאַניעווסקים וואָלטן זיך געפילט גליקלעך, ווען ער קומט צו זיי צו גאַסט, בין איך שוין געזעסן אַ צופרידענע באַם טיש, איך האָב גע־שמייכלט, ווען דער כיראָמאַנט האָט גערעדט צו מיר און ווען ער האָט מיך געפרעגט צי ער לאַנגווייליגט מיך נישט, האָב איך זיך גערויטלט און געענטפערט, אַז פאַרקערט, עס איז מיר זייער אָנגענעם.

און באמת, זיצנדיק שוין אין זיין געזעלשאַפט, האָב איך מיך איבער־צייגט, אַז ער האַלט זיך זייער פיין און עלעגאַנט, מיט פיינע מאַנירן און אַז ער רעדט אַזוי, אַז ער ציט צו זיך די אויפמערקזאַמקייט און עס איז אָנגענעם אים אויסצוהערן און אַזוי האָבן מיר פאַרבראַכט באַם טיש גור־טע צוויי שעה, ביז ער איז אויפגעשטאַנען און געזאָגט אַז עס איז שוין צייט צו גיין.

טאַטע־מאַמע האָבן אים נאָך געפּרואווט פאַרהאַלטן, אָבער ער האָט געזאָגט, אַז ער מוז שוין גיין און אַז היינט ענדיקט זיך נאָך נישט די וועלט, ער וויל האָפן, אַז די וועלט הויבט זיך ערשט אָן און דאָס זאָגנדיק, האָט ער אָף מיר געוואָרפן אַ פיל באַדייטנדיקן בליק און זיך געזעגנט מיט מיר.

טאַטע־מאַמע האָבן אים באַגלייט, אויך חוה איז מיטגעגאַנגען באַ־

גלייטן דעם גאַסט זיי האָבן זיך געזוימט אַ לענגערע צייט אינדרויסן און, ווען זיי זיינען צוריק אַריינגעקומען, האָט מיך דער טאַטע אַרומגעכאַפּט קושן. דער טאַטע האָט אָנגעגאָסן אַ גלעזל פון געבליבענעם בראָנפן און באַלד נאָך איינס, וואָס דאָס איז געווען אַ סימן, אַז ער איז עפּעס נישט צופרידן און אויך הוהלע האָט מיך געקושט און כמעט אַ גאַנצע נאַכט האָט זי געהאַלטן אין איין ריידן מיט מיר, ווע‏גן דעם גרויסן גליק, וואָס מיך דערוואַרט און ווי גוט דאָס איז, וואָס איך וועל קענען העלפן טאַטע־מאַמע, אַז זיי זאָלן שוין נישט דאַרפן ליידן קיין נויט און אַרומוואָגלען נע־ונד...

עס האָט שוין באַלד אָנגעהויבן טאָגן, ווען איך בין איינגעשלאָפן און אין חלום געזען דער מומע סאָסיעס פּרינץ אין בעטלער־קליידער, ווי ער קוקט אויף מיר מיט אַזאַ דורכדרינגלעכן בליק, ווי ער וואָלט געוואָלט דורכקוקן און זען וואָס עס טוט זיך אין מיין האַרץ און פּלוצלינג פאַלן פון אים אַראָפּ די בעטלער־קליידער און עס בלייבט שטיין אַן עלעגאַנטער מאַן באַצירט מיט דיאַמאַנטן און בריליאַנטן און דער עלעגאַנטער מאַן איז דער כיראָמאַנט מאַרקוס טעקס...

# צענטער קאַפּיטל:

טעקס פאַרבעט אונז אַף מיטיק — אַ דערלויבעניש צו שפּילן און נאָך עפּעס... — ברילִיאַנטן, דיאַמאַנטן און אַ טויטן־קאָפּ — טאַטע־מאַמע דיסקוטירן — מיר שפּילן וואַריעטע־פאַרשטעלונגען — דער יאַריד אין יערמעליניעץ — מיר פאָרן אַוועק און טעקס פאָרט אונז נאָך — מען טרינקט „ברודערשאַפט" און מען גיט זיך אַ „וואָרט" — רוסקי־נעמעצקי וואַריעטע — אין שקלאָוו פּראַוועט מען מיין חתונה מיטן כיראַמאַנט.

## טעקס פאַרבעט אונז אַף מיטיק

די ענדערונג אין אונזער שטוב איז פאַרגעקומען זייער שנעל.

און כאָטש דער אויסגעבאַרגטער פינפאונצוואַנציקער האָט זיך שוין באַלד געהאַלטן באַם ענדיקן און די נויט איז שוין געשטאַנען הינטער דער טיר, פונדעסטוועגן, איז אין שטוב געווען פריילעך און אין אַלעמענס אויגן האָט געגליט אַ שיין פון האָפענונג.

איך ווייס נישט, צי האָט דער כיראָמאַנט עפּעס איבערגערעדט מיט מיין חברטע חוה, איך גלויב אָבער, אַז יאָ, ווייל זי האָט נישט אויפגע־הערט מיט מיר צו ריידן וועגן אים און אים געזוכט צו באַשיינען אין מיינע אויגן; און דערמאַנענדיק מיך וועגן אונזער נויט, האָט זי גענומען פאַר מיר מאָלן דאָס שיינע לעבן, וואָס מיר וואָלט געקאָנט איינאָרדנען, ווען אַזאַ מאַגנאַט ווי טעקס, זאָל זיך טאַקע אַף אַן אמת אין מיר פאַרליבן...

און מיר האָט טאַקע אויסגעוויזן, אַז טעקס פאַרליבט זיך אין מיר. יעדן טאָג איז ער געקומען צו אונז. ער האָט כלומרש גערעדט וועגן גע־שעפט, וועגן זוכן אַ דערלויבעניש צו שפּילן טעאַטער, אָבער ער האָט זיין גאַנצע אויפמערקזאַמקייט געשענקט נאָר מיר; ער האָט יעדעס מאָל געבראַכט שאָקאָלאַד און אַנדערע קליינע מתנות, און מיינע שוועסטער־לעך און ברידערלעך האָבן זיך געדרייט אַרום אים און מיט אָפּשיי גע־קוקט אַף זיינע באַוועגונגען, און אין זייערע אייגלעך האָט געטליעט אַ האָפענונג, אַז דער מענטש קאָן מאַכן, אַז זייער יוגנט זאָל זיין אַ ליכטי־קערע ווי מיינע איז געווען...

דאָס אַלעס האָט געווירקט אַז איך זאָל זיין פריינטלעך צו טעקסן, און כאָטש טעקס האָט זיך צו מיר באַצויגן מיט פולער אכטונג, האָב איך

אָבער געפילט, ווי ער ציטערט אין מיין געגנוואַרט, ער וואָלט זיך גע־וואָלט צו מיר דערנענטערן, נאָר ער איז אַ מאַן און ווייס זיך צו קאָנ־טראָלירן און אָפּהיטן זיין כבוד.

איינמאָל, דאָס איז געווען בלויז עטלעכע טעג נאָכדעם, ווי דער טאַ־טע האָט אים געבראַכט צו אונז אין שטוב, איז טעקס געקומען און אונז איינגעלאַדן צו זיך אין האָטעל אויף אַ מיטיק.

כדי זיך צו פאַרזיכערן, אַז מיר וועלן אָנעמען זיין איינלאַדונג, האָט ער צוגעגעבן מיט אַ שאַרפער באַטאָנונג, אַז נאָכן מיטיק וועט ער אונז איבעראַשן מיט אַ נייעס.

פון דעם פינפאונצוואַנציקער איז שוין נישט געווען קיין קאָפּיקע און די נויט האָט זיך שוין ווידער אָנגעהויבן איינבייסן אין אונז מיט שאַרפע ציינער, און עס קאָן זיין, אַז אפילו אָן דעם באַטאָנטן צוזאָג וועגן אַן איבעראַשונג, וואָלטן מיר אויך אָנגענומען די איינלאַדונג. מיר האָבן זיך באַלד גענומען גרייטן צו גיין, און ווי נאָר דער טאַטע איז געקומען נאָך אונז, זיינען מיר מיט אַ באַהאַלטענער האָפענונג אין האַרצן אַוועק אין דעם רייכן האָטעל, וואו עס האָט געוואוינט דער כי־ראָמאַנט מאַרקוס טעקס.

## אַ דערלויבעניש צו שפּילן און נאָך עפּעס...

רייכע שטיבער זיינען אייגנטלעך נישט געווען קיין נייעס פאַר מיר.

ווי אין חלום האָב איך נאָך געדענקט די רחבותדיקע וואוינונג פון מיין באָבען אין אדעס און נאָך שענער האָט זיך געוואוינט דער פעטער יאַסקע און דערנאָך, אויף די וועגן פון אונזערע וואַנדערונגען האָב איך געזען נאָך רייכערע שטיבער, דאָס איז געווען בײַ דער מיליאָנערשע אין נאָוואָ־מאָסקאָווסק און בײַ דער אַפּטייקערן אין ווערכדניעפּראָווסק, און אין אַנדערע רייכע שטיבער וואו איך בין שוין געווען צו גאַסט; אָבער דעמלט האָב איך זיך אפילו נישט צוגעקוקט צו דעם אַלעם וואָס איך האָב געזען אין די רייכע שטיבער, און די אַלע שיינע זאַכן זיינען פון מיר געווען אַזוי ווייט, זיי האָבן פאַר מיר אויסגעזען אַזוי אומדערגרייכבאַר, אַז איך האָב דאָס געזעענע בלויז אויפגענומען ווי אַ חלום, וואָס מוז באַלד פאַרשווינדן.

אַנדערש איז עס געווען איצט, בעת אונזער באַזוך אין דעם רייכן האָטעל.

דער שווייצער מיט די גאָלדענע קנעפּ, וועלכער האָט אונז אַריינגע־לאָזן און אַזוי העפלעך אָנגעוויזן וואו מיר דאַרפן גיין, איז מיר אויסגע־



**זינאַ חלומט װאַכנדיק:**

חלומט זי װעגן אידיש טעאַטער?

חלומט זי װעגן פרינץ אין „בעטלער-קלײדער״?

אָדער בענקט זי אַזױ נאָך אירע קינדער?



זינאַ מעסט קליידער, און ציטערט און פלאַטערט, גרייטנדיק זיך צו
פאַרטרעטן און איבערנעמען די ראָל פון קלאַראַ יאָנג

קומען ווי אַן אייגענער און אפילו די ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ, זיינען מיר אויסגעקומען באַקאַנט און היימיש און אַזאַ נאָנטע היימישקייט האָב איך אויך געפילט, אַריינקומענדיק אין דעם שיין איינגעאָרדנטן אַפּאַר־טאַמענט פון דעם כיראָמאַנט.

איך ווייס נישט, צי האָט אַלעמאָל אַזוי אויסגעזען ביי טעקסן אין שטוב, צי האָט ער זיך דאָס צוגעגרייט צוליב אונזער וויזיט, נאָר איך האָב געזען אַזויפיל טייערע זאַכן אויסגעשטעלט, און אויף אַ טישל איז געלעגן אַזויפיל צירינג מיט גרויסע איידלשטיינער, און אַזויפיל גאָלדענע מטבעות און רינגען און בראַסלעטן און קראַוואַט־שפּילקעס, אַז עס האָט אַזש פאַרבלענדט די אויגן און איך האָב מיט פאַרזשמורעטע בליקן גע־קוקט אויף די אַלע זאַכן, און ווי זיינען מיר פאַרגעקומען אַזוי נאָנט, אַזוי אייגן, און טעקס האָט מיר געוויזן די שיינקייטן פון יעדער זאַך באַזונ־דער. אַזוי האָב איך זיך געדרייט אין דער פרעמדער שטוב אַזוי ווי אין אייגענע און אַלעם באַקוקט מיט נייגעריקייט, ביז איך האָב דערזען אַ גרויסן סקעלעט פון אַ מענטשן־קאָפּ און עפּעס האָט מיר אַ טיאָכקע גע־טאָן אין האַרצן.

טעקס האָט געזען די ווירקונג און כדי זי צו פאַרווישן, האָט ער דעם סקעלעט גענומען אין האַנט, געדרייט אים און זיך געשפּילט מיט אים און דערקלערט, אַז דאָס איז נויטיק פאַר זיין געשעפט, דאָס שאַפט די נויטיקע מיסטעריעזע ווירקונג פאַר זיינע קליענטן... ער האָט געלאַכט, דערמאַנענדיק, ווי אַזוי אַזאַ סקעלעט פון אַ קאָפּ, וואָס ווער ווייס ווי לאַנג עס איז שוין ווען ער האָט געלעבט, פונדעסטוועגן ברענגט ער נאָך נוצן פאַר זיינע סעאַנסן...

און זעענדיק, אַז זיינע באַמערקונגען האָבן נישט באַוויזן צו הויבן מיין שטימונג, האָט ער אונז איינגעלאַדן אין שפּייז־סאַלאָן צום מיטיק.

אפשר הונדערט שייך־געדעקטע טישן זיינען געשטאַנען און אַרום זיי זיינען געזעסן רייך־געקליידעטע מענער און פרויען און אָפיצירן און אפילו גענעראַלן. קעלנער אין פראַקן האָבן באַדינט די געסט, אונטער־טראָגנדיק כסדר אנדערע געשמאַקע מאכלים, און דאָס אַלעס איז עפּעס געווען אַזוי שיין, אַז איך האָב זיך געפילט ווי פאַרטראָגן ערגיץ אין אַ וועלט פון שיינע אויסגעטראַכטע מעשהלעך, און איך האָב זיך אַ קוועטש געטאָן באַם אויער־לעפל, כדי צו זען צי איך חלום נישט...

וועגן דער איבעראַשונג, וואָס טעקס האָט אונז צוגעזאָגט, האָבן מיר נישט געוואוסט וואָס צו טראַכטן. איך בין זיכער, אַז מיינע טאַטע־מאַמע פונקט ווי איך, האָבן געטראַכט, אַז די איבעראַשונג איז שוין גע־ווען: דאָס האָט טעקס געמוזט מיינען זיין גרויס רייכטום אין בריליאַנטן,

אָדער אפשר האָט ער גאָר געמיינט די איבעראַשונג מיט דעם רייכן מיטיק, וואָס די קעלנער האָבן פאַר אונז סערווירט; אָבער אָט איז דער מיטיק געווען צו ענדע און טעקס האָט אונז צוריקגערופן אין זיין אַפּאַר־טאַמענט, זאָגנדיק, אַז נאָך אַזאַ מיטיק, ווייל ער אונז געבן, ווי ער האָט אונז צוגעזאָגט, אויך די איבעראַשונג.

מיר זיינען געווען געשפּאַנט פון נייגעריקייט, בעת מיר זיינען ווידער אַרויף איבער די ברייטע מאַרמאָרנע טרעפּ און אַריינקומענדיק אין שטוב, האָב איך זיך באַמיט נישט צו קוקן אין דער זייט, וואו עס איז געשטאַנען דער סקעלעט פון דעם טויטן־קאָפּ. טעקס האָט געזאָגט, אַז ווען ער נעמט זיך עפּעס אונטער, מוז ער עס אויספירן; און דאָס זאָגנדיק האָט ער אַרויסגענומען פון בוזעם־קעשענע אַ פּאַפּיר און דערלאַנגט דעם טאַטן.

דעם טאַטנס אויגן האָבן אויפגעלויכטן ווען ער האָט איבערגעלייענט דאָס פּאַפּיר, און ער האָט באַגייסטערט אויסגערופן — מיר וועלן שפּילן טעאַטער!... דאָס איז געווען אַ דערלויבעניש פאַר דער רוסקא נעמעצקאַ טרופּע צו שפּילן וואַריעטע־פאָרשטעלונגען.

ווען די ערשטע פרייד נאָכן איבערלייענען די דערלויבעניש איז אַריבער, האָט טעקס אָנגעגאָסן גלעזלעך ליקאָר פאַר מיר מיט דער מאַמען און פאַר זיך און דעם טאַטן גלעזלעך מיט אַן אַנדער שנאַפּס און טרינקענדיק צו מיר צום געזונט, האָט ער דערקלערט, אַז דאָס אַלעס טוט ער צוליב מיר, ער האָט מיך ליב באַקומען און אַבי טאַטע־מאַמע באַ־שטייען און אַבי איך בין נישט דאַקעגן, איז ער גרייט מיך צו נעמען פאַר אַ כלה און מאַכן מיך פאַר זיין ווייב...

## טאַטע־מאַמע דיסקוטירן

די נאַכט וואָס איז געקומען נאָך דעם מיטיק אין דעם רייכן האָטעל, האָב איך נישט געקאָנט צומאַכן קיין אויג.

געדאַנקען האָבן זיך מיר געפּלאָנטערט אין קאָפּ, און בילדער האָבן געשוועבט אין מיין מוח; אָט האָב איך געזען רייכטום, גאָלד און ברי־ליאַנטן, און אָט האָב איך געזען, ווי אַ סקעלעט פון אַ טויטן־קאָפּ הויבט זיך אויף איבער דעם רייכטום און קוקט מיט די אויסגעהוילטע אויגן־לעכער, און מיר ווייזט זיך אויס, אַז ער שמייכלט מיט חוזק... און אָט זע איך מיין מאַמעס גליקלעך צעשטראַלט פּנים און איך זע ווי שייקעלע און פאַני טוען אָן אַ ניי אנציגל און אַ ניי קליידל, און איך הער חוהלעס ווער־טער, ווי זי זאָגט מיר, אַז איך קאָן מאַכן, אַז די מאַמע און די קינדער

זאָלן זיך נישט דאַרפן פּלאָגן... איך ליג מיט אָפענע אויגן און זע דאָס אַלץ, און פּלוצלינג זע איך, ווי די מאַמע דערנענטערט זיך צו מיין געלעגער, איך מאַך זיך שלאָפנדיק און איך פיל ווי די מאַמע גיט מיר אַ לייכטן קוש אין שטערן, און איך הער ווי דער טאַטע קומט אָן, עס הויבט זיך אָן אַ שמועס, די מאַמע האַלט, אַז עס האָט זיך אונז געטראָפן אַ גרויס גליק און מען טאָר עס נישט אַרויסלאָזן פון האַנט, און דער טאַטע זאָגט, אַז ער האָט שוין גענוג רייכע שידוכים אָפּגעוואָרפן, אַז ער האָט מיט מיר נישט קיין זאָרג, אַז ער וועט נאָך פאַר מיר האָבן עפּעס בעסערס, און נישט אַ מענטש וואָס איז מיט צוואַנציק יאָר עלטער פון מיר... און ווען די מאַמע האַלט זיך בא דאָס איריקע, אַז אַזאַ גליק טאָר מען נישט אָפּשטויסן, הער איך ווי דער טאַטע גייט אַראָפּ פון בעט און ער זוכט צווישן פלעשלעך, די מאַמע האָט טענות, וואָס ער מוז פון בעט אַראָפּקריכן זוכן דעם ביטערן טראָפּן וואָס האָט איר פאַרפינסטערט די יאָר, זי הויבט אָן וויינען און האַלט אין איין זאָגן, אַז אויב ער וועט אָפּשטויסן די גליקלעכע געלעגנהייט, וועט זי עס נישט איבערטראָגן, אַז זי קאָן שוין אַזוי לענגער נישט אויסהאַלטן און דער טאַטע ענטפערט נישט מער... עס הויבט שוין אָן טאָגן און ערשט ווען אין שטוב איז שוין גאַנץ ליכטיק, קלעפּן זיך מיר צו די אויגן, איך שלאָף איין אין אַ פעסטן שלאָף אָן גוטע און אָן שלעכטע חלומות...

## מיר שפּילן וואַריעטע־פאָרשטעלונגען

די קאָניעוואָסקים האָבן זיך טאַקע געברוגזט אף אונז צוליב טעקסן, און זייער ברוגזן זיך האָט טאַקע זייער פיל געהאָלפן, אַז מיין מאַמע זאָל נישט וועלן אָפּלאָזן דאָס גרויסע גליק, וואָס זיי האָבן דווקא געוואָלט אַריינבאַקומען פאַר זיך; אָבער אויך בא די קאָניעוואָסקים איז געווען גרויס די נויט, אפשר נישט קלענער ווי ביי אונז, כאָטש בא זיי האָבן זיך נישט געפונען אַזויפיל קליינע קינדער. הערנדיק אַז דער טאַטע האָט שוין אַ דערלויבעניש צו שפּילן, האָבן זיי זיך געמאַכט ווי גאָרנישט וואָלט פאָרגעקומען און דער אַדוואָקאַט האָט גערעדט מיטן טאַטן וועגן געשעפט; מען האָט געמאַכט פלענער און דער אַדוואָקאַט איז אַוועק דינגען דעם אָפיצירן־קלוב, און מיר האָבן זיך גענומען גרייטן צום ערשטן אויפטריט.

קיין פאָרשטעלונג פון אַ גאַנצער פּיעסע האָבן מיר נישט געקאָנט געבן. די דערלויבעניש איז געווען בלויז אף וואַריעטע און אויך דאָס האָט בלויז געהייסן, אַז מיר דאַרפן געבן נומערן אף דייטש אָדער רוסיש; האָבן דער טאַטע מיטן אַדוואָקאַט איינגעטיילט די נומערן צווישן די מיטגלידער פון ביידע טרופּעס, און יעדער פון אונז האָט צו די אידישע נומערן גע־

מוזט האָבן גרייט אויך אַ רוסישן נומער, אפן פֿאַל עס וועט זיך באַווייזן אַ „קנעפּל" און מען וועט דאַרפֿן ווייזן „כשרות"...

דאָס אידישע פּובליקום אין באַריסאָוו איז געווען אַזוי זשעדנע צו זען אידיש טעאַטער, אַז כאָטש עס איז נישט געווען אַנאָנסירט קיין גאַנ־צע פֿאָרשטעלונג, זיינען די בילעטן שנעל אויספֿאַרקויפֿט געוואָרן און דער זאַל פֿון אָפֿיצירן־קלוב איז געווען פֿול געפּאַקט, און מיר האָבן כמעט אַלע נומערן געמוזט ביסירן.

דאָס ווידער אויפֿטרעטן אַף דער בינע, האָט אין אונז אַריינגעגעבן פֿרישע כחות, די אַפּלאָדיזן פֿון דורשטיקן עולם צו הערן אַ אידיש לידל האָבן אונז דערהייבן און מיר האָבן שוין פֿאַרגעסן אָן אונזער פּיין און נויט; נאָך דער פֿאָרשטעלונג האָט זיך דער טאַטע געחשבונט מיט דער קאַניעווסקים מאַן, דעם אַדוואָקאַט, און זיי האָבן זיך געטיילט מיט די פֿאַרדינסטן, און מען האָט שוין געמאַכט פּלענער פֿאַר דעם צווייטן אויפֿ־טריט. צו דער צווייטער פֿאָרשטעלונג איז געקומען טעקס, און נאָכדעם, ווי איך האָב געהאַט אָפּגעזונגען מיין נומער און באַקומען אַ סך אַפּלאָ־דיסמענטן, איז טעקס געקומען צו מיר הינטער די קוליסן און מיר גע־בראַכט בלומען מיט אַ גרויס שאָכטל שאָקאָלאַד.

און ווידער האָבן טאַטע־מאַמע באַנאַכט דיסקוטירט. די ערשטע פֿאַרדינסטן האָבן דעם טאַטן געשטאַרקט און געמוטיקט; און כאָטש די מאַמע האָט אים געפּרואווט אָפּשרעקן פֿאַר ווייטערדיקע שווערע טעג, וואָס קענען אָנקומען, האָט זי אַליין שוין אויך נישט אַזוי שטאַרק פֿאַר־טיידיקט איר וואונטש וועגן טעקסן, און דער טאַטע האָט געמאַכט אַ חשבון, אַז אַבי מען זאָל דאָ קענען שפּילן נאָך עטלעכע וואָכן, וועלן מיר אָפּשפּאָרן אַביסל געלט און פֿאָרן אין גרעסערע שטעט, און עס וועט זיך פֿאַר אונז עפֿענען אַ נייע וועלט מיט נייע געלעגנהייטן און... עס וועלן זיך פֿאַר יהודיתלען יאָווען בעסערע גליקן...

אַזוי האָבן טאַטע־מאַמע אָפּסניי דיסקוטירט, און דערווייל האָט זיך צו אונז בעת אַ פֿאָרשטעלונג אין אָפֿיצירן־קלוב, אַריינבאַקומען אַ פּרים־טאָוו און קיינער האָט נישט באַמערקט זיין אַריינקומען, ער האָט אונז געהערט שפּילן אידיש און ער האָט פֿאַרבאָטן די פֿאָרשטעלונג און מען האָט אונז צוגענומען די דערלויבעניש. אונזער גליק האָט זיך געענדיקט נאָך איידער מיר האָבן זיך דערביי רעכט אָנגעוואַרימט.

## דער יערמעליניצער יריד

די עטלעכע פֿאָרשטעלונגען האָבן דעם טאַטן געמוטיקט, און ווי נאָר

מען האָט אונז פאַרבאָטן די ווייטערדיקע אויפטריטן, האָט דער טאַטע אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיטן אַדוואָקאַט וועגן ווייטערדיקע געשעפטן.

דער טאַטע האָט פאַרגעלייגט, אַז אַזוי ווי די פאַראייניקטע טרופעס פון ציפּקוס און קאַניעווסקי בילדן צוזאַמען אַ גרויסע טרופע, מיט וועלכער מען קאָן עפּעס אויפטאָן, לייגט ער פאָר, אַז מען זאָל פאָרן אויפן יאַר־יריד קיין יערמעליניעץ.

דער טאַטע האָט פאַרגעלייגט, אַז אַזוי ווי די פאַראייניקטע טרופעס יערמעליניעץ, איך בין נאָך געווען אַ קינד, און אַז דאָרט אויפן יריד קומען זיך צונויף גרויסע טעאַטער־טרופעס פון גאַנץ רוסלאַנד און צירקן און מענאַזשעריעס און אַז ווען מיר זיינען דאָרט געווען, זיינען דאָרט אויך געווען צוויי גרויסע אידישע טרופעס פון קאָמפּאַניעיעצן און פישזאָנען און היי־יאָר וועט אודאי דאָרט אויך זיין לעבעדיק, אַבי מען זאָל דאָרט קענען אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש, קאָן מען דאָרט מאַכן זייער גוטע געשעפטן.

דער אַדוואָקאַט האָט אויסגעהערט די פּלענער און צוגעזאָגט מאָרגן צו געבן אַן ענטפער, אָבער אנשטאט צו געבן אַן ענטפער, אַז מיר פאָרן צוזאַמען אַלס געאייניקטע טרופע, האָט זיך די קאַניעווסקי טרופע אפצו־מאָרגנס אַרויסגעקליבן פון אונזער קוואַרטיר, זיי האָבן זיך הייסט עס אָפּגעטיילט פון אונז און נישט געטראַכט וועגן פאָרן קיין יערמעליניעץ און אַזוי ווי אונזער טרופע איז געווען צו קליין פאַר אַזאַ אונטערנעמונג, האָבן מיר שוין אויך נישט געקאָנט טראַכטן וועגן יערמעליניצער יריד.

## מיר פאָרן אַוועק און טעקס פאָרט אונז נאָך

דער מאַמען האָט עס זייער שטאַרק פאַרדראָסן וואָס די קאַניעווסקיס האָבן זיך אָפּגעטיילט פון אונז און זי האָט געזאָגט, אַז דאָס האָבן זיי אייגנס געטאָן, ווייל זיי ווילן דאָ בלייבן, כדי צו קענען אַריינבאַקומען טעקסן פאַר דער קאַניעווסקים יונגערער שוועסטער, און די מאַמע האָט געוואָלט אַז מיר זאָלן דוקא אויך בלייבן אין באָריסאָוו, און מיר זאָלן טעקסן „נישט אַרויסלאָזן פון אונזערע הענט“...

דער טאַטע האָט געטענהט פונקט קאַפּויער: ער האָט געזאָגט, אַז אים אַרט נישט, צי די קאַניעווסקיס וועלן יאָ צוכאַפּן די „מציאה“ צי נישט; ער האַלט, אַז מען דאַרף אוועקפאָרן טאַקע צוליב דעם טעקסן; ער גע־פעלט אים נישט פאַר זינאַן; זינאַ איז צו איידל און צו נאַאיוו פאַר דעם „הינער־פּרעסער“, וואָס איז מער ווי צוויי מאָל אַזוי אַלט ווי זי, און טאַקע דערפאַר וויל ער וואָס שנעלער אַוועק פונדאַנען.

די מאַמע איז נישט געווען צופרידן מיטן טאַטנס באַשלוס, אָבער זי האָט דאַסמאָל נישט געקעמפּט מיט אים. ווייזט אויס, אַז פון האַרצן איז זי אויך נישט געווען צופרידן מיך אַוועקצוגעבן צו טעקסן און אַזוי האָט עס דער טאַטע געמאַכט שנעל, מיר זיינען שוין ווידער געזעסן אויף אַ פור און געפאָרן ווייטער.

מיר זיינען געקומען קיין זינקאָוו.

אין זינקאָוו האָבן מיר שוין אַ סך מאָל געשפּילט, אָבער דאַסמאָל האָט דער טאַטע נישט געקאָנט באַקומען קיין דערלויבעניש, און די מאַמע האָט שוין אָנגעהויבן דעם טאַטן פאַרוואַרפן, פאַרוואָס ער האָט אונז אַוועקגעשלעפּט פון באָריסאָוו און אַז ער האָט טעקסן, אַזאַ מאַג־נאַט, אַזאַ גרויס גליק פאַר זינאַן און פאַר דער גאַנצער פאַמיליע אָפּגע־שטויסן מיט די אייגענע הענט, און ווער ווייס, צי די קאַניעווסקים האָבן אים שוין נישט דאָרט „פאַרשטריקט“ און אַריינגענומען אין זייער משפּחה...

די מאַמע האָט געוויינט פון פאַרדרוס און זי האָט דעם טאַטן אַזוי געיאָדעט, אַז זיכער האָט ער שוין אַליין באַדויערט זיין אַרויספאָר פון באָריסאָוו, און כדי צו פאַרטויבן זיין פאַרדראָס, האָט ער גענומען עט־לעכע גלעזלעך און די מאַמע האָט נאָך שטאַרקער אָנגעהויבן קלאָגן אויף איר דאָליע. אַזוי האָבן זיך געצויגן עטלעכע שווערע טעג; פון אונזערע אָפּגעשפּאָרטע עטלעכע רובל איז שוין באַלד נישט געבליבן, און קיין דערלויבעניש האָט מען אַלץ נישט באַקומען. אָבער פּלוצלינג איז דער טאַטע אַריינגעקומען אַ פריילעכער, און ווי דעמאָלט אין באָריסאָוו, האָט ער אויך איצט ברייט צעעפנט די טיר און זיך אַוועקגעשטעלט אין אַ פּאָזע ווי דער שווייצער אין דעם רייכן האָטעל, און ער האָט אויסגערופן:
— איך האָב אייך געבראַכט אַ ליבן גאַסט — און אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער עלעגאַנט־געקליידעטער מאַרקוס טעקס.

## מען טרינקט „ברודערשאַפט“ און מען גיט זיך אַ „וואָרט“

טעקס האָט זיך מיט אונז באַגריסט ווי אַן אייגענער און ער האָט זיך גאַנץ אָפן מודה געווען פאַר מיר, אַז ער האָט געבענקט און איז אונז נאָכגעפאָרן, און נאָך גוט וואָס ער האָט געטראָפן דעם טאַטן אין גאַס און ער פרייט זיך וואָס ער זעט מיך ווידער...

דער מאַמען האָט ער דערציילט, ווי די קאַניעווסקים האָבן אים פאַר־בעטן און ווי ער האָט נישט געהאַט קיין שום אינטערעס צו גיין צו זיי, און דאָ איז ער אונז נאָכגעפאָרן און עס דוכט זיך אים, אַז ער וואָלט אונז

נאָכגעפאָרן אפילו ביז עק וועלט, ביז ער וואָלט אונז געמוזט געפינען...

און איך? וואָס האָב איך געפילט אין די דאָזיקע שווערע טעג?

איך האָב זיך געפילט ווי אַ יונגע לייבעכע, וואָס מען האָט פאַר איר אין אַ צירק אויסגעשטעלט אַ נעץ און זי איז אין איר אַריינגעפאַלן, זיך פאַרפלאָנטערט אין איר, זיך געוואָרפן און געדראַפּעט און זיך נישט גע־קאָנט אַרויספּלאָנטערן.

איך האָב זיך אָבער נאָר געוואָרפן און געצאַפּלט אינערלעך, אָבער אויסערלעך בין איך געווען ווי גלייכגילטיק.

ערשט איצט, נאָכהעם ווי איך האָב שוין עטלעכע מאָל געהערט דעם טאַטנס ווערטער, אַז טעקס איז מער ווי צוויי מאָל אַזוי „אַלט" ווי איך האָב איך באַמערקט די סמנים פון זיין עלטער און ווען איך האָב זיך געזען אין שפּיגל און אַ קוק געטאָן אויף אים, האָב איך שוין געזען, אַז ער זעט אויס ווי ער וואָלט געקאָנט זיין מיין פאָטער און, אַז ער זעט טאַקע אויס אין די זעלבע יאָרן אָדער גאָר נאָך עלטער פון מיין טאַטן, און איך האָב ערשט געזען, אַז ווען מיין טאַטע זאָל זיך קענען קליידן אַזוי עלע־גאַנט, וואָלט ער זיכער נאָך שענער אויסגעזען פון אים...

אָבער, די אַלע אַרגומענטן פון מיין געטרייער הברטע חוהלע און פון מיין מאַמען, האָבן אויך געמוזט האָבן אַ ווירקונג אויף מיר; אָט אַ די ווירקונג האָט מיך באַוואויגן אַז איך זאָל זיך פאַרהאַלטן גלייכגילטיק צו אַלץ, וואָס מען וועט מיט מיר טאָן, זיך אינגאַנצן איבערגעבן אין די הענט פון מיינע אויסגעפלאָגטע טאַטע־מאַמע, און זאָלן זיי מיט מיר טאָן וואָס זיי ווילן.

און זיי האָבן געטאָן.

די מאַמע האָט אַרומגעפּאַדיעט אַרום טעקסן, און דער טאַטע איז געלאָפן נאָך שנאַפּס און טעקס האָט מיר אַרויסגעוויזן זיין גאַנצע אויפ־מערקזאַמקייט, ער האָט מיר באַוויזן פאַרשידענע קונצן מיט זיין קראַ־וואַט־שפּילקע, וואָס אָט האָט ער זי געהאַלטן אין האַנט, און אָט איז זי נישט געוואָרן און זי האָט גאָר געשטעקט אין מיינע האָר און איך האָב געמוזט לאַכן, ווי אַזוי ער קאָן דאָס אַזוי קונציק אַ מאַך טאָן, אַז איך זאָל עס נישט קענען דערזען מיטן אויג. דערווייל איז דער טאַטע אָנגעקומען, מען האָט אָנגעגאָסן גלעזלעך, און טעקס האָט געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר מיר זאָלן טרינקען „ברודערשאַפט" און זיך אָנהויבן זאָגן „דו". ער האָט דורכגעפלאָכטן זיין האַנט דורך מיינער, און מיר האָבן גלייכצייטיק גענומען די גלעזלעך צום מויל — „צום געזונט"! — ער האָט אויסגעטרונקען אינגאַנצן און איך, בלויז אַ לעק און ער האָט זיך צעלאַכט און געזאָגט, אַז איצט זיינען מיר שוין אייגענע, און מיר מוזן זיך שוין

זאָגן „דו״...

די שטימונג איז געווען אַ געהויבענע. ער האָט חוהן געגעבן געלט זי זאָל קויפן נאַש־וואַרג פאַר די קינדער, דעם טאַטן האָט ער געהייסן גיין באַשטעלן אַ גוטן מאָלצייט וואָס מען זאָל צושיקן אַהיים, און מיר האָבן פאַרבראַכט היבשע עטלעכע שעה.

נאָכן עסן, ווען דער טאַטע איז שוין געווען גוט בגלופינדיק, האָט טעקס אויסגערופן: — איצט, אָדער קיינמאָל נישט! איך וויל האָבן אייער וואָרט, אַז זינאַ וועט מיט מיר חתונה האָבן!

כאָטש די מאַמע האָט אַלעמאָל דערנאָך געזאָגט, אַז עס איז געווען בלויז אַ צופאַל, וואָס אַ טעלער איז אַרויסגעפאַלן פון איר האַנט און האָט זיך צעבראָכן, גלויב איך נאָך ביז היינט, אַז דאָס האָט זי אייגנס צעבראָכן דעם טעלער און דערמיט אונטערגעשטראָכן איר צושטימונג צו טעקסנס פאָרלאַנג. דער צעבראָכענער טעלער, וואָס איז געווען אַ סימן פון מזלדיקייט, האָט געווירקט, אַז דער טאַטע זאָל אויך צושטימען. זעענדיק אַלעמענס צעשטראַלטע פּנימער, האָב איך זיך פאַרלוירן, און אויף טעקסנס פראַגע, צי איך גיב אים אויך מיין וואָרט, האָב איך געגעבן אַ פאַרלעגענעם שמייכל און דער טאַטע האָט אויסגעשריגן אויפן קול:

— „מזל טוב מיר געבן דיר אונזער וואָרט, אַז זינאַ וועט זיין דיינע!...

## אין שקלאַפן פאַרוועט מען מיין חתונה

קיין דערלויבעניש צו שפּילן אפילו וואַריעטע, האָט דער טאַטע אַלץ נישט געקאָנט באַקומען און מען האָט געמוזט טראַכטן וועגן פאָרן ווייטער.

טעקס האָט זיך איינגעאָרדנט אויף אַ רייכער קוואַרטיר און יונגע מיידלעך און בהורים זיינען צו אים געלאָפן איינהאַנדלען פאַר רובלדיקע און פינף־רובלדיקע זייער צוקונפט. ער האָט אונז געבאָרגט אַביסל געלט און איך שוין כמעט אַ כלה פאַר דעם רייכן „מאַגנאַט״, בין ווידער געזעסן אויף דער טרייסלענדיקער פור פונקט אַזוי אָרים ווי פריער, און זיך גע־שלעפט איבער בלאָטיקע וועגן, זוכנדיק ערגיץ־וואו אַ שטעטל, וואו די נאַטשאַלסטוואָ וועט אויף אונז רחמנות האָבן און דערלויבן, אַז מיר זאָלן קאָנען אויפטרעטן און באַווייזן אונזערע טאַלאַנטן...

עטלעכע חדשים האָבן מיר זיך ווידער אַרומגעשלעפט איבער שטעט און שטעטלעך, עס האָט זיך אונז איינגעגעבן אָפּצונאַרן נאַטשאַלסטוואָ און מיר האָבן געשפּילט ווי אַלעמאָל. עס האָט געהייסן אַז „מאַדמאַזעל שולמית״ וועט אויפטרעטן מיט מאָלאָרוסישע לידער און טענץ, און נישט

איינמאָל האָב איך ווידער געמוזט אַראָפּוואַרפן פון זיך די טוניק אַלס שולמית און אויפטרעטן צוריק אַלס רוסישע שיקסע. דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען פונקט ווי פריער, איידער עס האָט מיך געטראָפן דאָס „גרויסע גליק". מיר האָבן אפילו אין דער צייט אויך געליטן נויט; ווען דער טאַטע האָט געשריבן צו טעקסן ער זאָל אים אויסבאָרגן אביסל געלט, האָט טעקס אפילו נישט געענטפערט, און מיר האָבן שוין געמיינט, אַז דאָס גליק איז אונז אויסגערונען; אָבער אַט זיינען מיר געקומען קיין שקלאָוו, דאָרט האָבן מיר דוקא יאָ באַקומען אַ דערלויבעניש אַף „רוסקי-נעמעצקי וואַריעטע", און מיר האָבן געשפּילט אין אַ קאַסינאָ.

איינמאָל, דאָס איז געווען בײַ דער דריטער פאָרשטעלונג, ווען איך האָב פאַרענדיקט מיין אויפטריט און דאָס פובליקום האָט מיר שטאַרק אַפּלאָדירט און איך האָב געמוזט נאָכאַמאָל און נאָכאַמאָל אַרויסקומען אַף דער בינע, האָט מיך בײַ מיין אַראָפּגיין עמיץ אַרומגעכאַפּט און מיך געקושט, און ווען איך האָב זיך קוים באַפרייט פון דעם עמיצנס אָרעמס, האָב איך געזען, אַז פאַר מיר שטייט מאַרקוס טעקס, מיט אַ בוקעט בלו־מען.

דאָסמאָל האָט טעקס אַרויסגעוויזן זיין ברייט האַרץ. ער האָט פאַר אונז געדונגען אַ גרויסע קוואַרטיר און אַליין זיך אונטערגענומען צו צאָלן פאַר איר, און ער האָט זיך געהאַלטן מיט אונז צוזאַמען און אָנגע־הויבן ריידן וועגן אַ חתונה; מורא האָבנדיק אַז ער וועט ווידער בלייבן און אויב מיר וועלן פאָרן ווייטער, קענען מיר אים נאָך אינגאַנצן פאַר־לירן, האָט די מאַמע איינגעשטימט און זי האָט זיך גענומען גרייטן צו דער חתונה.

דאָס גרייטן זיך איז באַשטאַנען אין איינקויפן פאַר מיר קליידער און וועש, טעקס האָט געטענהט, אַז מען דאַרף נישט איינקויפן צופיל, ווייל מען פאָרט אַרום, טאָ צו וואָס זיך שלעפּן מיט גאַנצע מאַגאַזינען, און ער האָט טאַקע נישט געגעבן אַזויפיל צום איינקויפן. חוהלע האָט זיך געפרייט מעסטנדיק מיר די קליידער און עס איז געווען אַ יום-טובדיקע שטימונג. צוויי וואָכן שפּעטער האָבן מיר געגרייט אַ גרויסן באַנקעט, איך מיט חוהלען מיט דער מאַמען אין איין קאַרעטע און טעקס מיטן טאַטן אין אַ צווייטער, זיינען מיר געפאָרן צו אַ רב, דאָרט האָט מען גע־שטעלט אַ חופּה, און נאָך דער חופּה, זיינען מיר צוריקגעפאָרן צום באַנ־קעט; מען האָט געהוליעט אַ גאַנצע נאַכט, און שפּעט פאַרטאָג, האָט מיך טעקס אָנגענומען אונטערן אָרעם און מיך אַוועקגעפירט צו זיך אַהיים.

איך בין געוואָרן די פרוי פון מאַרקוס טעקס דעם כיראָמאַנט...

# עלפטער קאַפּיטל:

מיינע „האניק וואכן" — טאַטע מאַמע זעען שוין זייער טעות — איך טו אָן מיין אָרים קליידל — איך וואַנדער ווידער מיט טאַטע־מאַמע — אויס כלה, צוריק מויד — ווער איז די מאַמע און ווער די טאַכטער? — טעקס קומט קיין סמארגאָן — חוהלע פאַרליבט זיך און פאַרט אַוועק — איך באַקום אַ פּאַספּאָרט אַלס זינאַ טעקס — וואָס איז דאָס אַזוינס כיראָמאַנטיע? — ספּיריטיזם און היפּנאָטיזם — ביי אַ ספּיריטיסטישן סעאַנס אין אַ וואַריעטע — טעקס זוכט אַ מעדיום פאַר זיין געשעפט

## מיינע „האָניק־וואָכן"...

נאָך פון מיין קינדהייט אָן און דערנאָך, פון די ביכער וואָס איך האָב געלייענט, האָב איך געוואוסט, אַז מען האָט חתונה, הייסן די ערשטע עטלעכע וואָכן נאָך דער חתונה — האָניק־וואָכן.

אין וואָס עס באַשטייען אַזוינס די האָניק־וואָכן, האָב איך נישט געוואוסט, אָבער איך האָב זיך פאָרגעשטעלט, אַז אויב מען רופט זיי האָניק־וואָכן, מוזן זיין זייער גוט. אָבער איך, האָב אין מיינע אַזוי גערופענע האָניק־וואָכן, גאָרנישט געזען און גאָרנישט געפילט קיין גוטס.

איך בין דאָך צו דער חופה מיטן כיראָמאַנט געגאַנגען אַזוי ווי אַ שעפעלע, וואָס ווייסט נישט צי מען פירט עס אויף אַ פּאַשע־פעלד, צי גאָר צו דער שחיטה; איך בין דאָך טראָץ מיינע קאָנטשאַפטן מיט אינטעליגענטע יונגעלייט אין פאַרשידענע שטעט און שטעטלעך, געווען אַזוי נאַאיוו, און אַזוי נישט געקענט דאָס לעבן, אַז איך האָב זיך געלאָזט פירן אָן אַ ווילן געפירט צו ווערן, און אָן דרייסטקייט צו פּראָטעסטירן; און אגב בין איך געווען אַזוי צעטומלט און צעשראָקן פון דעם רייכטום וואָס איך האָב געזען, און וואָס מען האָט מיר איינגערעדט, אַז דאָס אַלעס וועט זיין מיין און איך וועל קאָנען שטיצן טאַטע־מאַמע, אַז איך וועל זיין גליקלעך און גליקלעך מאַכן מיין גאַנצע פאַמיליע, אַז איך האָב שוין אַליין געוואָלט, אַז די חתונה זאָל זיין און איך זאָל שוין קאָנען אָנהויבן שפּינען מיין גליק.

און כאָטש מאַרקוס טעקס איז אַפּצומאָרגנס נאָך דער חופה אַרומגעלאָפן, און פאַר אַלעמען אויסגעדריקט זיין פרייד, וואָס ער האָט אין מיר

געפונען אַ כּשרע אידישע טאָכטער, און פון באַגייסטערונג האָט ער אַזש געקויפט פאַר אַלעמען מתנות, און מיר האָט ער אָנגעטאָן אַ טייערן בראַסלעט, וואָס איז געווען געדיכט אויסגעזעצט מיט גרויסע בריליאַנטן, האָט זיך אָבער באַלד, בלויז איין טאָג שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז טעקס איז אַ מענטש מיט פּרינציפּן, און אַז זיין פּרינציפּ איז נישט בלויז נישט צו לייען קיין געלט, נאָר אפילו געבן דאָ וואו ער באַדאַרף געבן, איז אויך נישט געווען אין די ראַמען פון זיינע פּרינציפּן, און ער האָט באַלד אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַזאַ מין גייציקייט, אַז ער האָט אַזש אָנגעהויבן פאָדערן חשבון פון דער מאַמען, צי זי האָט אויסגעגעבן דאָס גאַנצע געלט וואָס ער האָט איר געגעבן אַף אויסקליידן מיך...

טאַטע-מאַמע האָבן באַלד איינגעזען זייער טעות, און איך האָב פאַרשטאַנען, אַז דער טאַטע מאַכט זיכער דער מאַמען גענוג פאָרוואורפן, ווייל ער האָט דאָך נישט געהאַלטן פון דעם שידוך; און אפשר האָט ער איר נישט פאַרגעוואָרפן, נאָר ער האָט זיין ווייטיק געזוכט אָפּצושווייגקען מיט בראַנפן, און ווען די מאַמע איז צו מיר געקומען, האָב איך טאַקע געזען אַז זי האָט פאַרווייִנטע אויגן און דער טאַטע איז געווען בגלופינדיק און געקוקט דאָ אַף מיר, און דאָ אַפן גרויסן בראַסלעט וואָס איך האָב געטראָגן אַף דער האַנט — מיט פאַרגלעזערטע בליקן... און זעענדיק זיי אַזוי, האָב איך שוין פאַרגעסן צו טראַכטן וועגן מיינע אייגענע געפילן, נאָר איך האָב געטרייסט מיינע טאַטע-מאַמע און זיי געזאָגט, אַז מיר איז זייער גוט און, אַז גאָט וועט העלפן, וועל איך זיי אויך העלפן, אַז זיי זאָלן נישט דאַרפן ליידן מער קיין נויט.

אָבער איך האָב זיי מיט גאָרנישט געקאָנט העלפן. קיין געלט האָט מיר טעקס נישט געגעבן, ווייל גיין ערגיץ אַליין אָן אים, האָב איך נישט באַדאַרפט, און געגעסן האָבן מיר דאָך אין האָטעל,און געבן עפּעס אַ זאַך, האָב איך מורא געהאַט, ווייל יעדעס מאָל ווען טעקס איז געקומען האָט ער איבערגעקוקט, צי אַלע זאַכן ליגן אַף זייער אָרט און צי איך האָב נאָך דעם בראַסלעט. און מורא האָבנדיק אַז איך זאָל נישט אוועקגעבן דער מאַמען דעם בראַסלעט, האָט ער מיר אים עטלעכע טעג שפּעטער צוגענומען „צום באַהאַלטן", זאָגנדיק, אַז דאָס זיינען נישט קיין זאַכן אַף אַרומצוטראָגן זיך דערמיט אַ גאַנצן טאָג, נאָר מען טוט עס אָן דעמאָלט ווען מען גייט ערגיץ...

איך בין געווען רעליגיעז און איך בין טעקסן געווען אַ ווייב, ווייל איך בין מיט אים געשטאַנען אונטער דער חופּה און ער האָט מיך מקדש געווען. איך האָב געוואוסט, אַז איך געהער שוין **אים**, און אַז איך דאַרף

אים פֿאָלגן, אָבער קיין האָניק האָב איך ביי אים, אפילו אין די ערשטע וואָכן נאָך דער חתונה, אויך נישט געלעקט.

## איך וואַנדער ווידער מיט טאַטע־מאַמע

עס האָט גאָרנישט לאַנג געדויערט, ביז עס איז געקומען צום קאָנ־פליקט, וואָס האָט געמוזט קומען.

טאַטע־מאַמע האָבן פֿון דעם גרויסן „גליק" אָנגעהויבן ליידן נויט, און זיי האָבן געמוזט אָנהויבן טראַכטן וועגן פֿאַרן ווייטער, און איך בין פֿאַר זיי געווען אַ וויכטיקע קראַפֿט אין טרופּע; און אַזוי איז צווישן טאַטע־מאַמע און טעקסן פֿאָרגעקומען דער ערשטער צונויפֿמענשטויס.

טאַטע־מאַמע האָבן געבעטן ביי אים, ער זאָל זיי אַרויסהעלפֿן מיט אַביסל געלט. האָט ער זיי דערמאָנט אָן זיין פּרינציפּ, אַז ער באָרגט נישט און גיט נישט; און ווען זיי האָבן אים געפּרואווט אויפֿווייזן, אַז זיי איז איצט שלעכט צוליב מיר, ווייל איך קאָן מיט זיי נישט מיטפֿאָרן, און זאָל ער מיך נאָר לאָזן מיטפֿאָרן מיט זיי, זיינען זיי אים מוחל אַלע טובות... האָט ער זיי דערויף גאַנץ רואיק און קאַלטבלוטיק געענטפֿערט, אַז ווען טאַטע־מאַמע מאַכן חתונה אַ קינד, געהער דאָס קינד נישט מער צו זיי, נאָר צום מאַן, מיט וועלכן זי איז געשטאַנען אונטער דער חופּה...

צוערשט, האָב איך בעת דעם דורכשמועסן זיך, געקוקט מיט געבעט־פֿולע בליקן צו טעקסן. איך האָב געוואָלט מיט מיינע בליקן אים באַוועגן, אַז ער זאָל נאָכקומען מיינע עלטערנס וואונטש; אָבער ער, האָט זיי אָף זיין אייז־קאַלטן אופֿן אָפּגעענטפֿערט קאַטעגאָריש, און אפילו נישט גע־קוקט צו מיין זייט.

דעמלט האָב איך ערשט אַ קוק געטאָן צו מיינע עלטערן, און ווען איך האָב דערזען מיין טאַטן, די בלאַסקייט וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אָף זיין פּנים, וואָס אַזאַ בלאַסקייט האָב איך ביי אים נאָך קיינמאָל נישט געזען; און ווען איך האָב געזען די מאַמען, ווי עס פֿינקלען אין אירע אויגן אַזעלכע פֿייערלעך, וואָס איך האָב אַלע מאָל ביי איר געזען פֿאַר אַ נער־וון־אויסברוך, האָב איך עס מער נישט געקאָנט אויסהאַלטן, און איך האָב אויסגערופֿן פּאָזיטיוו און קאַטעגאָריש, אַז אויב טעקס קאָן אייך נישט העלפֿן, פֿאָר איך מיט אייך!...

אָף אַ קורצן מאָמענט, איז טעקס געבליבן שטיין ווי צעטומלט; עס האָט זיך אים ווייזט אוים נישט געגלויבט, אַז איך האָב גאָר געקאָנט אַזוינס זאָגן; אָבער ווי נאָר ער האָט אָף מיר געוואָרפֿן אַ בליק און געזען, אַז איך מיין עס ערנסט, האָט ער אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט, אַז אויב

עס לוינט זיך מיר בעסער אַרומצושלעפּן אַף אַ פֿור איבער בלאָטיקע וועגן מיט טאַטע־מאַמע, און אויסגעריסן ווערן צוזאַמען מיט זיי, האָט ער גאַרנישט דאַקעגן. ער וועט נישט צוליב אַ ווייב, מעג ער זי ווי שטאַרק ליב האָבן, אויסהאַלטן אויך אירע עלטערן מיט אַ גאַנצע כאַליאַסטרע קינדער...

איך בין דעמלט גראַד געווען אָנגעטאָן אין נייע קליידער, און דער בראַסלעט האָט אַראָפּגעפינקלט פון מיין האַנט, ווייל מיר האָבן באַ־דאַרפט ערגיץ גיין; האָב איך אין מיין הייליקער אויפרעגונג שנעל אויס־געטאָן דאָס נייע קלייד, אַראָפּגענומען דעם בראַסלעט און אַוועקגעלייגט אַפן טישל פאַר טעקסן; און ווען איך האָב שוין געהאַט אָנגעטאָן מיין אַלט קליידל אין וועלכן איך בין געקומען אַפן ערשטן וויזיט צו דעם כי־ראָמאַנט אין באַריסאָוו, האָב איך זיך געוואָרפן אין דער מאַמעס אָרעמס און מיר האָבן זיך ביידע צעוויינט.

ווען מיר האָבן שוין געוואָלט אַוועקגיין, איז טעקס צוגעקומען, מיט עלעגאַנטער באַוועגונג מיך אַרומגענומען, מיר אַ קוש געגעבן און מיט אַ שמייכל מיר געזאָגט: — זינאַ, דו פאַרלאָזט מיך נישט אַף אייביק; איך דערלויב דיר אַז דו זאָלסט העלפן דיינע עלטערן, אָבער דו ביזט מיין פרוי, און אַבי איך וועל דאָ ענדיקן מיינע געשעפטן, וועל איך דיר נאָכ־פאָרן און מיר וועלן שוין זיין צוזאַמען.

איך האָב אַף די ווערטער אפילו נישט געענטפערט. די טרערן זיי־נען מיר נאָך נישט געווען אויסגעטרוקנט, ווען איך בין מיט מיינע טאַטע־מאַמע אַוועק פון דעם רייכן האָטעל, און אַפּצומאַרגנס זיינען מיר שוין געזעסן אַף אַ פור אַזוי ווי אין די אַלטע „גוטע" צייטן, און מיר זיינען ווי־דער געפאָרן זוכן גוטהאַרציקע נאַטשאַלסטוואָ וואָס לאָזן זיך „איינבייטן" און דערלויבן צו שפּילן די „רוסקי־נעמעצקי־טרופּע"...

## אוים כלה צוריק מויד

ווען מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון שקלאָוו, האָט די מאַמע נישט אויפגעהערט וויינען. און וואָס מער די מאַמע האָט געוויינט, האָט דער טאַטע מער געטרינקען, כדי צו פאַרטרייבן און פאַרטויבן דעם צער וואָס האָט ביידן געפרעסט, און ביידע, סיי דער טאַטע ווי די מאַמע, האָבן זיך ווי געשעמט מיר צו קוקן אין פּנים אַריין, און זיי האָבן מיט מיר כמעט נישט אויסגערעדט קיין וואָרט.

די עלטערנס צער. האָט מיך אַזוי געדריקט, אַז איך האָב פאַרגעסן אָן מיין אייגענעם צער. איך האָב געוואָלט זיי טרייסטן. חוהלע האָט מיר

צוגעהאָלפן און מיר האָבן זיך געמאַכט הארץ, און מיר זיינען געווען פריילעך. מיר האָבן געזונגען פריילעכע לידער אידישע און רוסישע, און איך האָב גענומען טאַנצן איבער דער שטוב וואו מיר זיינען איינגעשטאַנען און אַריינגעצויגן חוהלען אין טאַנץ און די מאַמען אַריינגעשלעפט אינדערמיט, און איך האָב פריילעך געלאַכט און געשריגן: — מיר איז גוט, איך בין אויס כלה און צוריק מויד!...

דער טאַטע, צוזעענדיק די סצענע, איז ער אַוועק פון שטוב און ווען ער איז שפּעט באַנאַכט צוריקגעקומען, האָט ער אונז אויפגעוועקט, מיט זיין געזאַנג — „רידי פּאַגליאַטשאַ"!... און איך האָב דערנאָך געהערט ווי דער טאַטע פאַלט צו צו דער מאַמעס בעט און ער שרייט צו איר: — וואָס האָסטו געוואָלט פון קינד? אוןביידע, דער טאַטע מיט דער מאַמען האָבן זיך צעוויינט.

אפצומאַרגנס אינדערפרי, איז דער טאַטע געגאַנגען זוכן פּראַקטעקציעס און צו מיטיק, איז ער אַהיימגעקומען אַ פריילעכער, ער האָט שוין געהאַט אַ דערלויבעניש אַף אַ וואַריעטע פאַרשטעלונג מיט דער באַטייליקונג פון „מאַדמאַזעל שולמית", און מיר האָבן זיך געגרייט צום אויפטריט. אַ ניי לעבן האָט אָנגעהויבן שפּרודלען בא אונז אין שטוב און בא דער אַרבעט פון צוגרייטן זיך, האָבן מיר פאַרגעסן אָן אַלץ וואָס איז פאָרגעקומען און מיר האָט זיך צומאָל אויסגעוויזן, אַז דאָס אַלעס איז נאָר געווען אַן אויסערגעוויינלעכער חלום...

## ווער איז די מאַמע און ווער איז די טאָכטער?

מיר זיינען געפאָרן איבער קליינע שטעטלעך און מער ווי איינע אָדער צוויי פאַרשטעלונגען אַף אַ פּלאַץ, האָבן מיר נישט געקאָנט געבן. אַזוי זיינען מיר אין משך פון דריי וואָכן אויסגעווען אין עטלעכע שטעטלעך און פּלוצלינג, אין איין שטעטל, איז צו אונז אַף דער אכסניה געקומען דער פּריסטאַוו, און ער האָט דעם טאַטן גענומען אויספרעגן וויפיל קינדער ער האָט, און וואו איז די מאַמע. ווען דער טאַטע האָט אָנגעוויזן אַף אונז אַלעמען, האָט דער פּריסטאַוו געקוקט פון דער מאַמען אַף מיר און פון מיר אַף דער מאַמען און ער האָט געפרעגט ווער עס איז די טאָכטער און ווער די מאַמע...

די גאַנצע צייט, זייענדיק צוזאַמען, איז קיינעם פון אונז נישט איינגעפאַלן צו אָבסערווירן ווי איך בין פּלוצלינג אויסגעוואַקסן מיט אַ גאַנצן קאָפּ העכער פון דער מאַמען; מיר האָבן ערשט איצט פעסטגעשטעלט, אַז די מאַמע אין איר קליינעם וואוקס און שלאַנקן פיגורל מיטן שיינעם

קליינעם פּנימל איז שווער צו דערקענען ווער פון אונדז איז יונגער, און דאָס איז אפשר אויך געווען די סבה, וואָס דער פּריסטאַוו האָט אָנגענו־מען עמיצנס מסירה אַף אונז, אַז דאָ פאָרן אַרום קאָמעדיאַנטשטשיקעס, וואָס פירן מיט זיך פרעמדע קינדער און ווער ווייסט וועמענס זיי זיינען...

צום אומגליק, איז דער טאַטע אַלעמאָל געווען אַזוי נאַכלעסיק, אַז ער האָט קיינמאָל נישט איינגעמאָלדן די געבוירענע קינדער, און יעדעס קינד איז דאָך ביי אונז געבוירן געוואָרן ערגיץ אַנדערש, און קיין מעט־ריקעס האָט דער טאַטע נישט געהאַט, און עס האָט אויסגעזען, אַז מיר וועלן מיט דעם פּריסטאַוו האָבן צו זינגען און צו זאָגן.

איז אָבער צו אונזער אומגליק געווען אַ גליק, וואָס דער פּריסטאַוו איז געווען אַ „נעמער" און דעם ביטערן טראָפּן האָט ער אויך נישט פיינט געהאַט, האָט דער טאַטע אים אָנגעגאָסן איין גלאָז נאָכן צווייטן און „אַריינגעגעבן אין יד" אַ גרינעם צענער און — מיר זיינען געפאָרן ווײ־טער. מיר האָבן שוין מורא געהאַט זיך אָפּצושטעלן אין די נאָענטע שטעט־לעך, זיינען מיר אַזוי געפאָרן ביז קיין סמאַרגאָן.

אָנקומענדיק קיין סמאַרגאָן, איז די איינציקע זאָרג אונזערע געווען, נישט וועגן שפּילן טעאַטער, נאָר ווי אַזוי מען קאָן באַקומען מעטריקעס פאַר די קינדער. ערשט איצט האָט דער טאַטע אנערקענט און מודה גע־ווען אַף זיין נאַכלעסיקייט. ער האָט זיך פאַרענטפערט דערמיט, וואָס ער איז אַלעמאָל געווען אַזוי פאַריאָגט און פאַרפלאָגט צוליב דער גזירה, אַז מען טאָר נישט שפּילן קיין אידיש טעאַטער, ער האָט געהאַט אַזויפיל אַרבעט אַף איבערצוקליגן די נאַטשאַלסטוואָ, אַז אים איז נישט געבליבן קיין צייט אַף גיין פאַרזאָרגן מעטריקעס.

אָבער איצט האָט ער עס געוואָלט טאָן. ער איז גרייט געווען אויס־צופאָרן די גאַנצע וועלט, און זוכן מעטריקעס פאַר אונז, אַבי נישט צו דאַרפן איבערלעבן נאָכאַמאָל אַזאַ שרעק, ווי ער האָט געהאַט ווען דער פּריסטאַוו איז געקומען צו אים און אים געזאָגט, אַז ער פאָרט אַרום מיט געגנבעטע קינדער.

קודם האָט ער געמוזט זאָרגן וועגן מיין מעטריקע, ווייל קיינער האָט נישט געוואָלט גלויבן, אַז איך בין די מאַמעס טאָכטער...

## טעקס קומט קיין סמאַרגאָן

דער טאַטע האָט באַשלאָסן, אַז אויב ער וועט באַווייזן אין סמאַר־גאָן דורכצופירן עטלעכע פאָרשטעלונגען, וועט ער זען אָפּצושפּאָרן ווי־פיל מעגלעך און באַלד אַרויספאָרן זוכן פאַר אונז מעטריקעס. אָבער אין

סמאַרגאָן איז עס נישט אַזוי לייכט געגאַנגען צו באַקומען אַזאַ דערלוי־בעניש; די נאַטשאַלסטוואַ איז שוין נישט איינמאָל אָפּגענאַרט געוואָרן פון אידישע טרופּעס, וואָס האָבן זיך אָנגעגעבן אַלס רוסישע קאַבאַרעט־זינגער, און ווידער האָט די נויט אָנגעהויבן קלאַפּן אין אונזערע טירן.

אָבער פּלוצלינג איז דער טאַטע אַהיימגעקומען מיט אַ נייעס, אַז ער האָט געזען אפישן, אַז טעקס איז געקומען קיין סמאַרגאָן און ער שטייט איין אין איינעם פון די שענסטע האָטעלן.

בלויז עטלעכע שעה שפּעטער, האָט זיך שוין טעקס דערוואוסט וואו מיר שטייען איין און ער איז געקומען.

ער איז אַריינגעקומען מיט זיין עלעגאַנטן טראַכט, מיטן גאָלדענעם שטעקן און מיט דער בריליאַנטענער שפּילקע אין קראַוואַט, ער האָט זיך מיט אַלעמען פריינטלעך באַגריסט, און מיך האָט ער אַרומגעכאַפּט קושן, גלייך ווי עס וואָלט צווישן אונז גאָרנישט פאָרגעקומען קיין שום סכסוך. ער האָט מיר געזאָגט, אַז ער פרייט זיך וואָס מיר זיינען ווידער צוזאַמען, ווייל ער וויל זען דורכצופירן מיט מיר די אָפיציעלע פאָרמאַליטעטן אַלס מאַן און פרוי.

מיין טאַטע האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דער נייעס, ווייל ער האָט מורא געהאַט, אַז אויב ער וועט בעטן טעקסן געלט אָף צו קענען פאָרן נאָך מעטריקעס, וועט טעקס זיכער אָפּזאָגן, און אַזוי, האָט ער שוין לייכטער געהאָפט צו באַקומען ביי אים אָף הוצאות.

און אַזוי איז טאַקע געווען. טעקס האָט געגעבן דעם טאַטן געלט אָף הוצאות און דער טאַטע איז באַלד אַוועקגעפאָרן זוכן מעטריקעס פאַר אונז, ער האָט געמוזט זיין צוערשט אין אדעס און אין בערדיטשעוו, און מיר זיינען דערווייל געבליבן אין סמאַרגאָן, וואו טעקס האָט פאַר אונז אַרויסבאַקומען אַ דערלויבעניש צו שפּילן וואַריעטע. איך האָב געמוזט וואוינען מיט טעקסן אין רייכן האָטעל און ער האָט מיך יעדע נאַכט גע־פירט אין סאַלאָן און נאָך דער פאָרשטעלונג האָט ער מיך אָפּגעפירט צו זיך צוריק אין האָטעל.

דעם טאַטנס רייזע נאָך די מעטריקעס האָט זיך פאַרצויגן. דער טאַ־טע האָט געשריבן אַז ער האָט שוועריקייטן און ווען טעקס האָט געזען, אַז אונזערע טעאַטער־געשעפטן גייען שלעכט און עס קאָן אויספאַלן, אַז ער זאָל דאַרפן העלפן די מאַמען מיט די קינדער, האָט ער דערקלערט, אַז זיינע געשעפטן דערלויבן אים נישט צו בלייבן אַזוי לאַנג אָף אַ פּלאַץ, און ער איז אַוועקגעפאָרן און אונז איבערגעלאָזן אין סמאַרגאָן, וואַרטן ביז דער טאַטע וועט צוריקקומען.

## חוה פאַרליבט זיך אין פאָרט אַוועק

אַ שטאַרקער און פילבאַרער קלאַפּ איז פאַר מיר געווען די געשעע־ניש, וואָס חוהלע האָט זיך פאַרליבט אין אַ יונגן שניידער אַרבעטער.

אמת, אין איר פרייער צייט ווען זי איז געווען מיט מיר, האָט זי מיר אַלעס אויסדערציילט וועגן איר אויסערגעוויינלעך גליק, ווי שטאַרק זי ליבט דעם בחור און ווי שטאַרק ער ליבט זי, און מיך האָט געדייצט איר דערציילן וועגן דעם אַלעם און איך האָב געוואָלט וויסן מערער און מערער, און איך האָב איר פון גאַנצן האַרצן געווינטשן, אַז זי זאָל זיין גליקלעך; אָבער זי האָט שוין גאַנץ ווייניק פאַרבראַכט מיט מיר צוזאַ־מען; זי האָט זיך באַדאַרפט זען מיט איר בחור און ווי גערן איך האָב זי געוואָלט האָבן נעבן זיך, האָב איך זי אַליין דערמאַנט און געטריבן, ווען זי האָט באַדאַרפט גיין זען זיך מיט איר אויסדערוויילטן.

אָבער נישט לאַנג האָט זי זיך געפרייט מיט איר גליק. זי האָט באַ־קומען בריוו פון איר טאַטן אין אומען, אַז איר שטיפמוטער איז גע־שטאָרבן און ער איז געבליבן אַליין מיט קליינע קינדער, און ער בעט, זי זאָל זיך דערבאַרעמען און קומען צו אים.

האָט זי זיך דורכגעשמועסט מיט איר בחור און ער האָט באַשלאָסן מיטצופאָרן מיט איר קיין אומען, וועלן זיי דאָרט שטעלן אַ חופה און אַבי מען האָט זיך ליב, קאָן מען איבעראַל זיין גליקלעך.

חוה האָט זייער שטאַרק געוויינט ווען זי האָט זיך מיט אונז געזעגנט; נאָך מער האָט זי געוויינט, ווען זי האָט געפּאַקט איר אָרים ביסל זאַכן, און זי האָט אַרויסגעלייגט דאָס ביסל טעאַטער־רעקוויזיט וואָס זי האָט געהאַט פאַר אירע ראָלן, און זי האָט זיי באַגאָסן מיט טרערן, ווען זי האָט זיך געזעגנט מיט זיי און כסדר איז זי מיר געפאַלן אין די אָרימס און אויסגערופן: — ווי וועל איך קענען לעבן אָן טעאַטער?...

איך האָב זי געטרייסט און אויסגערעדט און אָנגעוויזן איר, אַז אויך איך וועל זיך באַלד מוזן געזעגענען מיטן טעאַטער; אָט וועט באַלד אָנקו־מען מיין טאַטע, ער וועט ברענגען די מעטריקעס, און איך וועל מוזן זיין מיט טעקסן, און שוין: אויס טעאַטער, אויס אַפּלאָדיסמענטן, אויס „שול־מית" און אויס „מירעלע"; מיר וועלן מוזן זיין דאָס, וואָס אונז איז פון הימל באַשערט...

און איך האָב זיך מיט חוהלען געזעגנט נישט טראַכטנדיק אפילו, אַז איך וועל זי מער נישט זען עטלעכע צענדליג יאָר, ביז איך וועל זי טרע־פן אין אַ ווייט לאַנד, אַזש אין בראַזיל, וואוהין דער גורל וועט מיך מיט יאָרן שפּעטער פאַרוואַרפן...

## איך באַקום אַ פּאַספּאָרט אַלס זינאַ טעקס

נאָך עטלעכע וואָכן אַרומפאָרן פון אדעס קיין בערדיטשעוו און פון בערדיטשעוו קיין אדעס, האָט דער טאַטע קוים אַרויסבאַקומען מיין מעטריקע, און ער האָט נאָך אַנדערע צוויי מעטריקעס אַרויסבאַקומען, און ער האָט שוין געשריבן קיין יאסי, רומעניע, אַז מען זאָל פאַר אים דאָרט אַרויסנעמען שייקעלעס מעטריקע, און ענדלעך איז ער צוריקגעקומען קיין סמאַרגאָן.

מיט הוהלעם אַוועקפאָרן, איז שוין אונזער טרופּע געווען אַזוי שיטער, אַז שפּילן אַ פּיעסע האָבן מיר מער נישט געקאָנט; האָבן מיר בלויז גע־געבן קאָנצערטן פון וואַריעטע־נומערן, און אונזערע פּאַרדינסטן האָבן קוים געקלעקט אפן שטיקל טרוקענעם ברויט. אין אַזאַ מצב, האָבן מיר זיך שוין געפרייט, וואָס טעקס איז צוריקגעקומען און זיך שוין געהאַלטן מיט אונז צוזאַמען, געפאָרן מיט אונז איבער גרעסערע שטעט, וואו ער האָט זיך איינגעאָרדנט אין רייכע האָטעלן און געמאַכט זיינע געשעפטן אַלס כיראָמאַנט, און מיר האָבן געשפּילט וואַריעטע־טעאַטער. אין איין שטאָט האָט ער מיך געפירט צום קאַזיאָנע ראבינער, ער האָט זיך געלאָזן קאָסטן עטלעכע צענדלינג רובל, און אַרויסבאַקומען אָפיציעלע חתונה־פּאַפּירן. עטלעכע טעג שפּעטער, האָב איך שוין געהאַט אַן אייגענעם פּאַספּאָרט אַלס זינאַ טעקס.

דעמזעלבן טאָג ווען ער האָט מיר געבראַכט דעם פּאַספּאָרט, האָט ער מיר געזאָגט, אַז פון היינט אָן בלייב איך מיט אים, אַז איך בין זיין ווייב און איך דאַרף זיין דאָ וואו ער געפינט זיך; צוזאַמען מיט אים.

## וואָס איז דאָס אַזוינס כיראָמאַנטיע?

עטלעכע יאָר צייט, בין איך געווען צוזאַמען מיט דעם כיראָמאַנט מאַרקוס טעקס אַלס זיין פרוי; אַ סך מאָל בין איך בייגעווען בעת זיינע סעאַנסן, ווען ער האָט אויפגענומען געסט סיי מענער, סיי פרויען, צווישן וועלכע עס זיינען געווען אָרימע און רייכע, עס זיינען געווען אַרבעטער, סוחרים, אינדוסטריאַלן און אפילו אָפיצירן און גענעראַלן. איך האָב זיך צוגעקוקט מיט נישט ווייניק נייגעריקייט, ווי טעקס קוקט זיי אָף די הענט־פלאַכן, ווי ער הייסט זיי שרייבן און ווי ער דערלאַנגט זיי אַ פּעקל קאָרטן און הייסט זיי אַרויסנעמען איינע און נאָך איינע, און דערנאָך טייטשט ער פאַר זיי אויס וואָס די קאָרטן, די שטריכן אָף דער האַנט־פלאַך און די שריפט זאָגן וועגן דער פּערזאָן.

אָבער וואָס דאָס איז אַזוינס כיראָמאַנטיע, ווייס איך נאָך נישט ביזן היינטיקן טאָג.

איך האָב זיך צוגעקוקט און געזען, אַז עפּעס אַ געהיימעניש שטעקט אין דעם; איך האָב אפילו געטראַכט, אַז דאָס איז אַ שווינדל, נאָר זעענדיק ווי די הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייטן לויבן זיין מיסטעריעזע קענטעניש, און ווי זיי אנערקענען, אַז טעקס האָט זיי צוגעטראָפן פּונקטלעך זייער פאַרגאַנגענהייט, און זיי קענען אים שוין אויך גלויבן זיינע פאָראויסזאָגונגען וועגן זייער צוקונפט, האָב איך שוין אויך אָנגעהויבן גלויבן, אַז אין דעם שטעקט עפּעס אַ מיסטעריעזע וויסנשאַפט, וואָס איך קאָן זי נישט באַגרייפן.

נישט זעלטן האָט געטראָפן, איבערהויפּט ווען דער גאַסט איז געווען אַ הויכגעשטעלטע פּערזענלעכקייט, אַז טעקס האָט זיך פּלוצלינג טיף פאַרטראַכט, גענומען דעם סקעלעט פון טויטן־קאָפּ אין דער האַנט, און אים שאַרף אַריינגעקוקט אין די היילן וואו עס זיינען אַמאָל געווען אויגן... זעענדיק אים אַזוי האָב איך זיך דערמאַנט, ווי ער האָט זיך אַמאָל געשפּילט מיט דעם סקעלעט און געזאָגט אַז ווער ווייס ווי לאַנג ער איז שוין טויט און דאָך נוצט ער נאָך פאַר געשעפט. דערמאַנענדיק זיך דאָס, האָב איך געגלויבט, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ שווינדל. אָבער באַלד האָט טעקס אָנגעהויבן ריידן. ער האָט גערעדט פּאַמעלעך און שאַרף, יעדעס וואָרט באַזונדער, ווי ער וואָלט עס אַרויסגעלייענט פון די טויטע אויגן־לעכער, און דער קליענט איז געבליבן ווי פאַרבליפט, און ער האָט אָנגעכאַפּט טעקסנס הענט און ממש זיי געוואָלט קושן. טעקס האָט אים אַלעם צוגעטראָפן און מיך איז צומאָל באַפאַלן אַ שרעק, זעענדיק, אַז עס איז פאָרט נישט קיין שווינדל, אַ וועלט איז דאָך נישט משוגע!...

און ווען איך האָב אַמאָל טעקסן געפרעגט און געבעטן, אַז ער זאָל מיר אויפקלערן ווי אַזוי ער מאַכט דאָס, אַז ער זאָל וויסן יענעמס פאַרגאַנגענהייט און צוקונפט, האָט טעקס געשמייכלט און געזאָגט, אַז דאָס מוז מען האָבן די ספּעציעלע אייגנשאַפטן און אַז אַן אינדישער פאַקיר האָט אין אים געזען די אייגנשאַפטן און ער האָט אים איבערגעגעבן דעם סוד פון דער כיראָמאַנטיע, און אַז איך וועל זיך לאַנג צוקוקן און אויפהערן זיך שרעקן, וועט ער מיר ווייזן און אויסלערנען געוויסע זאַכן...

## טעקס זוכט אַ מעדיום פאַר זיין געשעפט

כאָטש טעקס האָט פאַר זיינע קליענטן אַלעמאָל געזאָגט אַז ער איז אַ פּראָפעסיאָנאַל, אַז זיין פּראָפעסיע איז אַ קאָמפּליצירטע וויסנשאַפטלע־

כע, האָט ער פּאַר **אייגענע**, זיין אַרבעט קיינמאָל נישט אָנגערופן אַנ־ד׳ערש ווי „געשעפט״.

די כיראָמאַנטיע איז באמת געווען אַ גוט געשעפט. אין וועלכער שטאָט מיר זיינען געקומען, ווי נאָר עס האָבן זיך באַוויזן די אפישן, אַז דער כיראָמאַנט טעקס איז געקומען, איז דער האָטעל באַלד פול געוואָרן מיט מענטשן און אַלע צייטונגען האָבן געשריבן וועגן אים. רעפּאָרטערס זיינען געקומען, און וואָס שטאָלצער און צוריקגעהאַלטענער ער האָט זיי אויפגענומען, אַלץ בעסער האָבן זיי געשריבן וועגן אים, און דאָס טיש־קעסטל איז יעדן אָוונט פול געווען מיט אַסיגנאַציעס פון איינציקע רובל, דרייערלעך און פינפערלעך, אפילו צענערלעך אויך.

טעקס האָט געזוכט מיך צוצוציען צו זיין אַרבעט. ער האָט געוואָלט אַז איך זאָל זיצן באַ דער קאַסע און נעמען דאָס געלט פון די געסט. איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט און דאָס איז געווען דאָס דריטע מאָל אין מיין לעבן, ווען איך האָב זיך אַנטקעגנגעשטעלט יענעמס ווילן. דאָס ערשטע מאָל איז עס געווען ווען איך האָב נישט געפאָלגט מיין טאַ־טן ווען ער האָט מיך געהייסן גיין זוכן אַן אַקושאָרקע צו מרים געבורט; דער צווייטער שטאַרקער אַרויסטריט איז געווען, ווען איך האָב כמעט עטלעכע טעג נאָך דער חתונה, פאַרלאָזן טעקסן און בעסער געפאָרן מיט מאַטע־מאַמע שפּילן טעאַטער, און אויך איצט האָב איך אַזוי פעסט און קאַטעגאָריש זיך אָפּגעזאָגט פון ווערן אַ קאַסירשע ביי אַ כיראָמאַנט, ווען אפילו דער כיראָמאַנט איז מיין געזעצלעכער מאַן...

און נאָך דעם דריטן מאָל איז באַלד געקומען אַ פירט מאָל, ווען איך האָב זיך נאָך שטאַרקער אָפּאָנירט קעגן מיין מאַנס ווילן און איך בין גרייט געווען אפילו צו באַגיין זעלבסטמאָרד, ווען ער וואָלט אים גע־פּרואווט אַרויפצווינגען אַף מיר.

עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ מעדיום.

טעקס האָט מיך איינמאָל געפירט אין אַ וואַריעטע־טעאַטער וואו עס איז אויפגעטראָטן אַ ספּיריטיסט, אַ היפּנאָטיזירער און ער האָט געהאַט מיט זיך אַ יונגע פרוי, וואָס האָט אים געדינט אַלס מעדיום.

דעם סעאַנס וואָס דער ספּיריטיסט האָט דורכגעפירט מיט זיין מע־דיום, וועל איך שוין מיין לעבן לאַנג זיכער נישט פאַרגעסן און אויך נישט דעם „נאָכשפּיל״, וואָס איז געקומען נאָך דעם סעאַנס.

אַהיימקומענדיק נאָך דעם סעאַנס אין אונזער האָטעל, איך בין גע־ווען אינגאַנצן צעטרייסלט פון דעם איינדרוק, זאָגט צו מיר טעקס:

— ווייסט, זינימשקאַ, **איך** וואָלט באַדאַרפט האָבן אַזאַ מעדיום, דאַן וואָלט איך געשאַרט פעסער מיט גאָלד.

דו ביזט דען אַ ספּיריטיסט? פּרואוו איך איינווענדן, אָבער טעקס דערקלערט מיר גאַנץ ערנסט, אַז דער פּאַקיר וואָס האָט אים אויסגעלע־רנט דעם סוד פון כיראָמאַנטיע, האָט אים אויך דערקלערט דעם סוד פון ספּיריטיזם און היפּנאָטיזם, און ער דאַרף נאָר אַ פּאַסיקן מעדיום, וואָלט ער מער באַוויזן ווי יענער דאָרט, און ער וואָלט אויפגעטראָטן אין די גרעסטע טעאַטערס, און גאָלד וואָלט געפלאָסן צו אים פון אַלע זייטן... דאָס זאָגנדיק, האָט ער אָנגעשטעלט זיינע בליקן אָף מיר, פּעסט זיך איינגעגעסן מיט זיי אין מיר, און מיר איז עפּעס געוואָרן אומהיימלעך; עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז ער היפּנאָטיזירט מיך אַזוי ווי יענער דאָרט אָף דער בינע, און איך בין אויפגעשפּרונגען אַ דערשראָקענע.

טעקס האָט זיך צעלאַכט. ער האָט מיך אַרומגענומען, געקושט מיך און מיך געגומען באַרואיקן, אַז ער איז נישט קיין היפּנאָטיזירער, און אַז יענער אין וואַריעטע איז אויך נישט קיין היפּנאָטיזירער, נאָר דער מע־דיום דאַרף זיך קענען אַליין סוגעסטירן און דורך אויטאָ־סוגעסטיע מאַכט מען עס, אַז מען זאָל נישט פילן וואָס יענער טוט דיר, ווען אפילו ער פּרואווט דיינע אויגן־אָפּלען קיצלען מיט אַ שטרוי...

אַ טויט־שרעק איז מיך באַפאַלן, און זעענדיק מיין שרעק, האָט טעקס ווידער מיך באַרואיקט און געהייסן מיך גיין שלאָפן; — „עס וועט זיין צייט מאָרגן צו ריידן דערפון...” — און ווי נאָר איך האָב די אויגן פאַר־מאַכט, האָב איך זיך ווידער געזען אין וואַריעטע־טעאַטער און איך האָב געזען דעם סעאַנס, ווי דער ספּיריטיסט האָט היפּנאָטיזירט די פרוי און ווי זי איז איינגעשלאָפן און ווי ער האָט דערנאָך אַ געשריי געטאָן: — עס ברענט, ראַטעווע דיך! — און די אומגליקלעכע היפּנאָטיזירטע פרוי איז אויפגעשפּרונגען אין פאַנישער שרעק און גענומען לויפן אין אַלע זייטן, ביז ער האָט אויסגערופן, אַז דאָס פייער איז פאַרלאָשן און זי איז געראַ־טעוועט, האָט זי זיך ערשט באַרואיקט.

דערנאָך האָט ער אַ זאָג געטאָן: — זע, דו ביזט אין אַזאַ שיינעם גאָרטן, דו וואַרטסט אָף דיין געליבטן, רייס דערווייל אַביסל בלומען און פלעכט אויס פאַר דיין געליבטן אַ קראַנץ... און די פרוי האָט גענומען אַרומגיין און מאַכן די באַוועגונגען ווי זי וואָלט געריסן בלומען און גע־פלאָכטן אַ קראַנץ, און דערנאָך האָט ער זי געהייסן אַוועקזעצן זיך און וואַרטן אַפן געליבטן, האָט זי זיך אַוועקגעזעצט און געוואַרט.

און איצט האָב איך געזען דאָס שווידערלעכסטע:

דער ספּיריטיסט האָט איינגעלאַדן מענטשן פון פּובליקום, אַז זיי זאָלן קומען אָף דער בינע און זיך איבערצייגן, אַז די פרוי, זיין מעדיום, איז ווי טויט און זי טוט נאָר זיין ווילן. מענטשן זיינען אַרויף און ער האָט

דערלאַנגט האַרטע שטרויעלעך און זיי געזאָגט, אַז זיי קענען דעם מע־דיום קיצלען אָף די פּילבאַרסטע ערטער... די נייגעריקע מענטשן האָבן געפּרוּווט, זיי האָבן זי געקיצלט אונטער די אָרעמס און אָפּן האַלז. אַ סך האָבן געמאַכט זשעסטן וואָס האָבן אונטערגעשטראָכן וואולגאַרע כּוונות, און דער ספּיריטיסט האָט זיי אָפּגעשטעלט, און איינעם האָט דער ספּיריטיסט אַליין געהייסן, אַז ער זאָל פּרוּוון מיט דער שטרוי באַרירן די שוואַרץ־אַפּלען פון אירע אויגן און ער האָט עס געטאָן, און די פרוי האָט אַבסאָלוט מיט גאָרנישט רעאַגירט, זי איז געווען אַבסאָלוט ווי פאַר־גליווערט.

און דער פינאַל פון ספּעקטאַקל איז געווען, אַז דער ספּיריטיסט האָט פּלוצלינג אַ געשריי געטאָן, אַז דער געליבטער גייט, ער זאָל אַכטונג געבן, ווייל אַ באַן פאָרט און אוי, דער געליבטער האָט נישט געזען, און ער איז צעריבן געוואָרן אונטער די רעדער!...

די פרוי האָט געגעבן אַ שוידערלעכן קוויטש, זי איז אַ ווײַלע גע־בליבן ווי פאַרשטיינערט און פּלוצלינג האָט זיך זיך געוואָרפן אָף דער ערד און אָנגעהויבן פון זיך רייסן די קליידער און די האָר אַזוי לאַנג, ביז זי איז געבליבן ליגן ווי אין אָנמאַכט. ערשט דעמלט איז דער ספּיריטיסט צוגעגאַנגען צו איר, געמאַכט איבער איר עטלעכע באַוועגונגען מיט די הענט, געגלעט איר דאָס פּנים, און זי האָט פּאַמעלעך געעפנט די אויגן. ער האָט איר געהאָלפן אויפשטיין און אַרויפגעוואָרפן אָף אירע אַקסל אַ לאַנגן שאַל, וואָס האָט פאַרדעקט אירע צעריסענע קליידער, זי איז שוין געווען וואַך, און ביידע צוזאַמען האָבן געענטפערט אָף די אַפּלאָדן פון דעם צעשטורעמטן פּובליקום, מיט טיפע פאַרבויגונגען...

די אַלע סצענעס האָב איך אין חלום ווידער געזען, נאָר ווען עס איז גע־קומען צו דער סצענע ווען מען קיצלט דעם מעדיום די אויג־אַפּלען מיט אַ שטרוי, האָב איך פּלוצלינג דערזען, אַז איך בין גאָר דער מעדיום און, אַז מען שטעכט דאָס מיר אין די אויגן, און איך האָב אַרויסגעלאָזן אַ שרעקלעכן קוויטש. עס האָט טעקסן דערנאָך געקאָסט אַ סך מי, ביז ער האָט מיך אין יענער נאַכט צוריקגעבראַכט צו מיין באַוואוסטזיין.

ווען טעקס האָט אָפּצומאַרגנס פונדעסטוועגן געפּרוּווט מיט מיר אַ רייד טאָן וועגן מעדיום, האָב איך זיך אַ שטעל אַוועקגעגעבן, אַזוי דראָענדיק און אַזוי פעסט, אַז ער האָט מער נישט געוואַגט אפילו ריידן דערפון. האָט ער בלויז אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט, און אַ זאָג גע־טאָן צווישן די ציין: — אַז דאָס פאַרשטייט נישט קיין געשעפט... און קוקנדיק שוין צו מיר, האָט ער מיט אַ שמייכל צוגעגעבן: — עס וועט שוין פון דיר קיין לייט נישט זיין...

# צוועלפטער קאַפּיטל:

פאַמיליע בעקער — טרופּע בעקער — איך טרעט אויף אומזיסט — טעאַטער און צירק — די גרויסע אַקראָבאַטן פאַמיליע — איך טרעט אויף אין צירק — טעאַטער אַז אַ טאַלק און עכטער טעאַטער — טעקס דערלויבט מיר צו שפּילן טעאַטער — פּישזאַנס גרויסע טרופּע — טעקס פּאַראַדירט — דער צוקער פאַבריקאַנט בראַדסקי אינטערוועניגרט — מען נעמט מיך אַרויס פון כאָר — איך שטודיר ראָלן אַף דייטש — טרופּע קאָמפּאַניעיעץ — מיר פאָרן קיין לאָדזש — מיינע ערשטע גרויסע דערפאָלגן

## פאַמיליע בעקער — טרופּע בעקער

פון דעם גרויסן גליק מיט וועלכן טאַטע־מאַמע האָבן מיך פאַרזאָרגט, האָב איך קיין נחת נישט געהאַט.

איך האָב מער נישט געשפּילט קיין טעאַטער, אָבער וואַנדערן האָב איך אַלצאיינס געמוזט.

איך האָב בלויז נישט געליטן קיין נויט; איך האָב געוואוינט אין רייכע האָטעלן און געגעסן פיינע מאָלצייטן, אָבער צי האָבן די מאָלצייטן געקאָנט געבן דעם געניס, וואָס אַפּלאָדן פון אַ פּובליקום האָבן מיר געגעבן? און ווי האָבן מיר די פיינע מאָלצייטן געקאָנט וואויל־באַקומען, ווען איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז טאַטע־מאַמע וואָגלען ערגיץ־וואו אַרום און איך פּעל זיי אוים און צוליב מיר, ליידן זיי זיכער נאָך גרעסערע נויט ווי פריער?

פון די גרויסע גליקן אַלס פרוי פון כיראָמאַנט מאַרקוס טעקס, האָב איך קיין נחת נישט געהאַט.

און אַ גרויסע איבערראַשונג איז עס פאַר מיר געווען, ווען מיר זיינען אָנגעקומען קיין לידע און דאָרט איז גראָד געשטאַנען די טרופּע בעקער. די בעקערס זיינען געווען אַ גאַנצע משפּחה אַקטיאָרן, מיט זיי זיינען אויך געווען סאָניאַ קאָמפּאַניעיעץ און דער אַקטיאָר זשאַרזש, זיי האָבן אַרומגעוואַנדערט, פּונקט אַזוי ווי איך מיט מיינע עלטערן, די „ציפּקום־טרופּע".

טעקס האָט ליב געהאַט אידיש טעאַטער און הערנדיק, אַז עס שפּילט דאָרט אַ טרופּע, האָט ער מיך אויסגעפּוצט אין גאָלד און בריליאַנטן און מיך גענומען צו דער פאָרשטעלונג. די אַקטיאָרן האָבן זיך מיט מיר זייער דערפרייט; זיי האָבן געהערט פון מיין גרוים גליק, אָבער זיי האָבן עס

נישט געגלויבט, און איצט, זעען זיי עס מיט די אייגענע אויגן... זיי האָבן באַקוקט און באַטראַכט די טייערע שמוק־זאַכן וואָס איך האָב געטראָגן און זיי האָבן מיך מקנא געווען... זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז טעקס באַטראַכט מיך פאַר זיינס אַ זאַך מיט וועלכער ער דאַרף שטאָלצירן; אַז איך בין ביי אים פונקט ווי זיין קראַוואַט אין וועלכער ער שטעקט אַריין אַ בריליאַנטענע שפּילקע און ווען ער טוט זי אויס, נעמט ער זי אַרויס און באַהאַלט זי צווישן זיינע זאַכן, פּונקט ווי אַהיימקומענדיק, נעמט ער פון מיר אַראָפּ די אַלע שמוקזאַכן, און ער באַהאַלט זיי צוזאַמען מיט זיינע דיאַמאַנטענע זאַפּינקעס...

און בעת די אַקטיאָרן האָבן מיך מקנא געווען, האָב איך גאָר זיי מקנא געווען. איך וואָלט יעדע מינוט גרייט געווען זיך צו בייטן מיט די ראָלן, זאָל ווער עס וויל נעמען בא מיר אָט די אַלע שמאָכטעס און זיך זעצן מיט טעקסן, און איך זאָל אַרויף אַף דער בינע און אַ שפּיל טאָן טעאַטער...

זיצנדיק אין טעאַטער בא דער טרופּע בעקער, האָב איך ערשט אָנגעהויבן פילן וואָס דאָס הייסט אַזוינס בענקשאַפט. איך האָב זיך דערמאַנט, ווי איך האָב געפּילט, ווען איך בין צום ערשטן מאָל אויפגעטראָטן אַף דער בינע אַלס קינד אין „דר. אלמאסאדאַ", און דערנאָך אַלס „מירעלע", ווי איך האָב געשוועבט אין די הימלען... עס האָט מיך אָנגעהויבן נאָגן און ציען נאָכאַמאָל איבערצולעבן דעם זעלבן געפּיל; און ווי גליקלעך בין איך געווען נאָך דער פאָרשטעלונג, ווען די בעקער איז צו מיר צוגעקומען און מיך געפרעגט, צי וואָלט איך נישט געוואָלט אַן אויפטריט...

איך האָב געוואָלט פאַלן אַלעמען אין די אָרעמס און קושן פון פרייד, אָבער איך האָב זיך דערמאַנט, אַז איך בין נישט אַליין דער באַלעבאָס איבער זיך און איך האָב אַ קוק געטאָן אַף טעקסן.

טעקס האָט געשמייכלט: — אויב זיי ווילן דוקא און אויב זינאַ קאָן זיי נוצן און אויב זי האָט נישט דאקעגן, אַרט עס אים נישט...

און בעת טעקס האָט געהאַט צו טאָן מיט זיינע געשעפטן, קוקן אַף יענעמס האַנט־פלאַכן, שטודירן יענעמס האַנט־שריפטן און אויסלייגן קאָרטן און צומאָל אויך נעמען צו הילף דעם טויטן־קאָפּ, וואָס האָט אים אַזוי גוט געדינט פאַר זיין געשעפט, האָב איך דערווייל ווידער אָנגעהויבן שוועבן אין די הימלען, איך האָב זיך געגרייט צו מיין אויפטריט, און ווידער האָב איך איבערגעלעבט און איבערגעפּילט דעם געטלעכן נחת פון אַפּלאָדיזן, פון אַ באַגייסטערטן פּובליקום.

קיין געלט פאַר מיינע אויפטריטן, האָב איך נישט גענומען. פונ־

דעסטוועגן, זעענדיק, אַז איך מאַך מיט מיינע אויפטריטן פוראָר, האָט זיך הינטער די קוליסן אָנגעהויבן קאָכן מיט אינטריגעס און צו אַ פּי־נאַל פון די אינטריגעס איז עס געקומען ווען מען האָט אויפגעפירט „שולמית”.

צווישן פובליקום פון לידע זיינען געווען אַ סך, וועלכע האָבן מיך שוין געזען אַלס שולמית און ווען זיי האָבן מיך געזען שפּילן אַלס אביגיל, האָבן זיי פּראָטעסטירט און אויסגעשריגן אַפן קול, פאַרוואָס איך שפּיל נישט שולמית. דאָס האָט דער פּרימאַדאָנע פון דער בעקער־טרופּע זייער שטאַרק געטראָפן, און עס זיינען געווען ספאַזמעס און איינזעענדיק, אַז איך פאַר־שאַף מיט מיין פּריוווּליקער און אומזיסטער מיטאַרבעט אַ בייז לעבן אין טרופּע, האָב איך זיך צוריקגעצויגן און מער נישט געוואָלט אויפ־טרעטן.

אגב האָט טעקס שוין געהאַלטן אין פאַרענדיקן זיינע סעאַנסן אין לידע און מיר האָבן זיך שוין גענומען פּאַקן אין וועג אַריין, און נאָך דעם ביסעלע אָפּפרישונג מיט מיינע אויפטריטן מיט דער בעקער־טרופּע, האָב איך זיך ווידער געמוזט צוריקציען צו מיין אומעטיק לעבן אין שטוב פון מאַרקוס טעקס, וואָס איז געווען איינגעהילט אין מיסטעריעזע כיראָ־מאַנטישע סודות...

## טעאַטער און צירק

אין דער דעמאָלדיקער צייט, איז נאָך אידיש טעאַטער געווען מער קוריאָז וויווירקלעכקייט.

מעגלעך, אַז ווען עס וואָלט נישט געווען געקומען דער פאַרבאָט קעגן אידיש טעאַטער, וואָלט עס זיך געווען אַנדערש און בעסער און שנעלער אַנטוויקלט; אָבער די כסדרדיקע רדיפות האָבן געשטערט און נאָר די הייפעלעך אַקטיאָרן וואָס זייער ליבע צום אידישן טעאַטער און זייער דראַנג זיך צו קענען אויסלעבן קינסטלעריש, האָט זיי נישט אָפּגעשטעלט פאַר די שווערסטע ליידן, נאָר אַ דאַנק אָט אָ די פאַנאַטישע ליבהאָבער פון די בינע־ברעטלעך, איז אידיש טעאַטער טראָץ דעם פאַרבאָט, נישט אונטערגעגאַנגען.

די וואַנדערנדיקע טרופּעס האָבן צוגעטראַכט אַלערליי שפּיצלען און איינפאַלן ווי אַזוי אָפּצונאַרן די נאַטשאַלסטוואָ און כאָטש עס האָט זיך נישט געקאָנט אַנטוויקלען, אָבער אידיש טעאַטער האָט מען געשפּילט.

איך האָב שוין דערמאַנט אַז מיין פאָטער האָט אַמאָל געהאַט שותפות מיט אַ פּאַקוסניק, וואָס האָט באַוויזן אַרויסצובאַקומען דערלויבענישן;

דאָס האָט נישט נאָר מיין פאָטער באַוויזן אַזאַ קונץ, נאָר אויך אַנדערע טרופעס האָבן געטאָן דאָס זעלבע און נישט נאָר מיט פאָקוסניקעס, נאָר זיי האָבן אפילו געשלאָסן שותפות מיט וואַנדערנדיקע קליינע צירקן און וואַריעטע שפּילער און זשאָנגלער און דראָטן גייער און אַט-אַ די שותפותדיקע געשעפטן, האָבן דערנענטערט דאָס אידישע טעאַטער, בעסער געזאָגט — די אידישע אַקטיאָרן צו די אַלע מינים וואַנדער-צירקן און וואַנדערנדיקע קונצנמאַכער און טעאַטער-קינסטלער מיט צירקאַוואַיע קינצלער, זיינען זיך געוואָרן גאָר נאָענטע מחותנים.

אַף מיינע וואַנדערונגען איבער שטעט און שטעטלעך נאָך מיט מיינע טאַטע-מאַמע, האָבן מיר זיך באַגעגנט מיט אַזאַ וואַנדער-צירק וואָס אַ אידישע פאַמיליע האָט אָנגעפירט, דאָס איז געווען די אַקראָבאַטישע ראָזנצווייג-פאַמיליע.

מיר האָבן זיך דעמלט באַקענט; מיין טאַטע האָט געוואָלט מיט זיי מאַכן אַ געשעפט, אָבער עס האָט זיך נישט איינגעגעבן און אונזערע וועגן האָבן זיך געשיידט.

מאַכט זיך, אַז נאָך לאַנגע רייזעס איבער גרעסערע שטעט, וואו מעקס האָט געמאַכט זייער גוטע געשעפטן, זיינען מיר אָנגעקומען קיין מינסק און טעקס פירט מיך באַנאַכט אין אַ צירק און איך דערקען אַז דאָס איז דער ראָזנצווייג-אַקראָבאַטן-צירק.

איך בין קוים איינגעזעסן ביז צו דער פויזע און מיט שרעק און פאַרהאַלטענעם אָטעם האָב איך צוגעקוקט ווי ראָזנצווייגס טאָכטער פייגעלע טאַנצט אַף אַ דראָט און זי מאַכט נאָך אַזעלכע קונצן, אַז עס דוכט זיך אויס, אָט אָט און זי פאַלט אַראָפּ...

איך האָב ערשט פרייער אָפּגעאָטעמט, ווען דער נומער האָט זיך געענדיקט און בעת דער פויזע, בין איך שוין געווען מיט טעקסן הינטער די קוליסן. די ראָזנצווייגס האָבן מיך אַרומגעכאַפּט קושן און זיי האָבן מיך געפרעגט אַף מיינע טאַטע-מאַמע און זיי האָבן אַרויסגעוויזן אַזויפיל פרייד, אַז מיר האָבן זיך אַזש געשטעלט טרערן אין די אויגן.

נאָך דער ערשטער פרייד, האָבן זיי ערשט באַמערקט, אַז איך בין באַהאַנגען מיט בריליאַנטן און ווידער האָט זיך איבערגעחזרט די סצענע ווי בּאַ דער טרופּע בעקער. זיי האָבן באַטאַפּט די טייערע שמוק-זאַכן און זיי האָבן אויסגעדריקט זייער פרייד, וואָס זיי זעען מיך גליקלעך...

## די גרויסע אַקראָבאַטן-פאַמיליע

פונוואַנען די פאַמיליע ראָזנצווייג האָט געשטאַמט, ווייס איך נישט.

איך ווייס נאָר, אַז די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון אַ צוואַנציק פערזאָן; צוויי אַלטע פאָרלעך וואָס האָבן זיך משדך געווען, האָבן צוזאַמען מיט די קינדער און אייניקלעך פאָרמירט די גרויסע אַקראָבאַטן־פאַמיליע.

און אַלע האָבן זיך באַטייליקט אין די פאָרשטעלונגען און זייערע נו־מערן זיינען געווען אַ געמיש פון צירק און וואַריעטע, ווייל צווישן די צוואַנציק פערזאָן פון דער פאַמיליע, זיינען געווען אַקראָבאַטן, דראַטן־טענצערס, זינגערנס, פּיאַנאָ־שפּילערס און זשאָנגלער און זיי האָבן זייע־רע נומערן אויסגעפירט אַזוי פיין, אַזוי ערשט־קלאַסיק, אַז זייער צירק האָט איבעראַל אַרויסגערופן אַ גרויסן פוראָר.

די צוויי אַלטיטשקע פאָרלעך האָבן זיך אויך נאָך באַטייליקט, אַמאָל איז איינער געווען אַ באַרימטער שפּילער אויף אַ ציטער, ער האָט אויף דער ציטער געקאָנט אויסשפּילן די קאָמפּליצירטסטע אָפּערע־אַריעס, אָבער ווען די הענט האָבן אים אַליין אָנגעהויבן ציטערן, איז ער פּונקט ווי זיין מחותן, געוואָרן קלאָון, און די צוויי אַלטיטשקע קלאָונס האָבן גע־וואוסט ווי אַזוי אַרויסצורופן שטורמישע געלעכטערס באַם פובליקום.

פייגעלע האָט געמוזט ירשענען איר פאָטערס מוזיקאַלישן טאַלאַנט, ווייל חוץ דעם וואָס זי איז געווען די דראָטן־טענצערן, האָט זי אויך גע־שפּילט פּיאַנאָ און נישט קענענדיק קיין נאָטן, האָט זי אויסגעשפּילט די שווערסטע מוזיקאַלישע נומערן. עס האָט געטראָפן, אַז מוזיק־ קריטיקער האָבן זי באַוואונדערט אין זייערע רעצענזיעס און געפאָדערט, אַז מען דאַרף זי לאָזן שטודירן.

פייגעלעס שוועסטער „בעטי", אַ חוץ וואָס זי האָט געקאָנט קריכן אויף די הענט און מאַכן דערביי אַלערליי קונצן און זיך צונויפקנוילן ווי אַ שלאַנג, האָט זי געהאַט אַ וואונדערשיינע שטים און זי האָט אויך געגעבן געזאַנגס־נומערן און צום פינאַל פון דער פאָרשטעלונג, האָט זיך די גאַנ־צע צירקאָוואָיע פאַמיליע פאָרמירט אין אַ הויכער און וואונדערשיינ־אויסגעשטעלטע פּיראַמידע און דער אַפּאָטעאָז האָט אַרויסגערופן שטור־מישע אַפּלאָדיזן.

און גראַד האָט זיך געמאַכט, אַז טעקס האָט באַדאַרפט פאָרן קיין בערסאָן, ער האָט דאָרט געהאַט געקויפט אַן אומעניע און עפּעס האָט ער געהאַט אַ פּראָצעס צוליב דעם קויף, און זענענדיק, אַז איך בין מיט די ראָזנצווייגס זייער באַפריינדעט, האָט ער מיר דערלויבט צו בלייבן מיט זיי, ביז ער וועט צוריקומען.

## איך טרעט אויף אין צירק

ביי די ראָזנצווייגס האָב איך זיך גאַנץ גוט געפילט. אפילו מיין פאַר־

דרום, וואָס טעקס האָט באַ מיר פאַר זיין אַוועקפאָרן צוגענומען אַלע
שמוק־זאַכן, האָב איך אין דער סביבה פון די גוטע מענטשן שנעל פאַר־
געסן, און ווען עס האָט זיך איינמאָל געמאַכט, אַז בעטי איז קראַנק גע־
וואָרן און נישט געקאָנט אויפטרעטן מיט איר געזאַנג־נומער, האָב איך
דערקלערט מיין גרייטקייט, זי צו פאַרטרעטן. מען האָט מיין פרייווילי־
קן אָנבאָט אָנגענומען מיט פרייד.

רוסישע לידער האָב איך דאָך, צוליב מיינע אָפטע פאַרוואַנדלונגען
פון אַ שולמית אין אַ מאַלאָרוסישער זינגערן גוט געקענט, בין איך
טאַקע אויפגעטראָטן מיט אַ רוסישן נומער און איך האָב געמוזט זינגען
אַף בים און בעטי, ווי האַרציק זי איז געווען אַלס חברטע, האָט זי זיך פונ־
דעסטוועגן געערגערט, וואָס איך האָב אַזוי שטאַרק אויסגענומען אַף
איר פּלאַץ און צומאַרגנס, כאָטש זי האָט זיך נאָך נישט גוט געפילט, איז
זי פונדעסטוועגן שוין אַליין אויפגעטראָטן, אבי אַ צווייטע זאָל נישט צו־
נעמען באַ איר דעם אַפּלאָוז...

אָבער מיין איינציקער אויפטריט אין צירק, האָט מיר אַ חוץ די
אַפּלאָוזן, פאַרשאַפט נאָך אַן אַנדערע פרייד; אין צירק איז גראַד געווען
ליפּאָווסקי, דער קופּלעטיסט וואָס האָט מיט אונז אַקטואירט אין ווי־
ניצע און בעת איך האָב געזונגען, בין איך אים פאַרגעקומען קענטלעך
און ער איז אַרונטערגעקומען צו מיר הינטער די קוליסן. ער האָט זיך
זייער דערפרייט, וואָס ער האָט נישט געמאַכט קיין טעות, און ער האָט
מיר אָפּגעגעבן אַ סך גרוסן. ער האָט מיר דערציילט, אַז חוה פון אומען
האָט אים געבעטן ער זאָל מיר אָפּגעבן אַ גרוס אויב ער וועט מיך טרע־
פן, און ער האָט מיר דערציילט, אַז חוה איז זיך צעגאַנגען מיט איר חתן
און זי האָט חתונה געהאַט מיט אַ שילדן־מאַלער פון אומען, אַ געוויסן
פּאָלאַנסקי, און אַז דאָס פּאָרל האָט זיך ליב און די ליבע צום מאַן האָט
זי געמאַכט פאַרגעסן אַן טעאַטער.

ליפּאָווסקי האָט מיר אויך אָפּגעגעבן אַ גרוס פון מיינע טאַטע־מאַמע.
איך האָב געזען, אַז ער טוט עס נישט גערן, אָבער ער האָט עס געטאָן.
ער האָט מיר דערציילט אַז זיי מוטשען זיך ווי געוויינלעך, מען פאָרט
איבער שטעט און שטעטלעך און וואו עס לאָזט זיך, דאָ שפּילט מען
צוביסלעך אידיש טעאַטער...

דאָס וואָרט צוביסלעך, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז איך פעל זיי דאָרט
אויס, אַף צו קענען שפּילן אַ פּיעסע ווי געהעריק; אָבער וואָס האָב איך
געקאָנט טאָן? דאָס האָבן דאָך מיך די טאַטע־מאַמע אַזוי פאַרזאָרגט אַז
איך זאָל זיין גליקלעך...

ליפּאָווסקי האָט מיר אויך דערציילט, אַז פּישזאָן קומט באַלד צופאָרן

מיט זיין גרויסער טרופע און עס וועט דאָ ווערן לעבעדיק.

די ידיעה אַז פישזאָן קומט מיט זיין טרופע, האָט מיך זייער דערפרייט.

איך האָב זייער פיל געהערט וועגן פישזאָנס טרופע. מיין טאַטע האָט גאַנץ אָפט גערעדט מיט קנאה וועגן פישזאָנען, דערמאָנענדיק, אַז פישזאָנס פאָטער איז געווען דעם זיידנס שותף צום וויין־געשעפט אין בערדיטשעוו און ווי ער האָט אויסגעשפּילט, פאָרנדיק מיט אַ גרויסער טרופּע מיט עכט טעאַטער און ווי מיר מוזן זיך אַרומשלעפּן אָן אַ טאָלק, ווי די ציגיינער...

דעם טאַטנס ווערטער פלעגן אויף מיר מאַכן דעם איינדרוק, אַז דאָס וואָס מיר שפּילן, איז גאָר נישט קיין עכט טעאַטער און אַזוי ווי די קאַניעווסקי־טרופע איז נאָך געווען אַ שוואַכערע פון אונזער טרופע און די בעקער־טרופע איז געווען אין בעסטן פאַל ענלעך צו אונזערער, איז אויסגעקומען, אַז איך האָב נאָך איבערהויפּט נישט געזען קיין עכט אידיש טעאַטער און איך בין שוין טאַקע נייגעריק געווען צו זען פישזאָנס גרויסע טרופּע.

## טעקס דערלויבט מיר צו שפּילן טעאַטער

גלייכצייטיק, ווען עס איז געקומען פישזאָן מיט זיין טרופע, איז אויך טעקס צוריקגעקומען פון זיין רייזע קיין כערסאָן.

עס איז מיר אָבער נישט באַשערט געווען צו זען די טרופע, ווייל טעקס האָט באַלד נאָך זיין צוריקקומען גענומען פּאַקן זיין באַגאַזש, איך האָב זיך געזעגנט מיט די ראָזנצווייגס און ווען בעטי האָט געהערט אַז איך פאָר אַוועק, האָט זי באַלד פאַרגעסן אָן איר פאַרדרוס צוליב מיין אויפטריט אויף איר פּלאַץ, און זי האָט זיך מיט מיר הארציק און וואַרים צעקושט און געזעגנט.

ווידער זיינען מיר געווען אין שטעט וואו טעקס האָט געמאַכט גוטע געשעפטן, ווידער האָט טעקס געפרואווט מיך איבעררעדן, אַז איך זאָל זיין די קאַסירשע און אָפנעמען בײַ זיינע געסט די האָנאָראַרן, ווידער האָט ער מיך געפּרואווט איבערצייגן, אַז ווען איך וואָלט געוואָלט שפּילן אַלס מעדיום, וואָלטן מיר געקאָנט שאַרן גאָלד מיט לאָפּאַטעס, אָבער זעענדיק מיין קאַטעגאָרישע קעגנערישע שטעלונג, האָט ער ווידער אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און געמורמלט, אַז פון מיר וועט שוין קיין לייט נישט זיין.

איינמאָל, האָב איך געפּרואווט מיט אים מאַכן אַ שמועס וועגן מיינע עלטערן; איך האָב אים דערציילט, אַז מיינע עלטערן מוטשען זיך ערגיץ מיט די קליינע קינדערלעך, מיינע ברידער און שוועסטער, און עס

קאָן זיין, אַז ווען ער זאָל זיך געוועז צוהערן צו מיינע רייד און ער זאָל געוועז וועלן העלפן מיט וואָס נישט איז, וואָלט ער בא מיר אַלץ געווען געקאָנט פועלן, אפילו אַז איך זאָל ווערן זיין מעדיום; אָבער אַבי ער האָט דערהערט עפּעס וואָס קאָן אויסגיין צו געלט, האָט ער זיך פאַר־שמאָפּט די אויערן און נישט געוואָלט ווייטער הערן... און ווייל איך האָב בלויז דערמאַנט מיינע עלטערן, האָט ער שוין גענומען אַכטונג געבן אַף די זאַכן אין שטוב, ער האָט איבערגעציילט און איבערגעקוקט יעדעס שטיקל צירונג, צי האָב איך כאַטש נישט אויסגעטוישט די שטיינער, כדי צו העלפן מיינע עלטערן אָן זיין וויסן...

איך האָב זיך אַ סך מאָל געביסן די פינגער, כדי צו פאַרטויבן דעם ווייטיק אין מיין האַרץ. צומאָל האָב איך געפילט ווי אַ נקמה און איך האָב צו זיך אַליין אויסגערופן: — גוט אַזוי, האָבן זיי מיך נישט געקערט פאַרזאָרגן מיט אַזאַ גרויס גליק!...

אין אַזאַ צושטאַנד פון האַרצווייטיק, האָב איך טעקסן באַגלייט אַף זיינע רייזעס ווי אַ געטרייע פרוי. איך האָב מער נישט געהייסן ציפּקום נאָר טעקס און איך האָב געוואוסט, אַז איך געהער טעקסן און אַז אים דאַרף איך באַגלייטן אַף אַלע זיינע וועגן.

אָבער טעקס האָט שוין דעמלט געמוזט אַנדערש טראַכטן; זעענדיק, אַז איך וויל אים נישט דינען אַלס קאַסירשע און נישט אַלס מעדיום, בין איך אים שוין אפשר געווען איבעריק און אגב האָב איך שוין אָנגעהויבן באַמערקן, אַז ער איז נישט גלייכגילטיק צו קיין שום פרוי מיט וועלכער ער באַגעגנט זיך.

ווען מיר זיינען געווען אין קיעוו, און דאָרט איז אויך אָנגעקומען פּישזאָנס גרויסע טרופּע און איך האָב ביי אים געזען צום ערשטן מאָל עפּעס אידיש טעאַטער, האָב איך זיך נאָך דער פאָרשטעלונג פאַרגעשטעלט פאַר פּישזאָנען און ער האָט זיך מיט מיר דערפרייט, אויסרופנדיק: — דאָס ביסטו די קליינע ציפּקום וואָס האָט געשפּילט שולמית? דו ווייסט, מיר זיינען דאָך שטיקלעך קרובים און עס וואָלט נישט געשאַדט, אַז דו זאָלסט אַריינטרעטן צו אונז אין טרופּע... ווען טעקס האָט דאָס געהערט, האָט ער צוגעשמייכלט און ווען איך האָב אַף אים געקוקט פרעגנדיק צי ער וואָלט טאַקע דערלויבט, האָט ער ווייטער געשמייכלט און געזאָגט: — אויב דו ווילסט דוקא...

און אפּצומאָרגנס האָט טעקס געזאָגט, אַז ער דאַרף פאָרן ווייטער און אויב איך וויל, דערלויבט ער מיר צו בלייבן מיט פּישזאָנען אין זיין טרופּע...

## פישזאָנס גרויסע טרופּע

זעענדיק אַ פאָרשטעלונג אין פישזאָנס טעאַטער, האָב איך געמוזט מודה זיין, אַז קעגן אונזער טעאַטער שפּילן איבער די שטעט און שטעטלעך, איז טאַקע פישזאָנס טעאַטער געווען עכט טעאַטער.

אין פישזאָנס טרופּע האָבן אַקטואירט אַזעלכע כחות ווי זאַנדבערג, (דער שפּעטערדיקער דירעקטאָר פון אידישן טעאַטער אין לאָדזש), קרויזע מיט זיין פרוי קרויזע-מילער, ארקאַ, ספּיוואַקאָווסקי, ריבאַלסקי, ליבערט, שפּיראָ, דער דיריזשאָר שליאָסבערג מיט זיין פרוי, די פאַמיליע פישזאָן, די שוועסטער זאַסלאַווסקי מיט איר מאַן סלוצקער און אַ גאָר גרויסער כאָר.

די פּרימאַדאָנע איז געווען וועראַ זאַסלאַווסקי און שליאָסבערגס פרוי סאָניאַ האָט זיך באַטייליקט אי כאָר און זי האָט אויך געזינגען סאָלאָס.

געהייסן האָט די טרופּע: — „רוסקי-נעמעצקי טעאַטער” און מען האָט געמוזט שפּילן דייטש און נאָך יעדער פאָרשטעלונג, האָט מען זיך געהאַט אָנצודערציילן אָן אַ שיעור קוריאָזן, וועגן דעם „דייטש” וואָס די אַקטיאָרן האָבן געהאַקט אַף דער בינע.

פישזאָן האָט מיך זייער מקרב געווען, אָבער וואָס פריינטלעכער ער איז געווען צו מיר, אַלס שאַרפער האָבן מיך געשטאָכן די קנאה-בליקן פון די אַקטריסעס און אַפילו פון די כאָריסטקעס, און איך האָב געפילט, אַז איך וועל זיך האָבן גענוג אויסצושטיין פון דעם ארום; פונדעסטוועגן, איז מיין בענקעניש צו שטיין אַף דער בינע און נאָך דערצו אין אַזאַ עכטן טעאַטער, געווען אַזוי גרויס, אַז איך האָב אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען וועגן פאַרבלייבן אין טרופּע.

פישזאָן האָט מיר פאָרגעלייגט אַריינצוטרעטן אין טרופּע אַלס אַקטריסע, אָבער איך האָב מורא געהאַט, איך האָב עס נישט געוואָגט, ערשטנס צוליב דעם, וואָס מען האָט געמוזט שפּילן אַף דייטש און איך האָב נישט געקענט קיין איין וואָרט דייטש און צווייטנס, האָב איך געוואוסט, אַז די אַנדערע אַקטריסעס וועלן מיר זיכער פּרואוון „אונטערשטעלן פיסלעך”, אַז איך זאָל מוזן האָבן אַ דורכפאַל און איך האָב בעסער געוואָלט אָנהויבן אין דעם גרויסן טעאַטער בא פישזאָנען — אַלס כאָריסטקע.

און כאָטש איך האָב שוין געהאַט אַזויפיל דערפאָלגן אַלס פּרימאַדאָנע, האָב איך עס געהאַלטן פאַר אַ גרויסן כבוד, וואָס פישזאָן האָט מיך אויפגענומען אין כאָר פון זיין גרויסן און עכטן טעאַטער און איך

קאָן זאָגן, אַז ביי אים האָב איך זיך ערשט אָנגעהויבן רייפן, סיי אַלס אַקטריסע און סיי אַלס זעלבסטשטענדיקער מענטש.

## טעקס פּאַראַדירט

עס קאָן זיין, אַז טעקס איז גאָר צופרידן געווען וואָס איך בין אַריין אין פּישזאָנס טרופּע בלויז אַלס כאָריסטקע. ער האָט מיך ליב געהאַט און וויפיל אויפמערקזאַמקייט ער האָט געשאָנקען אַנדערע פרויען, וואָלט ער מיך זיכער נישט געוואָלט פאַרלירן און עס האָט אים בעסער געלוינט, אַז איך זאָל נישט אַזוי שנעל ווערן צופיל זעלבסטשטענדיק.

אויב ער איז איבערהויפּט איינגעגאַנגען דערויף, אַז איך זאָל אַריינ־מרעטן אין פּישזאָנס טרופּע, איז עס געווען, ווייל טעקס האָט זייער ליב געהאַט טעאַטער און ערשטנס, האָט ער פון מיר נישט געהאַט קיין גרויסן נחת, ווייל איך האָב נישט געוואָלט אים דינען אַלס קאָסירשע און נישט אַלס מעדיום; צווייטנס, האָט עס אים געמוזט שטאַרק הנאה טאָן, וואָס ער פירט מיך יעדע נאַכט אין טעאַטער און ער קאָן זיצן אין טעאַטער און פּאַראַדירן מיט זיינע בריליאַנטן און גאָלדענעם שטעקן; און דריטנס, האָט עס אים געמוזט זיין געגוג באַקוועם, וואָס איך בין באַטאָג געווען בא פראָבן און ער האָט זיך געפילט אינדערהיים ווי א פרייער פויגל...

פּישזאָן האָט עטלעכע מאָל געפּרואווט מיך איבעררעדן, אַז איך זאָל נעמען א ראָל. מען האָט גראד רעפּעטירט א נייע פּיעסע מיטן נאָמען „מישקע־מאָשקע" און ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל שפּילן די כלה; אָבער מורא האָבנדיק פאַר דער נקמה פון די אַנדערע אַקטריסעס, האָב איך זיך פאַרענטפערט, אַז איך קאָן נאָך נישט קיין וואָרט דייטש און איך האָב מורא איינצושטעלן.

אין דער ווירקלעכקייט, האָב איך דוקא שוין אָנגעהויבן לערנען ראָלן אף דייטש.

קרוויזע האָט זיך געפילט זייער געשמייכלט וואָס איך נעם ביי אים לעקציעס; ער האָט געזאָגט, אַז ווען איך וועל אויסלערנען דייטש, וועל איך ווערן א גרויסע אַקטריסע, אָבער ער האָט מיך געלערנט די ראָלן אף דייטש נישט אף צו שפּילן ביי פּישזאָנען, נאָר צוליב גאַנץ אַנדערע אויסרעכענונגען.

## דער צוקער־פאַבריקאַנט בראָדסקי אינטערוועניערט

איינמאָל, בעת א גענעראַל־פּראָבע פון א פּיעסע וואָס מען האָט גע־זאָלט באַנאַכט אויפירן, איז אָנגעקומען פּישזאָן מיט א פּאַפּיר אין האַנט.

די האַנט האָט אים געציטערט און ער האָט פון דעם פּאַפּיר אַרויסגע־לייענט, אַז פעסטשטעלנדיק, אַז די טרופּע נאַרט אָפּ מיטן נאָמען „רוסקי־נעמעצקי" און זי שפּילט יעווריעיסקי־טעאַטער, ווערט אָפּגענומען די דערלויבעניש און מען טאָר מער נישט שפּילן.

דאָס איז געווען אַ שטאַרקער קלאַפּ פאַר דער טרופּע, ווייל די גע־שעפטן זיינען שוין נישט געווען אַזעלכע גוטע, די הוצאות זיינען געווען גרויסע און מען האָט געהאָפט אַז די נייע פּיעסע וועט אויפלעבן די גע־שעפטן און דאָ נאָדיר גאָר אַ פאַרבאָט...

איז פּישזאָן אַוועקגעלאָפן זיך מיען, ער האָט געפּרואווט דערלאַנגען „אין יד אַריין", עס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז געווען אַ מסירה און עס האָט גאָרנישט געהאָלפן.

פּישזאָן האָט זיך נישט אַזוי לייכט אונטערגעגעבן; ער איז אַוועקגע־לאָפן צום באַרימטן צוקער־פאַבריקאַנט בראָדסקי און ער האָט געפּויעלט, אַז בראָדסקי זאָל גיין אינטערווענירן לטובת דעם „רוסקי־נעמעצקי", וואָס איז אייגנטלעך געווען דאָס אידישע טעאַטער און בראָדסקי איז גע־גאַנגען און אינטערווענירט ביז צו די גאָר הויכע פענסטער, אָבער עס האָט גאָרנישט געהאָלפן, מען האָט נישט געטאָרט שפּילן.

דערווייל, האָט זיך שוין קרויזע געהאַט איבערגעשריבן מיט קאָמ־פּאַניעצן, וואָס האָט דעמאָלט אַקטואירט מיט זיין טרופּע אין פּרילוק און קרויזע, זאַנדבערג, שפּיראָ און ליבערט האָבן מיך איבערגערעדט, אַז איך זאָל פאָרן מיט זיי, וועל איך קאָנען זיין די פּרימאַדאָנע פון דער טרופּע. און אַזוי ווי טעקס האָט שוין אויך געוואָלט פאַרלאָזן קיעוו, בין איך איינגעגאַנגען און מיר זיינען געפאָרן קיין פּרילוק.

## מען נעמט מיך אַרויס פון כאָר

קומענדיק צו קאָמפּאַניעיעצן קיין פּרילוק, האָב איך פונדעסטוועגן נאָך אַלץ מורא געהאַט אויפצוטרעטן אין אַ ראָל. אויך דאָרט האָב איך געזונגען די קנאה־בליקן, און כאָטש קאָמפּאַניעיעץ האָט מיך אויפגענומען זייער וואַרים און געזאָגט, אַז ער קען זייער גוט מיינע טאַטע־מאַמע און, אַז ער וועט זען עס זאָל מיר גוט זיין ביי אים, האָב איך פונדעסטוועגן נישט געוואָלט אַנדערש, ווי פאַרבלייבן אין כאָר.

קאָמפּאַניעיעץ האָט אויך אָנגעפירט מיט אַ גרויסן טעאַטער, ענלעך צו פּישזאָנס טעאַטער; אויך ער האָט זיינע דערלויבענישן באַקומען אַלס דייטשע אַרטיסטן־קאָמפּאַניע און קאָמפּאַניעיעץ איז געוואָרן אַ גרויסער אויפטוער, ער האָט באַקומען די גרעסטע און בעסטע טעאַטערס און

אין זיין טרופּע האָבן אַקטואירט גרויסע, אנרעקענטע קינסטלער און איז געקומען אַ גוטער אַקטיאָר, האָט ער אים באַלד אַריינגענומען אין טרו־פּע. אין זיין טרופּע זיינען געווען קאָוואַלסקי, קאָמפּאַניעיעצעס שוועס־טער, די גאָטליב איז געווען די פּרימאַדאָנע פון טרופּע און אונזער ווייס־מאַן, הערש־לייב ווייסמאַן האָט שוין געהאַט אַ ווייב, דאָס איז געווען די אַקטריסע יערמאָלינא און זיי זיינען ביידע געווען אין טרופּע, ביניעץ איז געווען דער דיריזשאָר און יעדער ספּעקטאַקל פון דער גרויסער טרופּע איז געווען אַ געשעעניש.

קרויזע מיט זיין פרוי קרויזע־מילער, זיינען געווען צו מיר ווי גע־טרייע שוועסטער און ברודער; קרויזע האָט מיך ווייטער געלערנט ראָלן אין דייטש און קענענדיק שוין די פּרימאַדאָנע־ראָלן „שולמית", „קאַראַלי־נע", „שרה־שיינדל" און „שלומיסל" פון אשה־רע", האָב איך נאָך אַלץ זיך באַטייליקט בלויז אין כאָר.

אָבער ענדלעך איז געקומען דער מאָמענט, ווען מען האָט מיר אויך געגעבן און איך האָב געוואַגט אָנצונעמען דאָס ראָלעכל „באבקעלעך" פון „באָבע יאכנע".

די גאָטליב האָט געשפּילט „מירעלע" און איך האָב געזונגען די „באבקעלעך" און געמוזט זינגען אַף בים און באַ דער שלום־סצענע פון מארק, איז אין זאַל אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל, עס האָט זיך אַרויסגע־וויזן, אַז דאָרט זיינען געווען מענטשן וואָס האָבן מיך שוין געהאַט געזען אַלס מירעלע, און זיי האָבן געפאָדערט, אַז איך זאָל שפּילן מירעלע... דער עולם האָט מיך דערנאָך אָפּגעוואַרט באַם אַרויסגאַנג פון טעאַטער און מען האָט מיר אַף דער גאַס געמאַכט אָוואַציעס און... די געשעעניש האָט מיך ווידער געגעבן אַ שטויס אַף צוריק און איך בין ווידער פאַר־בליבן אין כאָר...

פונדעסטוועגן, האָט דער פּראָטעסט פון עולם געווירקט, און די גע־שעפט־פירער האָבן זיך באראַטן און מען האָט מיך אַרויסגענומען פון כאָר און גענומען מיך צוגרייטן צום אויפטריט אַלס „שלומיסל" אין „אשה־רע" און איך האָב אין דער ראָל געהאַט אַזאַ גרויסן דערפאָלג, אַז די גאַנצע טרופּע האָט מיטאַמאָל באַקומען דרך־ארץ פאַר מיר און דע־מלט האָב איך צום ערשטן מאָל דורכגעפילט דעם גענוס פון זיין אַ זעלבסטשטענדיקע קינסטלערן.

## מיר פאָרן קיין לאָדזש

ווידער האָבן זיך צוליב אַ מסירה אָנגעהויבן שוועריקייטן, מען האָט

געמוזט פאָרן ווייטער און עס האָבן זיך אָנגעהויבן שלעכטע טעג.

טעקס איז געפאָרן אין די זעלבע שטעט וואו מיר און עס האָט אים געמוזט נישט ווייניק הנאה טאָן, זעענדיק ווי איך צי אַלעמענעס אויפ־מערקזאַמקייט סיי אַלס קינסטלערן ווי אַלס שיינע יונגע פרוי, אָבער איך בין זיין אייגנטום, איך בין זיין פרוי און צו יעדער צייט, ווען ער זאָל נאָר וועלן, קאָן ער מיך אַרויסנעמען פון טרופּע און האַלטן בא זיך, אין זיין מיסטעריעזער שטוב פון כיראָמאַנטישע סודות.

אין ליבאַווע האָבן מיר גענומען שטודירן „בר־ככבא" און איך בין מיט די פּראָבן אַלס „דינעלע" געווען אַזוי גליקלעך, אַז איך האָב אַזש אויפגעהערט פילן די שווערע אַטמאָספערע בא טעקסן אין שטוב.

די ראָל „דינעלע", איז שוין לאַנג, לאַנג געווען מיין גרעסטער חלום און איך האָב ממש געשוועבט אין זיבעטן הימל, בעת איך האָב איינגע־לערנט די געטלעכע געזאַנגען; און פילנדיק כסדר, אַז טעקס האָט אַ רעכט און ער קאָן מיר יעדע מינוט צעשטערן דאָס דאָזיקע גליק, בין איך אים געווען דאַנקבאַר אָן אַ גרעניץ, פאַר זיין גוטסקייט, וואָס ער צעשטערט עס מיר נישט...

אָבער די אויפירונג פון „בר־ככבא" איז געווען זייער קאַטשטשפיליק; קאָמפּאַניעיעץ האָט די וואונדערלעכע פיעסע אויפגעפירט מיטן גאַנצן שוואונג און די הוצאות האָבן ווייט איבערגעשטיגן די הכנסות און די געשעפטן זיינען געגאַנגען שלעכטע אין מען האָט געמוזט ווייטער פאָרן. די טרופּע האָט זיך אָנגעהויבן ברעקלען און דערווייל האָט קרויזע באַקו־מען אַ בריוו פון זאַנדבערגן וועלכער איז שוין פריער געהאַט אַוועקגע־פאָרן קיין לאָדזש און די גאַנצע טרופּע האָט זיך גענומען גרייטן אין וועג אַריין קיין לאָדזש.

דער וועג איז געווען ווייט, די הוצאות גרויסע, האָבן מיר זיך אָפּגע־שטעלט אין שטעט און שטעטלעך. אפן וועג האָט זיך צו אונזער טרופּע אָנגעשלאָסן דער אַרטיסט נאַטאַן און פאָרנדיק און שפּילנדיק איבער שטעט און שטעטלעך, זיינען מיר ענדלעך אָנגעקומען קיין לאָדזש.

אין לאָדזש האָט דעמאָלט געשפּילט יוליוס אַדלער און גאַרטעלעוויטש מיט זיין פרוי וועלכע זיינען געווען מיט אַדלערן, האָבן זיך זייער דער־פרייט מיט מיר, ווייל זיי האָבן אַקטואירט מיט מיינע טאַטע־מאַמע אף די שווערע וואַנדערונגען צוזאַמען מיט מיר, ווען איך בין נאָך געווען אַ קינד.

קאָמפּאַניעיעץ מיט קרויזען האָבן זיך שנעל גענומען צו דער אַרבעט און נאָך אַ קורצער צייט בין איך אויפגעטראָטן אַלס פּרימאַדאָנע אין דעם

גרויסן „אַלעקסאַנדער קרוין-פּרינץ-טעאַטער" מיט ריבאַלסקין אַלס פּאַרטנער.

און אין דער זעלבער צייט ווען איך בין יעדע נאַכט געווען גליקלעך, אַהיימקומענדיק פון טעאַטער אַ באַהאָנגענע מיט בלומען-קרענץ, איז אויך טעקס געווען אין זיבעטן הימל — ציילנדיק דאָס געלט וואָס איז אים אַריינגעפאַלן אין משך פון טאָג פון זיינע כיראָמאַנטישע סעאַנסן.

אין לאָדזש האָב איך דעמלט געהאַט מיינע ערשטע גרויסע דערפאָל-גן אַלס קינסטלערן, אָבער איך האָב נישט געקאָנט דורכפילן דעם גאַנצן תענוג פון מיינע דערפאָלגן, ווייל איך האָב געפילט, אַז איבער מיר הענגט די געפאַר, אַז אַ ליאדע טאָג זאָל מען מיך אָוועקרייסן פון מיין גליק; איך האָב איבער זיך געפילט די דראָאונג פון אַ הערשענדע מאַכט און די מאַכט איז געווען מיין מאַן און געביטער — מאַרקוס טעקס.

# דרייצנטער קאַפּיטל:

פרייד און לייד אַף וואַנדער־וועגן — קרויזע און קרויזע־מילער — „חברה, דאַבערט מיט אַ פּאַסעדן..." — מיין אייגענע „דייטשע" איבערזעצונג — דיריזשאָר מאַלינאַ — צווישן כיראַמאַנטיע און קינסטלערישן היפּנאָז — מיר פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל — צום ערשטן מאָל איבערן ים — אין קאַמאַרין פון סאַראַ בערנאַרד — עס רוקט אָן אַ כמאַרע נאָך אַ כמאַרע — איך וויל זיך גטן מיט טעקסן — מיר פּראַווען אַ חתונה און מיר פאָרן קיין רומעניע — אַ קינד דאַרף קומען אַף דער וועלט — אַדעס־וואַרשע־ליבאַווע — ווייען אַף דער בינע — צילי ווערט געבוירן.

## פרייד און לייד אַף וואַנדער־וועגן

נאָך מיין אויפטריט אין „אַלעקסאַנדער קרוין־פּרינץ־טעאַטער" אין לאָדזש, מיט ריבאַלסקין אַלס פּאַרטנער, בין איך ערשט געוואָרן די אנער־קענטע פּרימאַדאָנע־שוישפּילערן; און ווייל דאָס איז געווען אין אַ טרופּע פון פרעמדע טעאַטער־אונטערנעמער און נישט ביי טאַטע־מאַמע און אפילו נישט בא פּישזאָנען, וואָס האָט זיך אויך געהאַלטן פאַר אַ קרוב, האָב איך זיך געפילט געהויבענער, ווייל איך האָב געוואוסט, אַז יעדע דערגרייכונג מיינע, איז מיינע, איך האָב זיך געפילט דערהויבן פון מיין באַוואוסטזיין, אַז איך אַליין בין עפּעס און, אַז מיינע דערגרייכונגען זיינען נישט קיין פּראָטעזשירטע.

די זעלבע אַקטיאָרן און אַקטריסעס וואָס האָבן מיך פריער געזוכט צו טרעפן מיט זייערע שטעך־ווערטלעך, האָבן אָנגעהויבן זוכן מיין פריינטשאַפט און ווער שמועסט די כאָריסטקעס, זיי האָבן מיר פּשוט אָנגעהויבן קריכן אונטער די נעגל און אַלע האָבן מיך געשמייכלט און געהויבן ביזן הימל.

נאָר מיט איין זאַך האָט מען מיך נישט אויפגעהערט קיבעצן, דאָס איז געווען וועגן טעקסן. טייל האָבן אָפן געחוזקט, וואָס טעקס ברענגט מיך אין טעאַטער און וואַרט מיך אָפּ נאָך דער פאָרשטעלונג אַף אָפּצו־פירן אַהיים, אַזוי־ווי איך וואָלט געווען זיינס אַ זאַך; אַנדערע האָבן מיך אפילו געפּרואווט אָנציען, אַז איך דאַרף זיך באַפרייען פון דעם „שומר", אָבער איך האָב גאַנץ פעסט דערקלערט, אַז דאָס פאַרלאַנג איך, אַז ער זאָל מיך באַגלייטן און איך האָב די אַלע אָנצוהערענישן, וואָס זיינען מיר

געמאַכט געוואָרן אף צוכלומרשט, נאָר געמיינט האָט מען זיי גאַנץ ערנסט — צוריקגעוויזן און דאָס האָט איינגעשטעלט אַ דיסטאַנץ פון אַכטונג צווישן מיר און די אַקטיאָרן, וואָס האָבן זיך געשאַרט אַרום מיר.

לאַנג האָבן מיר אין דעם גרויסן טעאַטער נישט געשפּילט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די גרויסע הוצאות שלינגען איין די הכנסות און אַז די „חלה גייט אַריין אין דער המוציא” און פּאָרויסזעענדיק אַ צוזאַמענברוך פון דער טרופּע, האָט קרויזע אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט אַ טייל פון אונז און האַבנדיק מיך, זשעלאַזאָן, שאַפּיראָן, גאַרטעלעוויטשן מיט דער פרוי מיט זיין פרוי קרויזע-מילער, האָט ער זיך אָפּגעטיילט פון קאָמפּאַניעיצן, און מיר זיינען אַרויסגעפאָרן אף אַ טור איבער שטעטלעך אַרום לאָדזש.

איך האָב שוין דערמאַנט, אַז קרויזע מיט זיין פרוי זיינען מיר געווען ווי געטרייע ברודער און שוועסטער און איך האָב זיי זייער ליב געהאַט; אגב האָב איך געפילט צו קרויזען אַן אויסערגעוויינלעכע דאַנקבאַרקייט, ווייל דאָס איז ער דאָך געווען וואָס האָט מיך געלערנט ראָלן אף דייטש און דערמיט מיך געשטויסן צו די אַרטיסטישע מעגלעכקייטן און איך האָב זיך מיט זיי אַזוי גוט געפילט, אַז איך בין גרייט געווען מיט זיי צו פאָרן אפילו ביז עק וועלט.

און עס האָבן זיך טאַקע אָנגעהויבן וואַנדערונגען. אונזער טרופּע איז געווען אַ קליינע און מיר האָבן געשפּילט אין שטעט און שטעטלעך און געמאַכט גאַנץ גוטע געשעפטן. אָבער קרויזעס אַמביציעס זיינען געווען זיך צו פאַרמעסטן אף גרוים און קומענדיק קיין יעליסאַוועטגראַד, האָט קרויזע אַנגאַזשירט מאַיערסאָנען אַלס רעזשיסאָר. דאָרט זיינען אויך אַריינגעטראָטן אין אונזער טרופּע וויסמאַן מיט דער יערמעלינא, קושצשינסקי מיט זיין כלה מייטיס און נ. דראַנאָוו און מיר האָבן שוין אויך געהאַט אַ גרויסע טרופּע און עס האָט אָנגעהויבן גיין שלעכט און ווידער האָט מען זיך פאַראייניקט מיט קאָמפּאַניעיצן און מיר פאָרן צוזאַמען... און כאָטש אַ גרויסע טרופּע, דערמאַנען זיך מיר פונדעסטוועגן די אַמאָליקע וואַנדערונגען מיט מיינע טאַטע-מאַמע, און איך זע, אַז כאָטש איך בין שוין איצט אַן אָנערקענטע פרימאַדאָנע און איך שפּיל עכט טעאַטער, פונדעסטוועגן מוזן מיר זיך גענוג מוטשען אף די וואַנדערוועגן; איין רובל זעט נישט דעם צווייטן, און קרויזע מיט קאָמפּאַניעיצן מוזן זיך פונקט אַזוי מוטשען ווי מיין טאַטע, ווען ער האָט באַדאַרפט אף הוצאות צו פאָרן פון איין שטעטל אין אַנדערן און איך האָב געזען, אַז דאָ מוז מען זיך נאָך מער מוטשען, ווייל דאָ דאַרף מען זאָרגן פאַר אַ גרויסע טרופּע און מען קאָן נישט פאָרן אין די גאָר קליינע שטעטלעך

אַזוי ווי מיינע עלטערן. אין טרופּע זיינען גאַנץ אָפט פאָרגעקומען בונטן פון אומצופרידענע מיטגלידער, אָבער אַלעמאָל, ווען די נויט איז שוין געוואָרן גאָר דראַענדיק, איז פּלוצלינג געקומען אַ גרויסער מאַטע־ריעלער דערפאָלג, וואָס האָט ווידער אַלעמען אויפגעלעבט און דער מאַטעריעלער דערפאָלג איז אַלעמאָל געווען באַגלייט אויך פון אַ מאָ־ראַלישן און קינסטלערישן דערפאָלג און דאָס האָט אונז, אָרימע וואַנדער־קינסטלער, שוין גאָר דערהויבן און מיר האָבן שנעל פאַרגעסן אַלע ליידן; מיר האָבן געבויט פּלענער וועגן ווייטערדיקע נסיעות און איין טאָג פרייד האָט אונז געגעבן כח אַריבערצוטראָגן נייע טעג און וואָכן פון שווערע ליידן.

## „חברה, דבר׳ט מיט אַ פּאַסעך!...“

די שלעכטע געשעפטן באַם טעאַטער, האָבן טעקסן מער אָפּגעשראָקן, ווי די מורא, אַז אַקטיאָרן וועלן מיך אָפּריידן פון אים. און ווען אים איז אויסגעקומען צו זיין אין לאָדזש אָן מיר, האָט ער באַ מיר צוגענומען די צירונג, כדי איך זאָל עס נישט „פאַרטאַכלעווען“ פאַרן טעאַטער.

טעקס האָט שוין גוט איינגעזען, אַז ער וועט נישט זיין בכח מיך אַוועקצורייסן צוריק פון דער בינע. ער האָט געוואוסט, אַז גיכער וועל איך יעדע מינוט זיין גרייט אים צו פאַרלאָזן, איידער דאָס טע־אַטער. ער האָט דעריבער געמאַכט אַ שיינע מינע צום בייזן שפּיל און ער האָט מיר דערלויבט צו שפּילן, נאָר וואָס דען? — ער האָט געהיטן די ווערט־זאַכן און אַכטונג געגעבן, אַז איך זאָל נישט קענען רעאַליזירן מיינע גוטע וואונטשן צו העלפן דער טרופּע אין אַ מאָמענט פון נויט.

דאָס צונעמען ביי מיר די שמוק־זאַכן בעת איך בין געבליבן אַליין, האָט געגעבן אַ געלעגנהייט, אַז מאַנכע פון מיינע פאַרערער צווישן די אַרטיסטן זאָלן וואַגן צו ריידן קעגן אים און זיי האָבן מיר אויפגעוויזן ווי מיאוס ער האַנדלט קעגן מיר.

מיר האָבן געוואַנדערט איבער שטעט ביז מיר זיינען אָנגעקו־מען קיין ווילנע און דאָרט איז אונזער טרופּע געווען אַזוי פאַראָרימט, אַז מען האָט געמוזט דינגען ביליקערע קוואַרטירן און מיר איז אויסגע־קומען צו וואוינען צוזאַמען מיט סלוצקערן און זיין פרוי פאַני.

די סלוצקערס האָבן צו מיר אַרויסגעוויזן נישט ווייניקער ליבע און פריינטשאַפט ווי קרוזע מיט זיין פרוי און איך האָב זיי אויך זייער ליב געהאַט.

אין ווילנע האָבן מיר געשפּילט אין גרויסן צירק־טעאַטער, פאַרשטייט

זיך, אַז די טרופּע רופֿט זיך „רוסקי־נעמעצקי", אָבער מיר שפּילן אידיש. און איינמאָל, בעת ספּיוואַקאָווסקי איז געווען אין ווילנע און ער זיצט מיט עטלעכע פֿריינט אין אַ לאָזשע, מיר האָבן דעמלט געשפּילט „קונע־לעמלס" און איך בין אױף דער בינע אַלס קאַראָלינאַ און איך דאַרף אָנ־הויבן ריידן, דערהער איך פּלוצלינג עמיצנס קול פֿון הינטער די קוליסן: — „חברה, דאַבערט מיט אַ פּאַסעך!..."

איך האָב אפילו באַלד פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מיינט אַ וואָרענונג, אַז אַ פּריסטאַוו איז געקומען און מען דאַרף ריידן דייטש, אָבער פֿון שרעק און צעטומלטקייט. האָב איך פֿאַרגעסן ווי אַזוי קרויזע האָט אַמאָל גע־האַט מיט מיר איינגעשטודירט די ראָל אױף דייטש, און איך האָב אָנגע־הויבן ריידן מיין אייגענעם דייטש איבערזעצנדיק די ווערטער: — „וואַרט מאַקס, די כצענע ועט דיך טייער קאָסטן", האָב איך געזאָגט — „וואַרטע מאַקס, דיזע סצינע ווירד דיך טויער קאָסטן"...

ווען איך האָב אַרויסגעזאָגט די ווערטער, האָט זיך פּלוצלינג דער־הערט אַ טראַסק, ספּיוואַקאָווסקי איז אין לאָזשע אַראָפּגעפֿאַלן פֿון בענ־קל, קאַטשענדיק זיך פֿון געלעכטער. עס האָט געדויערט אַ היבשע ווילע ביז דער טומל האָט זיך איינגעשטילט און דערוויל האָט מען דאָס „קנעפּל" אַרויסגענאַרט פֿון טעאַטער צום בופֿעט, און מיר האָבן פֿאַר־געזעצט די פֿאָרשטעלונג.

## דיריזשאָר מאַלינאַ

איך בין דאָ, נישט לאַנג צוריק, געווען אין אַ קינאָ און געזען אַ פֿילם וואָס האָט געוויזן ווי אַזוי אַן אַוויאָן מאַכט דורך אַ ווייטע רייזע, ווי ער שניידט דורך וואָלקן און שטורם און פֿליט לויט די אָנצייכענונגען פֿון אַ מאַפּע איבער גרויסע שטעט און לענדער און אױף דער מאַפּע באַ־וועגן זיך שטורם און וואָלקן און מען זעט גאַרנישט מער, ווי די אָנגע־צייכנטע נעמען פֿון די גרויסע שטעט, צו וועלכע דער אַוויאָן קומט צו און פֿליט זיי פֿאַרביי, כדי צו קומען צו אַנדערע שטעט.

ווען איך האָב געזען דעם פֿילם, האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיינע וואַנדערונגען אַלס ערשט געוואָרענע פּרימאַדאָנע.

אמת, קיין אַוויאָנען זיינען דעמלט נאָך נישט געווען, און געוואַנדערט האָבן מיר מיט באַנען און פֿורן, אָבער נישט ווייניק וואָלקנס און שטור־מען האָבן מיר געמוזט דורכקרייצן אױף אונזערע שווערע וועגן, און וואָס איך קאָן זיך פֿון יענער צייט דערמאָנען, זיינען נאָר שטעט און שטעט און דערמאָנענדיק זיך אָן יענער צייט, שוועבט איך ווי יענער אַוויאָן

דורך די וואָלקנס און איך זע ווילנע, מינסק, יעליסאַוועטגראַד, סימפע־ראָפּאָל, וואַרשע און ווידער ווילנע און שוועבנדיק מיטן געדאַנק פון שטאָט צו שטאָט, פיל איך נאָך היינט ווי ווינטן נעמען דורך מיינע גלי־דער און רעגנס שמייסן מיך איבערן פנים; נאָר אָט קומט ווידער אַ שטאָט און אָט באַווייזט זיך אַ טעאַטער און אָט שטיי איך אויף דער בינע, איך שפיל מיין ראָל און איך שוועב אין ליכטיקע הימלען און פלוצלינג — אַ דונער פון אַפּלאָדיסמענטן און איך ווער פאַרשיכורט, איך פאַרנויג זיך און איך פיל נישט אַז איך פאַרנויג זיך, איך בין דעמלט בלויז נשמה, בלויז גייסט און דער קערפּער פאָלגט אומבאַוואוסטזיניק אויס דעם גייסט און ער בויגט זיך און דאָס פּנים שמייכלט און פאַרשוואונדן זיינען ווינט און רעגן, אויפגעלייזט און אויסגעלייזט זיינען ליידן און פּיין, איך שוועב אין ליכטיקע הימלען און איך בין גליקלעך.

און אין די שטורעם און וואָלקן־טעג פון מיין אַמאָל, זע איך נישט בלויז שטעט, נאָר אויך נעמען פון מענטשן און פון די נעמען שיילן זיך אַרויס די מענטשן גופא און איך זע די מענטשן, וואָס זיינען פאַר מיר געווען די זונען, וואָס האָבן באַלויכטן מיינע וועגן.

אָט זע איך דעם דיריזשאָר **מאַלינאַ**, וואָס האָט מיט זיין שטעקעלע באַוויזן אַרויסצוכישופן פון מיר אַזעלכע טענער און קלאַנגען, וואָס האָבן מיך אַליין באַרוישט און זיי האָבן אַרויסגערופן באַגייסטערונג בײַם פּוב־ליקום און די פרייד וואָס האָט דערנאָך אַרויסגעשטראַלט פון דיריזשאָרס אויגן, האָט מיך דערקוויקט און דערהויבן און עס האָט זיך מיר נאָר גע־וואָלט וואַרפן אין זיינע אָרעמס און וויינען, וויינען פון גליקזעליקייט...

מיר זיינען דעמלט געפאָרן אויף אַ טורנע פון מינסק ביז לאָדזש.

מיר האָבן געוואַנדערט מיט באַן און פורן איבער שטעט און שטעט־לעך און חוץ מיינע דערפאָלגן אויף דער בינע, איז מאַלינאַ געווען די זון, וואָס האָט מיך געוואַרעמט און דערהויבן גייסטיק אַלס קינסטלערן און מיר פאַרזיסט די ביטערע ליידן, וואָס עס איז מיר אויסגעקומען איבער־צולעבן אויף די נסיעות און אין מיין היים, בײַ מיין מאַן, מאַרקוס טעקס.

דער דיריזשאָר מאַלינאַ, כאָטש ער איז שוין געווען אין די מיטעלע יאָרן, האָט אין מיר ווידער אויפגעוועקט דאָס געפיל וואָס איך האָב גע־האַט צו באָריסן, דעם פּראָוויזאָר פון טאָלטשין.

וואָלט מאַלינאַ נישט געווען געהאַט קיין פרוי, קאָן זיין, אַז מיין געפיל צו אים וואָלט זיך געווען צעפלאַקערט אין אַן ערדישער ליבע; אָבער מאַלינאַ האָט געהאַט אַ קריסטלעכע פרוי, וואָס האָט אים אַזוי געטריי באַגלייט אויף זיינע שווערע וועגן פון אידיש טעאַטער און ער האָט זי אַזוי שטאַרק ליב געהאַט, אַז מיין געפיל צו אים האָט נישט געקאָנט

אַרויס פון די ראַמען פון זעלטענער גייסטיקער פּריינטשאַפט.

ווען איך בין געווען אַף דער בינע און מאַלינאַס בליקן האָבן אַף מיר געררוט, און זיין שטעקעלע האָט פון מיר אַרויסגעכשופט קלאַנגען, האָב איך געפילט אַזאַ מין אומענדלעך גליק, אַז דאָס אַהיימקומען צוריק צו טעקסן אין שטוב, האָט אַף מיר געווירקט, ווי איך וואָלט געקומען פון אַ גן־עדן אין אַ גהינום אַריין.

זייענדיק אינדערהיים, צווישן די „קמיעות", קאָרטן, געמעלדעס פון האַנט־פלאַכן מיט אָדערן און שטריכן און דעם טויטן־קאָפּ וואָס „נוצט פאַר געשעפט", האָב איך געבענקט און דאָס האַרץ האָט אין מיר גע־ווינט און באַוויינט מיין יונג לעבן און מיט ציטער און בענקשאַפט, האָב איך געציילט די מינוטן און שעהן, ווען איך וועל שוין ווידער קענען אַרויס פון דער דאָזיקער שטוב און גיין אין טעאַטער, אַף דער בינע און ווידער שטיין אונטער דעם גייסטיקן היפּנאָז פון מאַלינאַס שטעקעלע און פילן אַף זיך זיינע פרייד־אויסשטראַלנדיקע בליקן.

## מיר פאָרן קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל

אין דערזעלבער צייט האָט גראַד געטראָפן, אַז עפּעס אַ כיראָמאַנט האָט אין עטלעכע שטעט באַשווינדלט זיינע לייכט־גלויביקע קליענטן. פּאָליציי האָט אַרויסגעלאָזן שטעק־בריוו אים צו פאַרהאַלטן און דערווייל, האָט מען מער נישט געוואָלט אַרויסגעבן קיין דערלויבעניש אַף כיראָ־מאַנטישע סעאַנסן.

דאָס איז געווען אין סימפעראָפּאָל.

אונזערע טעאַטער־געשעפטן זיינען אויך אַוועק שלעכט; עס איז גע־ווען די רוסיש־יאַפּאַנישע מלחמה, און אַ סך אידן זיינען אַנטלאָפן פון רוסלאַנד, און נאַטשאַלסטוואָ האָט אַרויפגעלייגט גרויסע שטראָפן אַף די פאַמיליאַנטן פון אַנטלאָפענע און עס איז קיינעם נישט געלעגן אינזינען צו גיין אין טעאַטער. מיט אונז האָט עס ווידער געהאַלטן זייער שלעכט.

איז אָבער קרויזע געווען אַ מענטש, וואָס האָט זיך נישט געשראָקן און נישט אָפּגעשטעלט זיין שטרעבן פאַר אויפהאַלטן די טרופּע, האָט ער זיך פאַרשטענדיקט מיט אַ געוויסן קאָרנבליט פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און געשלאָסן מיט אים אַ קאָנטראַקט. עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט קאָרנבליט צוגעשיקט געלט אַף הוצאות און די גאַנצע טרופּע האָט זיך געגרייט צו דעם וויטן וועג קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

טעקס האָט זיך פונדעסטוועגן נישט געוואָלט אונטערגעבן, ער האָט באַוויזן ווי ער האָט אַמאָל געזאָגט, אַז „ווען ער נעמט אונטער אַ זאַך,

מוז ער אויספירן", האָט ער נישט גערוט, ער האָט אָנגעשפּאַרט צו די גרעסטע פּערזענלעכקייטן און ער האָט געטענהט, אַז צוליב איין זשוליק, מאָר מען נישט אונטערדריקן אַזאַ ווויסנשאַפטלעכע אַרבעט מיט וועלכער ער גיט זיך אָפּ, און ענדלעך, פּונקט דעמלט ווען מיר האָבן שוין באַדאַרפט אַרויספאָרן, האָט ער באַקומען די דערלויבעניש. נישט וועלנדיק שענקען דאָס געלט וואָס ער קאָן פאַרדינען אין סימפעראָפּאָל, איז ער געבליבן אפן פּלאַץ און מיר האָבן זיך געלאָזן אָף דעם ווייטן וועג קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

## צום ערשטן מאָל איבערן ים

דאָס איז געווען נישט בלויז מיין ערשטע רייזע איבערן ים, נאָר אויך מיין ערשטע רייזע אַלס זעלבסטשטענדיקע פּערזאָן און אַלס זעלבסטשטענדיקע קינסטלערן.

שיידנדיק זיך מיט טאַטע-מאַמע, בין איך כסדר געווען אונטער דער מאַכט און אויפזיכט פון מיין מאַן, מאַרקוס טעקס; און וויפיל איך האָב אַלץ נישט דערגרייכט קינסטלערישע זעלבסטשטענדיקייט, האָב איך כסדר איבער זיך געפילט די מורא, אַז אָט אָט, וועט מיין מאַן און געבימער מיך אָפּרייסן פון דער בינע.

איצט בין איך געווען אַליין. פריי, ווי אַ פרייער פויגל. און האָבנדיק אַרום זיך די פריינשאַפט פון דער גאַנצער טרופּע און די גייסטיקע ליבע פון מאַלינאַן, בין איך געווען גליקלעך.

די רייזע פון סימפעראָפּאָל קיין אָדעס, האָבן מיר דורכגעמאַכט מיט דער באַן און אין אָדעס, האָב איך אפילו נישט געהאַט קיין געלעגנהייט און צייט צו באַזוכן מיין באַבען, ווייל מען האָט באַלד באַדאַרפט אַרויף אָף דער שיף און לאָזן זיך אפן ווייטערדיקן וועג.

דער וועג איז פאַר אונז אַלעמען געווען אַ נחת. געלט האָט מען אונז געהאַט צוגעשיקט גענוג, האָט אונז אפן וועג גאָרנישט געפעלט, איז מאַקע געווען פריילעך און די געמיטער זיינען געווען געהויבן און פון וואווילטאָג, האָבן זיך אַקטיאָרן צו מיר גענומען טשעפּען, זיי האָבן פּלוצלינג באַקומען „פרייע הענט", וויסנדיק, אַז טעקס איז נישטאָ אַלס שומר... זיי האָבן גוט געוואוסט מיין אומצופרידנקייט מיט טעקסן און זיי האָבן די אומצופרידנקייט נאָך געזוכט אונטערצוהייצן, גלויבנדיק, אַז מיט דעם וועלן זיי מיך גיכער געווינען.

און ווייל איך האָב מער ליב געהאַט צו פאַרברענגען אין געזעלשאַפט פון מאַלינאַן ווי מיט די אַנדערע חברים, האָבן די חברים געהאַט אַ גע-

לעגנהייט צו מורמלען און רכילותן, אַז די באַציאונגען צווישן מיר מיט מאַלינאַן זיינען ווייט נישט קיין גלייכגילטיקע. אָבער איך האָב מאַלינאַן אַזוי פאַרערט, אַז איך האָב זיך נישט געצייילט מיט די רכילות און גע־בליבן מיט אים אין די זעלבע האַרציקע באַציאונגען, אָנהאַלטנדיק דעם דיסטאַנץ, אין די ראַמען פון גייסטיקער ליבע.

צום ערשטן מאָל בין איך געפאָרן איבערן ים אַלס קינסטלערן און דאָס האָרץ האָט אין מיר געציטערט, אַז איך זאָל נאָר ׳אין דעם נייעם לאַנד האָבן אַ דערפאָלג און צום ערשטן מאָל בין איך געפאָרן אַליין, אַלס פרייער מענטש. דערמאָנענדיק זיך אָן די אומהיימלעכע טעג און נעכט אין טעקסנם כיראָמאַנטישער שטוב, האָט זיך אין מיר געצאַפּלט אַ מורא, אַז איך זאָל ווידער נישט פאַרלירן מיין פרייהייט און מוזן זיך אומקערן אין דער דאָזיקער אומהיימלעכקייט.

אַזעלכע געדאַנקען, געפילן און עמפינדונגען, האָבן אין מיר געצי־טערט ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין קאָנסטאַנטינאָפּאָל.

## אין קאַמאַרין פון סאַרא בערנאַרד

קיין נייעם זיינען פאַר מיר די טערקן אין די רויטע פעסקעס נישט געווען. איך האָב זיי געזען גענוג, אין אדעס, נאָך אַלס קינד.

אָבער די שטאָט קאָנסטאַנטינאָפּאָל, די קאָנסטרוקציעס פון די הייזער און מעטשעטן, די בונט־פאַרביקייט פון אַלץ וואָס איז באַלויכטן געוואָרן פון דער זון, דאָס אַלץ האָט מיר אויסגעזען ווי אַ מעשהלע, אָדער ווי שיינע דעקאָראַציעס אויף אַ בינע וואָס ווערט שטאַרק באַלויכטן.

קאָנסטאַנטינאָפּאָל איז דאַן געווען אַן ערד־מקלט פאַר אַ סאַך אַנט־לאָפענע אידן פון רוסלאַנד, אָבער דאָרט זיינען שוין פון פריער געווען איינגעזעסענע אידן, בעסער געזאָגט — גרומפּאָרנדיקע אינטערנאַציאָ־נאַלע „אידן״ „ליפעראַנטן״ פון לעבעדיקע סחורה, פרויען־הענדלער, וואָס האָבן געליפערט קרבנות פאַר די האַרעמס... מיטן אָנקומען פון אַ סך רוסישע האַרעפּאַשנע אידן, האָט זיך באַלד צעפלאַקערט אַ קאַמף צווישן די האַרעפּאַשנע אידן און די שאַפּשאַוויטשעס.

קיין סך צייט אויף צו גיין אָנקוקן די שטאָט און באַקענען זיך מיטן לעבן פון די מענטשן, האָבן מיר נישט געהאַט.

אַקטיאָרן לעבן בכלל אַן אייגן אָפּגעשלאָסן לעבן פון לייד און פרייד; זיי ווייזן זעלטן־זעלטן אַרויס נייגעריקייט צו זאַכן, וואָס קומען פאָר אויס־ערהאַלב דעם טעאַטער און דעם ווערט פון שטעט און לענדער, שאַצן זיי לויט דער באַציאונג, וואָס די מענטשן ווייזן דאָרט אַרויס צום טעאַ־

טער, און צו די אַקטיאָרן. זיינען די טעאַטער־געשעפטן גוטע, איז די שטאָט אַ גוטע און די מענטשן זיינען גוטע און אַזעלכע גוטע שטעט, בלייבן אַף אייביק אין זכרון און אין האַרץ פון אידישן אַקטיאָר.

און מעסטנדיק לויט די דערפאַלגן פון אונזערע פאַרשטעלונגען אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, איז דאָס געווען אַ פיינע און אַ שיינע שטאָט מיט וואוילע מענטשן, וואָס האָבן ליב קונסט.

קאָרנבליט האָט פאַר אונז געהאַט צוגעגרייט אַ טעאַטער־סאַלאָן, אָבער קרויזען איז דער סאַלאָן נישט געפעלן; ער האָט אָנגעשמעקט, אַז מען קאָן מאַכן גוטע געשעפטן און ער האָט געזוכט אַ גרויס טעאַטער. און אויפטוער איז ער געווען, האָט ער טאַקע באַקומען דעם גרויסן „פּי־טישיי־טעאַטער" און מיר, אַלס פרימאַדאָנע, איז אויסגעקומען זיך אָנצו־טאָן אין דעמזעלבן קאַמאַרין, וואו די גרויסע וועלט־באַרימטע קינסטלערין סאַראַ בערנאַרד האָט זיך ערשט מיט אַ וואָך צוריק אָנגעטאָן.

שוין דער פאַקט, וואָס איך פאַרנעם דעמזעלבן קאַמאַרין וואו די גרויסע קינסטלערין האָט זיך געגרייט צו אירע אויפטריטן, האָט מיך אַזוי פאַרשיכורט מיט גליקזעליקייט, אַז איך האָב געשוועבט אין די הימלען.

דערזעלבער פאַקט האָט מיך אויך דערהויבן אין די אויגן פון מיינע קאָלעגן, זיי האָבן שוין אין מיר אָנגעהויבן זען כאָטש אַ צוקונפטיקע סאַראַ בערנאַרד און זיי האָבן זיך נאָך מער געטשעפעט צו מיר מיט זייע־רע ליבעס־דערקלערונגען, און מאַנכע פון זיי, האָבן בלומרשט מיט הייליקן פייער געשריגן, אַז איך דאַרף זיך גטן מיט טעקסן, כדי צו ווערן פריי, וועל איך קענען דערגרייכן דאָס גרעסטע גליק.

קרויזע האָט נישט געמאַכט קיין טעות. דאָס גרויסע פּיטישיי־טעאַ־טער איז געווען פול געפאַקט, מאלינא האָט מיך געמוטיקט און געזאָגט, אַז אַף מיר שטייט היינט די וועלט און ער האָט דער־נאָך מיט זיינע בליקן אַף דער בינע, מיר צוגעגעבן פייער און איך בין באַשאָנקען געוואָרן מיט אַזאַ דונער־אַפּלאוז, אַז איך האָב נישט געקענט צוריקהאַלטן די טרערן פון אומענדלעכן גליק.

## עס רוקט אָן אַ כמאַרע נאָך אַ כמאַרע

אין אַ סאַך פיעסן וואָס ווערן אויפגעפירט אין אידישן טעאַטער, ווערט געזועקט דער אָפּטימיזם און די האָפענונג באַם אידישן עולם, אַז נאָך דער פינסטערער נאַכט קומט אַ ליכטיקער טאָג און — „נאָך רעגן קומט זונענשיין".

אין לעבן פון אַקטיאָר, איז אָבער פּונקט פאַרקערט; נאָך יעדן זונען־שטראַל, ווייס מען שוין, אַז עס דאַרפן קומען כמארעס און זיי האָבן זיך טאַקע באַלד באַוויזן איבער מיין קאָפּ אויך אין קאָנסטאַנטינאָפּל.

עס איז פּלוצלינג אָנגעקומען מארקוס טעקס.

די עטלעכע וואָכן וואָס איך בין געווען אַליין, אָן טעקסן, האָבן מיר ערשט באַוויזן ווי שטאַרק איך קאָן נישט האַרמאָנירן מיט דעם מענטשן. ערשט ווען איך בין געווען אָן אים, האָב איך אָנגעהויבן דורכפילן די מוראַדיקע טעג און נעכט, וואָס איך האָב פאַרבראַכט אין דער סודות־פולער פיראַמאַנטישער אַטמאָספערע, און דער געדאַנק, אַז אַט איז ער געקומען און עס וועלן זיך ווידער אָנהויבן פאַר מיר אַזעלכע טעג, האָט מיך געמאַכט אויפציטערן און איך האָב זיך ממש געצאַפּלט אין ווייטיק.

איך האָב דעמלט געוואוינט אויף אַ קוואַרטיר צוזאַמען מיט די סלוצקערס און פאַרגעסנדיק אפילו, אַז מען האָט מיך שוין אַזויפיל צוגערעדט, אַז איך זאָל זיך שיידן פון טעקסן, האָב איך עס אַליין אָנגעהויבן פאַרלאַנגען און איך האָב נישט געוואָלט פאַרלאָזן מיין קוואַרטיר באַ די סלוצקערס און עס איז געקומען צום ערשטן קאָנפליקט מיט טעקסן.

איך קאָן נישט זאָגן, אַז טעקס האָט בלויז מיך ליב געהאַט; פאַרקערט, עס איז פאַר מיר נישט געווען קיין סוד, אַז ער איז אַ דאָן זשואַן, אָבער דאָ, ווייל איך האָב זיך געשטעלט פעסט, אַז איך וויל מיט אים מער נישט וואוינען, האָט זיך אין אים שטאַרקער צעפלאַקערט זיין אַמביציע, און ער האָט זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז איך זאָל ווי־דער זיין מיט אים. ער האָט אפילו זיינע פּרינציפּן פון קאַרגשאַפט פאַר־בויגן, ער האָט „באַאַרבעט" אַלע חברים אין טרופּע און דיזעלבע, וואָס האָבן מיך פריער צוגערעדט, אַז איך זאָל זיך באַפרייען פון טעקסן, האָבן פּלוצלינג אָנגעהויבן זען אין אים מעלות און זיי האָבן מיך צוגערעדט איך זאָל מאַכן שלום מיט אים....

צו די אַלע וואָלט איך זיך אפשר נישט געווען צוגעהערט, נאָר אויך די סלוצקערס, זיי, וואָס איך האָב זיי געהאַלטן פאַר אויפריכטיקע פריינט מיינע, אויך זיי האָבן מיך אָנגעהויבן צורידן, זיי האָבן מיר אויפגעוויזן, אַז איצט איז יעדנפאַלס נישט דער פּאַסיקער מאָמענט פאַר אַ גט, ווייל מיר זיינען אין אַ ווייט פרעמד לאַנד, און — „אויב דו האָסט געקאָנט ליידן אַזוי לאַנג, וועסטו נאָך אַביסל ליידן, ביז מיר וועלן זיין צוריק אין אונזערע היימען צווישן אייגענע מענטשן..."

און נישט וואַרטנדיק אפילו אויף מיין ענטפער, איז טעקס געקומען און מיך באַהאַנגען מיט שמוק און ער האָט מיר אָנגעהויבן אויפוויזן, אַז ווען ער זאָל נישט געווען דערלויבן, וואָלט איך נישט געקאָנט דערגרייכן

אַזאַ קאַריערע אַלס פּרימאַדאָנע, אָבער ער האָט מיך ליב און ער האָט געוואָלט, אַז איך זאָל נאָכגיין נאָכן וואונטש פון מיין הארץ און ער פרייט זיך צוזאַמען מיט מיר, וואָס איך בין געוואָרן אַזאַ פיינע פּרימאַדאָנע און וואָס איך האָב אַזעלכע קינסטלערישע דערפאָלגן.

איינעמענדיק מיך מיט מיינע דערפאָלגן אַלס אַקטריסע, און מיטן צו־ריידן מיך פון די סלוצקערס, האָב איך זיך פאַרלוירן און איך האָב זיך געלאָזן פון טעקסן, אַז ער זאָל מיך אָפּפירן צו זיך אַהיים...

## מיר פּראַוועןן אַ חתונה און מיר פאָרן קיין רומעניע

די געשעפטן זיינען שוין נישט געווען אַזעלכע גוטע און די אויסזיכטן אויף ווייטער, זיינען נישט געווען קיין בעסערע, און קרויזע האָט זיך אָנ־געהויבן איבערשרייבן מיט אַ נאָטן־הענדלער פון רומעניע, אַ געוויסן רובינשטיין און מען האָט געוואַרט אויף זיין ענטפער.

דערווייל האָט מיך טעקס געפירט אָנקוקן קאָנסטאַנטינאָפּאָל; טעקס האָט דאָרט נישט באַקומען קיין דערלויבעניש צו אַקטואירן און ער האָט געהאַט צייט און איז געווען אינטערעסאַנט זיך צו באַקענען מיט די מעטשעטן.

איין מעטשעט, האָט אויף מיר מיט זיין אינערלעכער און אויסערלעכער שיינקייט, געמאַכט אַ שטאַרקן איינדרוק. מיר האָבן געזען ווי מאַהאָ־מעדס אַ פּריסטער האָט אָפּגעריכט אַ תפילה און אַ צייט שפּעטער, האָב איך געזען ווי טעקס באַנוצט זיך בעת זיינע כיראָמאַנטישע סעאַנסן, מיט געוויסע מיסטעריעזע זשעסטן פון דעם מאַכמעדאַנישן פּריסטער...

פונדעסטוועגן, אַבי איך בין שוין ווידער געווען צוזאַמען מיט אים, האָט טעקס ווידער אָנגעהויבן מיר צונעמען מיין צירונג „צום באַהאַל־טן", און ווייל ער אַליין האָט נישט געקאָנט אַקטואירן, איז ער נאָך קאַרגער געוואָרן און די וואָס האָבן מיך פריער צוגערעדט צו שלום מיט טעקסן, האָבן שוין איצט, זעענדיק אַז מען קאָן פון אים נישט דערוואַרטן קיין שום הילף, זיכער באַדויערט וואָס זיי האָבן זיך אַריינגעלייגט אין שלום.

ענדלעך איז געקומען אַ בריוו מיט געלט פון רובינשטיינען אין רו־מעניע און איידער מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָבן מיר נאָך געפּראַוועט די חתונה פון קושצשינסקין מיט זיין כלה די מייטים און באַלד נאָך דער חתונה, האָבן מיר זיך געלאָזן אויפן וועג איבערן וואַ־סער קיין רומעניע און מיר האָבן זיך געפרייט, זאָגנדיק, אַז מיר באַגלייטן דאָס ערשטע חתונה־געהאַטע פּאָרל אויף זייער האָכצייט־רייזע. די רייזע

איז פאַר אַלעמען געווען אַ זייער פריילעכע, אויסער פאַר מיר, וואָס די רייזע צוריק איז געווען אַ סך טרויעריקער ווי די רייזע אַהין, ווייל צוריק בין איך שוין נישט געווען דער פרייער מענטש, צוריק בין איך שוין געפאָרן אין באַגלייטונג פון מיין מאַן און געביטער מאַרקוס טעקס דעם כיראָמאַנט.

## אַ קינד דאַרף קומען אויף דער וועלט...

אַרויספאָרנדיק צוריק פון קאָנסטאַנטינאָפּאָל, האָב איך זיך געפילט ווי אין אַ קאָשמאַר. די פריילעכקייט וואָס האָט פון מיר אַרויסגעזונגען אַהינצואָוועגס, ווען איך בין געפאָרן אָן טעקסן, איז ווי אויסגערונען און אַ שווערער אומעט האָט מיך באַהערשט. איך האָב כמעט נישט געזען קיין וועלט פאַר זיך, איך האָב נישט גערעדט מיט קיינעם און טעקס איז פון מיר נישט אָפּגעטראָטן אויף קיין מינוט, ביז מיר זיינען אָנגעקומען קיין רומעניע.

רובינשטיין האָט געהאַט פאַרגרייט פאַר אונז אַ שיין טעאַטער, אָבער באַלד נאָך דער ערשטער פאָרשטעלונג, האָבן זיך אָנגעהויבן שיטן אויף אונז מסירות און אונזער טרופּע איז זיך פאַמעלעך צעפאַלן און מיטן צעפאַלן פון אונזער טרופּע, האָב איך שוין צום איבעריקן פאַרלוירן מיין זעלבסטשטענדיקייט און דער גרעסטער טריומף פאַר טעקסן איז גע־ווען די ידיעה, אַז איך בין שוואַנגער.

זיין פרייד איז נישט געווען אַזוי גרויס דערפאַר וואָס ער וועט ווערן אַ טאַטע, נאָר פיל מער, ווייל האָבנדיק אַ קינד, וועט ער שוין מיט מיר זיין זיכערער.

דאָס האָב איך פעסטגעשטעלט לויט זיין האַנדלונג קעגן מיר. ער האָט זיך שוין אויפגעהערט ציילן מיט מיר, ער האָט מיך געלאָזן אַליין און איז אַוועק פאַרברענגען מיט אַנדערע פרויען און מיט זיין נישט אי־בערקלייבערישקייט, האָט ער זיך אפילו געטשעפּעט צו דער דינסט וואָס האָט באַדינט אונזער שטוב און איך האָב פשוט פאַרשטאַנען, אַז ער איז זיך נוקם, פאַר מיין וועלן זיך גטן מיט אים...

טעקס איז שוין מיט מיר געווען אַזוי זיכער צוליב מיין שוואַנגער־שאַפט, אַז אים איז שוין געווען אַ שאַד וואָס איך אַקטואיר נישט און מוז איינגאַנצן לעבן אויף זיין חשבון און ער האָט גאָרנישט געהאַט דאַקעגן, ווען סאַבסאַי, לאַגער און זאַנדבערג האָבן מיך אַנגאַזשירט קיין אדעס; פאַרקערט, ער האָט געוואָלט אַליין אויך פאָרן קיין אדעס און אים האָט הנאה געטאָן, וואָס ער דאַרף נישט באַצאָלן מיינע הוצאות. אָבער קו־

מ אַ ל ו י נ א   ר אַ פּ ע ל
זינאַ איז צו איר געווען אַן
אמתע געטרייע מאַמע

מאַלווינאַ מיט איר התן
ראַמעק לייבל
פון טארנאָוו



זינאַ מיט מאַלווינאַס התן אין טארנאָוו, אָפּשמועסנדיק די חתונה



**שוין אין בראַזיל**

זינאַ זעט זיך ענדלעך ווידער מיט איר פאָטער יעקב-זיידל ציפּקוס
און מיט איר בעסטער יוגנט-חברטע חוה פּאָלאַנסקי

מענדיק קיין אדעס, האָב איך זיך שלעכט געפילט און נישט געקאָנט אויפטרעטן און דערוויסנדיק זיך אַז איך בין שוואַנגער, האָט סאַבסאַי אַנולירט זיין אָפּמאַך מיט מיר און ווידער בין איך געבליבן אָפּהענגיק פון טעקסן, און ער האָט זיך געקאָנט אָפּרעכענען מיט מיר פאַר מיין וועלן זיך שיידן פון אים...

פון האַרץ-קלעמעניש וואָלט איך זיכער געווען קראַנק געוואָרן, ווען איך באַקום נישט פּלוצלינג אַן איינלאַדונג און אַ קאָנטראַקט פון סעם אַדלער, וועלכער האָט זיך דעמלט געפינען אין מינסק. טעקס האָט אפילו נישט געוואָלט איך זאָל פאָרן, אָבער זעענדיק, אַז איך וועל זיך נישט צייילן מיט זיין הסכמה, איז ער מיט מיר מיטגעפאָרן...

אין אַדלערס טרופּע האָבן דעמלט אַקטואירט די נעראָסלאַווסקי, לאַנדסמאַן מיט איר מאַן, ספּיוואַקאָווסקי, ליבערט, מאַרגאַריטאַ שוואַרץ און לייזער ראַפּעל און דיריזשאָר איז געווען מרדכילע האָכבערג און כאָטש איך בין געווען אין אַנדערע אומשטענדן, האָב איך דעבוטירט אַלס קאַראָלינאַ.

מעגלעך, ווען טעקס זאָל מיך אין מיין דעליקאַטן צושטאַנד געווען אַנדערש באַהאַנדלען, וואָלט ער מיך טאַקע געווען צו זיך צוגעבונדן; אָבער ער האָט זיך שוין געפילט צופיל זיכער מיט מיר און ער האָט נישט באַגריפן, אַז וואָס מער איך הויב אָן ליבן דאָס נפשל וואָס איך פיל אונטער מיין האַרץ, אַלץ מער פיינט באַקום איך אים. מיין פיינטשאַפט צו אים האָבן באַמערקט די חברים אַקטיאָרן און זיי האָבן מיך נאָך אונטערגעהיצט און יעדער פון זיי האָט געהאָפט, אַז ווען די פּרימאַדאָנע וועט זיך נאָר באַפרייען, וועט שוין זיין אַ לעבן... און מער פון אַלע, און אַף אַן איידעלערן אופן ווי אַלע, האָט זיך אַרום מיר גענומען דרייען לייזער ראַפּעל, וועלכער איז צוזאַמען מיט ליבערטן פּלוצלינג אַוועקגעפאָרן קיין וואַרשע.

עס האָט לאַנג נישט געדויערט, און ליבערט האָט אַריבערגענומען כעם אַדלערן מיט דער טרופּע קיין וואַרשע, אסתר-רחל קאַמינסקי האָט דעמלט געשפּילט אין מאַקאַטאָוו-טעאַטער און מיר אין מוראַנאָוו טעאַטער. די נעראָסלאַווסקי האָט שוין לאַנג נישט געקאָנט באַהאַלטן איר קנאה קעגן מיר און אין וואַרשע איז אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל צווישן אונז. זי האָט זיך געוואָלט האַלטן אַלס דאָס אויבערשטע פון שטויסל אָזן איך האָב זיך ענדלעך רעוואָלטירט קעגן איר און אַ סך חברים האָבן זיך געשטעלט אַף מיין זייט.

נישט אַכטנדיק וואָס איך בין שוין געווען אין די הויכע חדשים, האָט מיך נאָך אַדלער מיטגענומען אַף אַ טור און שפּילנדיק טעאַטער ביז צו

דער לעצטער מינוט, האָב איך אין ליבאווע דערפילט די ערשטע ווייען אַף דער בינע, די ווייען האָבן זיך כסדר געשטאַרקט, אָבער איך האָב מיט גרויסער אָנשטרענגונג דאָך באַוויזן צו פאַרענדיקן די פאָרשטעלונג.

דער עולם האָט דעמלט לאַנג אַפּלאָדירט און איז געוואָרן אין כעס אַף מיר, פאַרוואָס איך באַוויז זיך נישט אַף דער בינע, אָבער ווי האָב איך זיך געקאָנט באַווייזן אַף דער בינע און אָפּדאַנקען פאַר די שטורמי־שע אַפּלאָוזן, אַז ווי נאָר איך האָב פאַרענדיקט און דער פאָרהאַנג איז געפאַלן, האָט מען מיך געמוזט אַף שנעל אַוועקפירן אַהיים...

אַ שעה שפּעטער איז געקומען אַף דער וועלט מיין ערשטע טאָכטער, מיין צילי...

# פערצנטער קאַפּיטל:

אַקטיאָרישער קאַאָפּיזם — אַדלער־ספּיוואַקאָווסקי־נעראַסלאַווסקי — צילי ווערט קראַנק אַף לונגען־אַנטצינדונג — באַם וויגל ווי מיין מאַמע — איך „פּאַרליר" מיין שטים — מאַרק אַרנשטיינס „אייביקע ליד" — „עטאַ יאַ בודי איגראַטש"... — פּישזאָן וועקט מיך צוריק צום לעבן — „שבת יום־טוב און ראש־חודש" — אַ גענעראַל שיקט מיר בלומען — טעקס האַט געהאַט צוויי ווייבער פאַר מיר — דער פּאַגראַם אין אָדעס — איך שפּיל אומזיסט טעאַטער — בראַגינסקי און פּאַד־לובני — איך פאַר קיין וואַרשע — מאַקאַטאָוו, קראָלעווסקי און מוראַנאָוו — אַ רעצענזיע פון קיפּנים — איך פאָדער אַז טעקס זאָל קומען — סטרינדבערגס „פאַטער" — טעקס גיט מיר אַ גט און ער האָט באַלד חתונה

## אַקטיאָרישער קאַאָפּיזם

איך ווייס נישט, צי דאָס וואָרט „קאַאָפּיזם" ווערט אויך באַנוצט ביי אַנדערע פּראָפעסיעס, איך ווייס אויך נישט, פונוואַנען דאָס וואָרט שטאַמט און ווער עס האָט עס געשאַפן, איך ווייס נאָר, אַז דאָס וואָרט האָב איך געהערט נאָר פון אַקטיאָרן און צווישן אַקטיאָרן און נישט נאָר געהערט, נאָר מען האָט עס מיר גוט געגעבן צו פילן.

„קאַאָפּיזם" איז אַ ספּעציעלע באַצייכענונג פון אַקטיאָרן. אַ „קאַאָף" מיינט צו זאָגן, אַן אַקטיאָר וואָס מוט דעם צווייטן אַקטיאָר רשעות נישט נאָר דעמלט ווען ער האָט עפּעס קעגן אים אויסצוזעצן, נאָר גלאַט אַזוי, כדי דערמיט אַרויסווייזן זיין „סופּעריאָריטעט", זיין גרעסערקייט פון אַנדערן, זיין כח — יענעם צו קריכן אין דער לעבער.

איך ווייס נישט, צי האָט די נעראַסלאַווסקי מורא געהאַט פאַר מיר אַלס ריוואַל, אַלס באַלדיקע אָדער צוקונפטיקע פּרימאַדאָנע־קאָנקורענט־קע, איך קאָן אפילו גלויבן, אַז זי האָט נישט קיין מורא געהאַט פאַר מיר, ווייל צו זיכער איז זי געווען מיטן דירעקטאָר, וועלכער איז צו איר נישט געווען גלייכגילטיק, אָבער זי האָט אין זיך געהאַט זייער פיל פון דעם וואָס אַקטיאָרן רופן אַן קאַאָפּיזם.

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז איך האָב געהאַט מיט איר אַ סכסוך. זי האָט זיך געפילט זייער גדולדיק און ווייסנדיק, אַז זי האָט די פּראָטעק־ציע פון דירעקטאָר, האָט זי נאָך אין וואַרשע געזוכט מיט מיינע הענט פייער צו שאַרן.

פונדעסטוועגן ווען איך בין געלעגן אין קימפעט מיט צילין, האָט זי מיך באַזוכט און אַרויסגעוויזן אַזויפיל וואַרימקייט, אַז איך האָב איר באַלד מוחל געווען מיין אַמאָליקן פאַרדרוס.

אָבער נישט לאַנג האָט געדויערט און צווישן אונז איז אויסגעבראָכן אַ נייער קאָנפליקט.

ווי נאָר איך בין אויפגעשטאַנען פון בעט, האָט זי שוין אפסניי אָנגעהויבן אַרויסווייזן איר קאַפּריז. עס קאָן זיין, אַז עס האָט זי געערגערט וואָס די דירעקטאָרן אַדלער און ספּיוואַקאָווסקי האָבן מיר געצאָלט גאַזשע פאַר די דריי וואָכן וואָס איך האָב צוליב מיין קימפּעט נישט אַקטואירט, און נאָכמער האָט זי געמוזט פאַרדריסן, וואָס די דירעקטאָרן האָבן מיר נאָכגעגעבן מיין פאָדערונג, אַז זיי זאָלן נישט בלויז צאָלן פאַר מיינע הוצאות אויב מען וועט אַרויספאָרן, נאָר אויך פאַר טעקסן.

אַזאַ נאָכגיביקייט מצד די דירעקטאָרן פאַר אַ צווייטער פּרוי וואָס געפינט זיך מיט איר אין טרופּע, האָט זי נישט געקאָנט מוחל זיין און זי האָט געזוכט דורך פאַרשידענע מיטל מיר געבן צו פילן, אַז זי מיינט עפּעס מער פאַר דער טרופּע ווי איך.

די דירעקטאָרן, כאָטש איינער פון זיי איז צו איר געווען נישט גלייכגילטיק, האָבן אָבער פאַרשטאַנען, אַז איך בין נויטיק פאַר זייער טרופּע און זיי האָבן ביידע צדדים באַרוהיקט, איינרייידנדיק יעדן באַזונדער אַז דער איז דער וויכטיקסטער... און אַזוי איז געשלאָסן געוואָרן אַ געשעפט אַרויסצופאָרן פון ליבאַווע קיין דווינסק.

די טרופּע איז דעמלט באַשטאַנען פון די דירעקטאָרן ספּיוואַקאָווסקי און סעם אַדלער, נעראָסלאַווסקי, איך, מאַרגאַריטאַ שוואַרץ, נאַדיא (שפּעטער דראַנאָווס פרוי) מיט איר ברודער **יאַנקאָ**, ליובאַ מייטים (קושצשינסקים יונגערע שוועגערן), זילבערבערג, לאַזאַר פריד, מיכל קליין, שאַיעוויטש און אַנדערע און מרדכילע האָכבערג איז געווען דירעזשאָר און מיט אַזאַ טרופּע, האָט אין דווינסק אונזער ערשטע פאַרשטעלונג געמוזט מאַכן אַ גרויסן רושם.

די נעראָסלאַווסקי האָט זיך באַלד אָנגעהויבן צו קאַפּריזעווען, זי האָט זיך פאַרגינען אַ זאָג צו טאָן: — איבערמאָרגן וועל איך זיך פילן נישט מיט אַלעמען און איך וויל אַז זינאַ זאָל מיך פאַרטרעטן...

ווי נאָכגעביק איך בין געווינלעך געווען, האָט עס מיך אָנגעהויבן פאַרדריסן. אַקטיאָרן האָבן מיך נאָך געהעצט אויך און זיי האָבן מיר אויפגעוויזן, אַז דאָס איז קאַפּריז, אַז זי זאָל זיין אַנאָנסירט מיט גרויסע אותיות און מיט אַ גרויסער קלישע אויף די אפישן און איך זאָל גיין שפּילן אַנאָנים...

אַגב האָבן מיר שוין אַקטיאָרן דערציילט אַנדערע שטיקלעך פון איר און זיי האָבן געהוזקט און אָנגערופן זי „דרייהונדערט", דערציילנדיק, אַז זי ווייס נאָר צו פאָדערן דרייהונדערט און ווען מען וויל זי אנגאַזשירן, פרעגט זי נישט צי זיינען עס רובל, מארק אָדער גאָר דאָלארן, נאָר זי פאָדערט דרייהונדערט, ווייל אַזויפיל איז איר פרייז...

האָט מען מיך אָנגעצויגן און איך האָב נישט געוואָלט זי פאַרטרעטן; איז עס שוין ביי איר אַריין אין גרעסערער אַמביציע און זי האָט בשום אופן נישט געוואָלט שפילן, האָב איך שוין געשטעלט אַ פאָדערונג, אַז אויב איך דאַרף אויפטרעטן, זאָל מען אָפדרוקן „לענטעס" מיט מיין נאָמען און בילד און אַרויפקלעבן אויף די אַפּישן אויף איר נאָמען, כדי די שטאָט זאָל וויסן, אַז היינט וועל איך אויפטרעטן און איך ווייס נישט ווי אַזוי די דירעקטאָרן האָבן עס דורכגעפירט, איך ווייס נאָר, אַז איך האָב געזען אין גאַס עטלעכע אַפישן אויף וועלכע איר נאָמען איז געווען פאַרקלעפּט מיט אַזעלכע לענטעס אויף וועלכע איך בין געווען אַנאָנסירט און איך האָב געשפּילט אויף איר פּלאַץ.

אין דווינסק האָבן מיר געשפּילט אַ היפּשע פּאָר וואָכן און די דירעקטאָרן האָבן אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט קאָמפּאַניעיעצן, וואָס האָט זיך דעמלט געפונען אין ריגע. און ווייל עס איז שוין געווען אַזאַ אָנגעצויגנקייט צווישן מיר און די נעראָסלאַווסקי, האָב איך דוקא געשטעלט גרויסע פאָדערונגען, איך האָב געוואָלט נישט אַנדערש, נאָר די דירעקציע זאָל אויסהאַלטן די הוצאות נישט בלויז פאַר טעקסן, נאָר אויך פאַר צילים אם און זיכער האָבן די דירעקטאָרן געמוזט פון מיר שטאַרק האַלטן, אויב זיי האָבן מיר די פאָדערונגען נאָכגעגעבן.

## צילי ווערט קראַנק אויף לונגען-אַנטצינדונג

אָנקומענדיק קיין ריגע, האָב איך שנעל געמוזט פאַרגעסן אָן אַלע מיינע אַמביציעס, ווייל גאַנץ עפּעס אַנדערש האָט אָנגעפילט מיין גאַנץ וועזן; צילי איז קראַנק געוואָרן און דער דאָקטאָר האָט געזאָגט: — אַ לונגען אַנטצינדונג — און איך האָב זיך געצאַפּלט פון שרעק, אַז איך זאָל זי נאָר נישט פאַרלירן.

וואַכנדיק דורך פיינפולע נעכט איבער איר וויגל, האָב איך זיך דערמאָנט, אַז פונקט אַזוי האָט מיין מאַמע אַמאָל געוואַכט און עפּעס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין גאָרנישט איך, אַז איך בין גאָר די מאַמע... און הייסע זידיקע טרערן פונקט אַזוי ווי בא דער מאַמען, האָבן זיך געריסן פון מיינע אויגן.

צילי איז ערשט אַלט געווען אַ צוויי חדשים און איך האָב געקוקט אַף איר רויט פּנימל, פון וועלכן עס האָט געזעצט אַ פייערדיקע היץ און איך האָב זיך צוגעהערט צום קינדס שווערן אָטעם פאַרהאַלטנדיק מיין אייגענעם, און כּסדר האָב איך געפילט, אַז דאָס איז נישט איך, נאָר מיין מאַמע... און ווען איך בין אַף אַ ווײַלע געקומען צו זיך, האָט זיך מיר געשטעלט די פראַגע: — צי בין איך נישט דאָס זעלבע וואָס מיין מאַמע? צי וואַנדער איך נישט אַרום פּונקט ווי מיין מאַמע און צי לעב איך נישט דאָס זעלבע נע־ונד לעבן אַלס וואַנדערנדיקע אידישע אַקטריסע ווי זי?

און טראַכטנדיק וועגן דער מאַמען, האָב איך זיך אויך דערמאַנט אַן מ׳אַטן.

אָ, ניין. מיין מאַן איז נישט געווען ווי מיין טאַטע.

מיין מאַן איז נישט צוגעקומען צו מיר אין די פיינפולע נעכט פון אַנגסטן; ער האָט מיר נישט אַרומגענומען מיין קאָפּ מיט ביידע הענט און געדריקט מיין שטערן צו זיינע ליפּן און קושנדיק מיך, צוזאַמען מיט מיר געוויינט; דאָס האָט נאָר מיין מאַמע וויניקסטנס געהאַט דאָס גליק צו פילן אין איר מאַן אַ געליבטן, אַ טייערן, וואָס פילט מיט אירע נויטן און ליידט מיט אירע ליידן... איך האָב פון דעם טעם נישט געוואוסט.

טעקס איז יעדע נאַכט געווען מיט מיר אינדערהיים, אָבער דאָס איז נאָר געווען, ווען אַלץ איז געווען אין אָרדענונג. ווען צילי איז אַוועקגעפאַלן, האָט ער דאָך שוין נישט מורא געהאַט, אַז איך וועל אפשר נישט וועלן זיין אין שטוב און ער האָט זיך גאַנצע נעכט נישט געוויזן; בלויז פאַרטאָג, פלעגט ער אַריינקומען אַ מידער און געניצנדיק מיך פרעגן וואָס דאָס קינד מאַכט...

און אויב איך האָב שוין אביסל געהאַט פאַרגעסן אַן מיינע ליידן אַלס פרוי פון כּיראַמאַנט, אויב מיין ליבע צו מיין קינד פון וועלכן ער איז געווען דער פאָטער, האָט אים אַביסל פאַרשענערט אין מיינע אויגן, האָב איך איצט, וואַכנדיק איבערן וויגל פון מיין געפערלעך קראַנקן קינד, ערשט אָנגעהויבן דורכפילן ווי שטאַרק ליב איך האָב דאָס קליינע קינדעלע און ווי שטאַרק פיינט, זוי שטאַרק איך האָס דעם פאָטער דערפון...

אַ צוויי וואָכן האָט צילי געשוועבט צווישן לעבן און טויט און פּונקט ווי מיין מאַמע, האָב איך זיך געמוזט אַוועקרייסן פון איר וויגל און לויפן שפּילן טעאַטער; דערפרייען די אידן, וואָס בענקען נאָך אַביסעלע פרייד; און אַהיימקומענדיק, האָב איך געוואַכט דורך די נעכט און די עטלעכע וואָכן האָבן אַף מיר אַזוי מוראדיק געווירקט, אַז איך האָב זיך אָנגעהויבן איינבילדן, אַז איך האָב פאַרלוירן מיין שטים.

ווען צילים געזונט האָט זיך אָנגעהויבן בעסערן, האָב איך גע

פּרואוווט איר זינגען אַ לידל און אַ שרעק איז מיך פּלוצלינג באַפאַלן; איך האָב געפילט, אַז איך זינג נישט מיט מיין קול און אַז עפּעס איז דאָס גאָר קיין קול נישט... איך בין געוועזן אַזוי זיכער, אַז איך האָב פון דער פיינפולער איבערלעבעניש פאַרלוירן מיין שטים, אַז איך האָב בשום אופן מער נישט געוואָלט אויפטרעטן אין אַ געזאַנגס-ראָל.

קאָמפּאַניעיעץ, וועלכער האָט זיך מיט מיר אַזוי דערפרייט בעת מיין אָנקומען קיין ריגע, האָט מיך פונדעסטוועגן נישט אַרויסגעלאָזן פון דער טרופּע. ער האָט אַזוי פאַרטיילט די ראָלן, אַז די געזאַנגס-ראָלן האָט גענומען די נעראָסלאַווסקי און מיר האָט ער געגעבן אַנדערע ראָלן, אָן געזאַנג. די נעראָסלאַווסקי — הערנדיק אַז איך האָב פאַרלוירן די שטים, איז זי ווידער געוואָרן אַזוי גוט און אַזוי פריינטלעך צו מיר, אַז איך האָב אָנגעהויבן איינזען, אַז אייגנטלעך איז זי אַ גאַנץ גוטע פריינדין, נאָר בלויז די קרענקלעכע אַמביציע און קנאה, האָבן זי געשטויסן צו די קאַיאַפּסקע קאַפּריזן.

און ווידער האָט עס נישט לאַנג געדויערט; איר פריינטשאַפט צו מיר האָט נאָר אָנגעהאַלטן אַזוי לאַנג, ווי לאַנג מען האָט געשפּילט מער אָפּערעטע און זי איז געווען אַ וויכטיקערער מיטגליד פון טרופּע ווי איך.

## מאַרק אַרנשטיינס „אייביקע ליד"

אַט איז קיין ריגע געקומען דער דראַמאַטורג מאַרק אַרנשטיין און קאָמפּאַניעיעץ וועלכער האָט געהאַט אַ טראַדיציע פון צייט צו צייט אויפצופירן אַ פּיעסע פון אַ ליטעראַרישן דראַמאַטורג, האָט באַלד אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט אַרנשטיינען און פאַרשטייט זיך, אַז די נעראָסלאַווסקי, וואָס האָט זיך געהאַלטן פאַרן שיינדל פון דער טרופּע, האָט אים איינגעלאַדן צו זיך און כדי איך זאָל זען איר גרויסקייט, אַז אַרנשטיין קומט צו איר אין גאַסט, האָט זי מיך אויך איינגעלאַדן און ווען זי האָט מיך פאַרגעשטעלט פאַר אַרנשטיינען, האָט ער מיך שאַרף אָפּגעמאָסטן מיט זיין דורכדרינגענדיקן בליק, איך בין דעמלט געווען אַזוי אויסגעבלייכט און צאַרט און ער האָט באַלד נאָכן באַגריסן זיך מיט מיר אויסגערופן: — איר וועט קענען שפּילן די ראָל פון חנהלע פון מיין „אייביקע ליד".

איך האָב באַמערקט ווי די קאָלירן האָבן זיך גענומען בייטן אויף דער נעראָסלאַווסקיס פּנים, און איידער איך האָב נאָך צייט געהאַט אַ שמייכל צו טאָן און דאַנקען אַרנשטיינען פאַר זיין צוטרוי צו מיר אַלס אַקטריסע,

האָט זי אַ זאָג געטאָן שאַרף און קאַטעגאָריש: — „עטאָ יא בודי איגראַטש!”...

אַזוי ווי די אַלע סכסוכים מיט דער נעראָסלאַוסקי זיינען מיר בכלל נישט געווען צום האַרצן, בין איך געזען צופרידן ווען אַ גרופּע אַקטיאָרן האָט זיך אָפּגעטיילט פון אונזער טרופּע און זיי האָבן מיך געבעטן איך זאָל מיטפאָרן מיט זיי קיין אָדעס. איך האָב טאַקע באַלד מסכים געווען און אַוועקגעפאָרן מיט זיי.

## פישזאָן וועקט מיך צוריק צום לעבן

אָנקומענדיק קיין אָדעס, זיינען מיר גלייך פאַרפאָרן צום האָטעל „יאלטא”, וואו מיר האָבן געוואוסט, אַז עס וואוינט פישזאָן מיט זיין טרופּע.

פישזאָן האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט און ער האָט מיך באַשוואוי-רן אַז איך מוז אַריינטרעטן צו אים אין טרופּע און איך, זייער גערירט פון זיין וואַרימער אויפנאַמע און וויסנדיק אַז איך האָב פאַרלוירן מיין שטים און איך קאָן מער גאָרנישט לייסטן, האָט עס מיר אַזוי פאַרקלעמט באַם האַרצן, אַז איך האָב זיך געוואָרפן אין זיינע אָרעמס און זיך שטאַרק צעוויינט און איך האָב קוים אַרויסגעהעשעט: — וואָס וועל איך טאָן אין אייער טרופּע? איך האָב דאָך אינגאַנצן אָנגעוואוירן מיין שטים!...

צילי איז טאַקע אַרויס פון דער געפערלעכער קראַנקהייט, אָבער איך בין דערנאָך געווען אַזוי צעבראָכן און אַזוי אויסגעמאַטערט און נערוועז, אַז איך האָב בכלל פאַרלוירן דעם חשק צום לעבן.

און דעמלט איז טעקס דוקא געוואָרן בעסער צו מיר.

ער האָט זיך באַמיט מיך צו דערפרייען; ער האָט געמאַכט אַ חשבון וויפיל איך האָב אים איינגעשפּאָרט הוצאות וואָס די דירעקטאָרן האָבן באַצאָלט פאַר אים מיט דער אַם, און פאַר דעם געלט האָט ער מיר גע-קויפט קליידער. אָבער די קליידער האָבן מיך נישט געפרייט און קיין שום זאַך האָט מיך נישט געקאָנט אַרויסהויבן פון מיין דעפּרעסיע.

איך האָב זיך דעמלט אַזוי מוראדיק שלעכט געפילט, אַז איך וואָלט זיכער געווען אַריינגעפאַלן אין מעלאַנכאָליע, ווען פישזאָן זאָל זיך נישט געווען אַ נעם טאָן צו מיר און מיך אָנהויבן אָפּ כח צוריקפירן צום לעבן.

אָפּ זיין וויציק-סאַרקאַסטישן אופן האָט ער מיך אָנגעהויבן אויסלאַ-כן, אַז ער גלויבט נישט אַז איך האָב מיין שטים פאַרלוירן, אַז ער ווייסט אַז גיכער פאַרלירט מען די שטים פון נישט האָבן קיין קינדער איידער פון האָבן און זעענדיק, אַז איך שמייכל בלויז טרויעריק, אַזוי ווי איך

וואָלט געזאָגט, אַז הלואי וואָלט עס אמת געווען, האָט ער מיך אַף כח אַריינגעבעטן צו זיך אין שטוב און דאָרט איז געווען דער דיריזשאָר שליאָסבערג; שליאָסבערג האָט זיך זייער דערפרייט מיט מיר און הערנ־דיק פון פישזאָגנען אַף וואָס איך באַקלאָג זיך, האָט ער אַרויסגעכאַפּט זיין שטים גאָפּל, אָנגעשלאָגן דעם טאָן און אויסגערופן באַפעלעריש: — אַ נו, סמאַרקוליע, גיב נאָר אַזאַ זינג „שבת, יום־טוב און ראש־חודש", ווי דו קענסט!...

איך האָב געפילט, אַז דאָס בלוט קומט מיר אין פנים אַריין; איך האָב זיך געשעמט און שטיקנדיק זיך פון טרערן, האָב איך זיך געבעטן: — ווי אַזוי זאָל איך זינגען, אַז איך האָב נישט קיין שטים?

אָבער שליאָסבערג איז נישט אָפּגעטראָטן. ער האָט מיך מכבד געווען מיט „סמאַרקוליע" און נאָך עטלעכע עפּיטעטן און קוקנדיק מיט זיינע כלומרשט שטרענגע און דאָך אַזוי וואַרימע בליקן פון זיינע קיילעכדיקע שוואַרצע אויגן, האָט ער פון מיר אָנגעהויבן אַרויסציען דעם ערשטן טאָן און אַבי דער ערשטער טאָן איז אַרויס, האָב איך שוין פאַרגעסן אָן מיין איינבילדונג און אינגאַנצן באַהערשט פון שליאָסבערגס באַפעלערישן און דאָך וואַרימען בליק, האָב איך זיך אַזוי צעוואַרימט, אַז איך האָב גענומען העכער און ענדלעך אויסגעזונגען אַזאַ „שבת, יום־טוב און ראש חודש", אַז איך אַליין בין געווען דערשטוינט הערנדיק מיין אייגן געזאַנג אַף די העכסטע טענער, וועלכע זיינען פון מיר אַרויס אַזוי לייכט, אָן דער קלענסטער אָנשטרענגונג... איך האָב זיך געוואָרפן אין שליאָס־בערגס אָרעמס און זיך האַרציק צעוויינט פון פרייד און גליק.

און פּלוצלינג, פאַלנדיק נאָר וואָס אין שליאָסבערגס אָרעמס, דערהערט זיך אַ בראַוואָ־פּאַטשעריי און עס ווייזט זיך אַרויס, אַז די אַקטיאָרן זיינען געשטאַנען הינטער דער טיר, און הערנדיק מיין געזאַנג, האָבן זיי דער־נאָך אויפגעפּראַלט די טיר און אַפּלאָדירט. און נישט נאָר אַקטיאָרן, נאָר אויך געסט וואָס האָבן געוואוינט אין דעם האָטעל, האָבן זיך פאַראינטע־רעסירט מיט דעם געזאַנג און אַ רוסישער גענעראַל וואָס האָט דאָרט אויך געוואוינט, איז געשטאַנען צווישן די אַקטיאָרן און מיר אַפּלאָדירט און עטלעכע שעה שפּעטער, האָט אַן אוניפאָרמירטער לאָקאַי געבראַכט אַ גרויסן בוקעט בלומען אין מיין שטוב, די בלומען האָט מיר צוגעשיקט דער גענעראַל...

## טעקס האָט געהאַט צוויי ווייבער פאַר מיר...

איך בין שוין זייט עטלעכע יאָר געווען די געזעצלעכע פרוי פון מאַר־קוס טעקס, אָבער איך האָב אַבסאָלוט נישט געוואוסט, אַז טעקס האָט

שוין פאַר מיר געהאַט אַנדערע צוויי ווייבער.

דאָס בין איך ערשט געוואויר געוואָרן אין אדעס, באַלד צומאָרגנס נאָך מיין אָנקומען, ווען אַ יונגערמאַן איז געקומען אין האָטעל און זיך געפרעגט אָף טעקסן און ער האָט זיך פאַר מיר פאָרגעשטעלט אַלס טעקסנס זון.

ווי שטאַרק די ידיעה האָט מיך איבעראַשט, האָב איך זיך פונדעסט־וועגן באַלד באַהערשט און גענומען אויספרעגן דעם יונגן־מאַן, און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ער איז דער זון פון טעקסנס צווייטע ווייב און קוקנדיק אָף מיר מיט באַדויערן, האָט ער מיר געזאָגט, אַז כאָטש מען טאָר דאָך נישט ריידן קעגן אַן אייגענעם פאָטער, פונדעסטוועגן דערלויבט ער זיך אויסצודריקן זיין מיינונג, אַז איך, לויט ער שאַצט אָפּ פון מיין איידעלען אויסזען, בין נישט קיין פּאַסיק פּאָר פאַר זיין פאָטער...

דערווייל איז טעקס אָנגעקומען, ער האָט זיך דוקא גאַנץ וואַרים באַ־גריסט מיט זיין זון און מיט אַ חוזק־שמייכעלע האָט ער מיך געפרעגט צי איך פריי זיך גאָרנישט דערמיט, וואָס ער האָט שוין אַזאַ דערוואַקסע־נעם זון וואָס איז אין מיינע יאָרן...

טעקס איז אַוועק מיט זיין זון, אָבער צומאָרגנס איז דער זון ווידער געקומען און דאָסמאָל שוין צו מיר, ער האָט מיר מיטגעבראַכט מיינע צוויי קוזינען, פון זיי האָב איך זיך דערוואוסט, אַז מיין באָבע ליגט אַ פּאַראַליזירטע אין אַ שפּיטאָל און ווען איך בין אויפגעשפּרונגען און באַלד געוואָלט לויפן זי באַזוכן, האָבן מיך מיינע קוזינס נישט געלאָזט, זיי האָבן געזאָגט, אַז אַלצאיינס לאָזט מען צו איר נישט צו און ווען איך האָב גע־פרעגט אָף די פּעטערס און מומעס, האָב איך איינגעזען, אַז זיי האָבן וויניק אינטערעס וועגן מיר, האָב איך זיך באַגניגנט מיט דער פריינט־שאַפט פון די צוויי קוזינס, און דורך זיי האָב איך געשיקט עטלעכע מאָל פּאַקעטן מיט שפּייז פאַר דער באָבען אין שפּיטאָל.

דערווייל האָט פּישזאָן אָנאָנסירט „קאָלדוניא", מיט זינאַ טעקס אין דער הויפּטראָל אַלס מירעלע; שוין שבת האָט באַדאַרפט זיין די פּאָר־שטעלונג און איך האָב זיך גענומען גרייטן. כאָטש איך האָב שוין אַ סך מאָל געהאַט געשפּילט די ראָל, פונדעסטוועגן, נאָך אַלץ נישט טרויענדיק זיך אַליין, האָב איך געוואָלט זיך איבערצייגן, צי זינג איך טאַקע מיט מיין אַמאָליקער שטים. באַ די פּראָבן האָבן מיר אַלע פאַרזיכערט, אַז נישט נאָר ווי אַמאָל, נאָר איך זינג דרייפאַכיק בעסער און פּישזאָן האָט טריומפירט, זאָגנדיק: — אהאַ, נו? ווער ווייס בעסער? איך האָב געזאָגט, אַז פון נישט האָבן קיין קינדער קאָן מען גיכער פאַרלירן אַ שטים ווי פון האָבן אפילו צען צווילינגער...

# דער פּאָגראָם אין אדעס

צו דער שבחדיקער פאָרשטעלונג זיינען אַלע בילעטן געווען אויס־פארקויפט און דער דערפאָלג איז געווען אַזוי גרויס, אַז פישזאָן האָט זיך געגרייט צו קענען שפּילן אין אדעס אַ לענגערע צייט; אָבער דאָס איז געווען פּונקט אין דער צייט ווען דער צאַר האָט מזכה געווען דאָס רוסי־שע פאָלק מיט אַ קאָנסטיטוציע און אָנגעשטעלטע כוליגאַנעס האָבן גע־נומען פייערן די קאָנסטיטוציע מיט פּאָגראָמען אַף אידן און אין אדעס האָט זיך געטאָן השך.

מיר, די אידישע איינוואוינער אין האָטעל יאַלטאַ, זיינען אַרומגע־לאָפן אין פאַנישער שרעק פון איין פּלאַץ צום אַנדערן, מיר האָבן גע־הערט פון וויטן די שויבן־ברעכעריי און שיסערייען און מיר האָבן נישט געוואוסט וואו זיך צו באַהאַלטן, צי אַפן בוידעם צי אין קעלער און פרו־מע צי נישט פרומע, האָבן אַלע, ווער הויך אַפן קול און ווער שטיל, בא זיך אין הארצן, געבעטן גאָט, אַז דער בלוטיקער שטורם זאָל אַריבער און מיר זאָלן בלייבן לעבן.

דעם האָטעל „יאַלטאַ” וואָס האָט געשמט אַלס אידישער האָטעל, וואָלט זיכער נישט געווען אויסגעמיטן דער אומגליק, ווען נישט דער גענעראַל און נאָך איינער אַ טשינאָווניק, וואָס האָט דאָרט געוואוינט מיט זיין פרוי, אַ משומדת.

באַלד ווי דער אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן, איז דער טשינאָווניק אַוועקגעלאָפן פון האָטעל און אַ שעה שפּעטער איז ער צוריקגעקומען מיט אַן אַלט פּאָר־פאָלק, זיין ווייבס אידישע עלטערן, וועלכע ער האָט געבראַכט צו זיך, כדי זיי צו באַשיצן.

ווען די פּאָגראָמשטשיקעס האָבן זיך דערנענטערט צום האָטעל און שוין געוואָלט אַריינרייסן זיך אין אים, האָט זיך דער גענעראַל געשטעלט בא איין פענסטער און דער טשינאָווניק באַם צווייטן, און פאַרזיכערנדיק די כוליגאַנעס אַז דאָ וואוינט היינט נישט קיין אידן, האָבן זיי דער־קלערט, אַז זיי וועלן דאָ קיינעם נישט אַריינלאָזן, סיידן איבער זייערע טויטע קערפּער. און אַזוי איז אונזער האָטעל מיט די אַלע אידן וואָס האָ־בן זיך דעמלט געפונען אין אים, אָפּגעראַטעוועט געוואָרן פון די מער־דער־באַנדעס.

מורא האָבנדיק, אַז דער פּאָגראָם וועט זיך איבערחזרן, זיינען זיך אַ סך אַקטיאָרן פון אונזער טרופּע צעפאָרן און פישזאָן איז גאָר אַנטלאָ־פן קיין לעמבערג. געבליבן זיינען נאָר אַ קליין הייפל אַקטיאָרן און ווען

עס האָט זיך איינגעשטילט די מהומה, האָבן זיי פון צייט צו צייט געגעבן אַ פאָרשטעלונג.

די פאָרשטעלונגען זיינען געווען אָרימע, ענלעך צו די פאָרשטעלונגען וואָס מיינע טאַטע-מאַמע האָבן געגעבן און ווייסנדיק, אַז די אַקטיאָרן שפּילן נאָר כדי צו פאַרדינען אַפן שטיקל ברויט, האָב איך זיך אַליין געמאָלדן פרייוויליק, און די טרופּע האָט מיך זייער פיין אָנאָנסירט און מיך געשטעלט בראש אַלס הויפּטראָליסטן.

טעקס האָט דערווייל באַדאַרפט אַוועקפאָרן און זעענדיק די ליידן פון מיינע חברים אַקטיאָרן, האָב איך זיי אַרויסגעהאָלפן נישט נאָר מיט מיין אומזיסטיקן מיטשפּילן, נאָר אויך מאַטעריעל, איך האָב איינגעאָרדנט מאָלצייטן און איך האָב נישט געוואוסט, אַז די אַם האָט פון טעקסן באַקומען די פאַראָרדענונג אַכטונג צו געבן אַף מיר. זי האָט טאַקע באַלד אַוועקגעשיקט אַ טעלעגראַמע צו טעקסן, אַז ער זאָל קומען, אויב ער וויל נישט אַז איך זאָל פאַרשווענדן די גאַנצע שטוב...

און טעקס איז געקומען.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ פאַרהער און כאָטש איך האָב נישט געפּרוווט לייקענען אַז איך האָב איינגעלאַדן אַקטיאָרן אַף מיטיק, האָט די אַם אין מיין קעגנוואַרט מיך באַשולדיקט, אַז איך האָב די אַקטיאָרן מיטגעגעבן גאַנצע פּעק מיט עסנווארג און עפּעס האָב איך אָנגעהויבן דערזען אַזוינס, וואָס מיר איז פריער גאָרנישט איינגעפאַלן, איך האָב דערזען, אַז די אַם פילט זיך בא טעקסן אין שטוב מער באַלעבאָסטע פון מיר און דאָס האָב איך שוין נישט געקאָנט רואיק דורכלאָזן און איך האָב געפאָדערט, אַז די אַם מוז באַלד פאַרלאָזן אונזער שטוב.

מיין פאָדערונג איז געווען אַזוי קאַטעגאָריש, אַז טעקס האָט איינגעזען, אַז אויב זי וועט נישט אַוועק, וועל איך אַוועק און ער האָט מיט איר שטיל פאַרהאַנדלט און זי האָט איינגעפּאַקט איר פּעקל און איז אַוועק.

## בראַגינסקי און פּאָדלובני

דער פּאָגראָם אין אָדעס, האָט איבערגעלאָזן שטאַרקע שפּורן און ער האָט זיך געלאָזן פילן נאָך לאַנג נאָכדעם, ווען עס האָט זיך געהערט דער לעצטער אויסגעשריי — „ביי זשידאָוו".

מען האָט נאָך נישט געקאָנט טראַכטן וועגן פּערמאַנענטע, און מען האָט זיך געמוזט באַגניגן מיט אימפּראָוויזירטע כאַפּ-פאָרשטעלונגען, פאַר וועלכע איך האָב געשענקט מיין אומזיסטע מיטבאַטייליקונג.

טעקס, וואָס פון איין זייט האָט ער מיך געזוכט צוצוהאַלטן, האָט מיך פון דער צווייטער, כסדר מער אָפּגעשטויסן. נאָכדעם ווי ער האָט געזען, אַז איך קאָן פאַרדינען געלט ביי טעאַטער און אַז איך האָב נישט פאַרלוירן די שטים, האָט אים שטאַרק פאַרדראָסן וואָס איך באַטייליק זיך אומזיסט און ער האָט מיר ווידער אָנגעהויבן קאַרגן די קאָפּיקעס און ער האָט מיר באַהאַלטן די גוטע קליידער וואָס ער האָט מיר געלאָזט מאַכן, דערלויבנדיק מיר, זיי אָנצוטאָן נאָר דעמלט, ווען ער איז מיט מיר ערגיץ געגאַנגען... יעדן טאָג זיינען צווישן אונז אויסגעבראָכן נייע קאָנפליקטן, ווייל איך האָב נישט געהאַט דעם מוט אויפצוטרעטן פעסט, האָב איך אַלעמאָל אָפּגעטראָטן און וויינענדיק זיך אונטערגעוואָרפן זיין ווילן.

אין דער צייט פון מיינע כסדרדיקע קאָנפליקטן מיט טעקסן, האָבן זיך געיאַוועט צוויי פערזאָן, וואָס האָבן מיר אַרויסגעוויזן ליבע און ביידע האָבן ביי מיר געפאָדערט, אַז איך זאָל זיך גטן מיט טעקסן.

איינער איז געווען **מישאַ בראַגינסקי**, פישזאָנס שוואָגער, אַ סטודענט פון אוניווערזיטעט, און דער אַנדערער איז געווען **פּאָדלובני**, דעם אַקטיאָר פּאָדלובנים אַ ברודער, אַן אויסגעדינטער קאַפּעל־מייסטער.

בראַגינסקי איז געווען אַ זייער אנגענעמער, אָבער אַ זייער נאַאיווער בחור און ער האָט מיט מיר גערעדט וועגן ביכער און פּאָעזיע און רעציטירנדיק פאַר מיר גאַנצע פּאָעמעס פון אויסנווייניק, האָט ער מיר דערנאָך געמאַכט ליבעס דערקלערונגען אפן שטייגער ווי ער האָט עס רעציטירט אין די פּאָעמעס... און כאָטש מיר איז געווען זייער אָנגענעם אין זיין געזעלשאַפט, האָב איך אָבער צו אים אַבסאָלוט נישט מער געפילט ווי אַ שוועסטערלעך געפיל, און נאָך יעדע ליבעס דערקלערונג וואָס ער האָט מיר געמאַכט, האָב איך אים נאָר אויסגעמוסרט, און געזאָגט, אַז איך בין דאָך אַ פרוי פון אַ מאַן און אַ מאַמע פון אַ קינד...

האָט ער אַ טרויעריקער אויסגעהערט מיינע מוסר־רייד און ווייטער באַזינגען זיין ליבעס־שמערץ.

פּאָדלובני איז געווען אַן אַנדער טיפּ. ער האָט זיך געפּרואווט גיין אף כח. ער איז געווען אַ לעב־מענטש און ער האָט געהאַלטן פון דעם כלל, אַז וואָס מען נעמט נישט אף כח דאָס האָט מען נישט; האָט ער אויך געוואָלט באַ מיר גיין מיט דעם כלל, אָבער ער האָט זיך שנעל איבערצייגט, אַז ער וועט באַ מיר אף כח גאָרנישט אויספירן, און ער האָט געענדערט זיין טאַקטיק. ער האָט אָנגעהויבן אַרויסווייזן אַ גרויסן אינטערעס צו מיין געמוטשעט לעבן און ער האָט זיך אַרויסגעשטעלט אַלס מיטפילנדיקער חבר, וואָס וויל נאָר זען מיין גוטס און ער האָט מיר אָנגעהויבן פאָרשטעלן ווי גוט עס וועט מיר זיין, ווען איך וועל זיך באַפרייען

פון טעקסן... ער האָט מיר אָנגעהויבן אויסרעכענען אַ צעטל מיט פאַקטן וואָס האָבן מיך געמוזט איבערצייגן, אַז טעקס האָט נישט נאָר געהאַט צוויי ווייבער פאַר מיר, נאָר ער האָט אויך היינט עטלעכע ווייבער און פּאַדלובני האָט מיר אַפילו געוואוסט צו דערציילן; אַז די אַם וואָס איך האָב אַרויסגעטריבן וואוינט נישט וויט פון אַדעס און טעקס איז דאָרט בּאַ איר אַן אָפטער גאַסט...

## איך פאָר קיין וואַרשע

ווי איך האָב נישט געהאַט קיין אונטערנעמונגס־גייסט, ווייל איך בין פּאַקטיש נאָך קיינמאָל נישט געווען אינגאַנצן זעלבּסטשטענדיק, און ווי מילד עס איז געווען מיין נאַטור און איך האָב זיך נישט געקאָנט שטעלן עקשנותדיק פאַרן דערגרייכן פון מיינס אַ ציל, האָב איך אָבער שוין אָנגעהויבן פילן, אַז עפּעס אַן איבערברוך אין מיין לעבן מוז קומען.

עס וואָלט געווען לעכערלעך צו טראַכטן, אַז איך בין אַף טעקסן גע־ווען אייפערזיכטיק; איך האָב אים צו וויניק ליב געהאַט און ער האָט מיר געגעבן גענוג אורזאַכן, אַז איך זאָל אים צופיל פיינט האָבן, און די אַלע ידיעות וואָס איך האָב באַקומען וועגן אים האָבן מיך געשטאַרקט און געמוטיקט, אַז איך זאָל זיך באַפרייען פון אים.

דעמלט איז גראָד סאַניאַ קאָמפּאַניעיעץ ,בעקערס געוועזענע פרוי, געווען אין אַדעס און זי האָט זיך מיט מיר זייער דערפרייט און זי האָט מיר דערציילט, אַז איר ברודער קאָמפּאַניעיעץ איז אין וואַרשע און זי האָט מיך אָנגעהויבן צורעדן, איך זאָל פאָרן אַהין.

זי האָט געשריבן צום ברודער וועגן מיר, זי האָט געהאָפט, אַז אויב ער וועט מיך וועלן נעמען קיין וואַרשע, וועט ער זי פאַראייניוועגס אויך אַריבערנעמען..

קאָמפּאַניעיעץ האָט באַ מיר טעלעגראַפיש אָנגעפרעגט צי איך וויל פאָרן קיין וואַרשע און איך האָב זיך לאַנג נישט געדאַרפט צוגרייטן שטילערהייט, ווייל אַט איז טעקס אַרויסגעפאָרן פון אַדעס און פּאַדלובני, וועלכער האָט געוואוסט פון אַלע סודות, האָט מיר איבערגעגעבן, אַז טעקס איז שוין ווידער באַ דער אַם אַף אַ וויזיט; האָב איך אויסגענוצט די געלעגנהייט, גענומען מיין פּעקל זאַכן, איך האָב נאָך געדונגען אַ קריסטלעך מיידל אַלס ניאַניע פאַר צילין און מיר זיינען אַרויסגעפאָרן פון אַדעס קיין וואַרשע.

## מאַקאַטאַוו - קראָלעווסקי - מוראַנאַוו

אין וואַרשע איז דעמלט געווען אַ יריד פון אידישע אַקטיאָרן.

אין וואַרשע האָט מען דעמלט דערלויבט צו שפּילן אידיש טעאַטער און אידישע אַקטיאָרן, אידישע טעאַטער אונטערנעמער, האָבן זיך צע־פירט די הענט. עם זיינען געגאַנגען בריוו און עם זיינען געפלויגן טע־לעגראַמעס און יעדן טאָג זיינען געקומען נייע אַקטיאָרן און מען האָט אָרגאַניזירט גרויסע טרופּעס און מען האָט געזוכט צו קענען קאָנקורירן, סיי מיטן פּאַרנעם פון די פאָרשטעלונגען און, סיי מיט די אַרטיסטישע כחות. געשפּילט האָבן דעמלט אין וואַרשע דריי טעאַטערס.

אין מאַקאַטאָווער טעאַטער האָט געשפּילט אסתר־רחל קאַמינסקי; אין קרולעווסקי טעאַטער האָט אַקטואירט סעם אַדלער מיט זיין טרופּע און קאָמפּאַניעיעץ האָט געהאַט דעם טעאַטער אױף מוראַנאָוו, וואו איך האָב באַדאַרפט אויפטרעטן.

קומענדיק קיין וואַרשע, האָט מיך קאָמפּאַניעיעץ אָפּגעוואַרט, ער האָט מיך אין אַ קאַרעטע געפירט שפּאַצירן איבער דער שטאָט און איך האָב איבעראַל געזען גרויסע אַפישן וואָס האָבן מיט גרויסע אותיות און מיט אַ גרויסער קלישע פון מיין בילד, געמאָלדן דעם וועלטן פּובליקום, אַז — „נישט שפּאַרנדיק די גרויסע מי און נאָך גרעסערע הוצאות, איז אונז געלונגען צו אַנגאַזשירן פאַר אונזער טעאַטער די באַרימטע פּרימאַ־דאָנע זינאַ טעקס־ציפּקוס און זי וועט אויפטרעטן אין איר דערפּאָלגרייכער פּראַכטראָלע אלס „שלומיסל” אין „אשה רע”...”

איך בין געפאָרן אין דער קאַרעטע, פון אַלע זייטן האָט מען געקוקט צו אונז, אָבער איך האָב נישט געזען די מענטשן; איך האָב נאָר געזען ווי די אַפישן קוקן אַראָפּ פון די ווענט און גלייך אױף מיר און עם האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז גאַנץ וואַרשע איז איין גרויסער פּלאַקאַט און ער שרייט צו מיר: — זינאַ, דו האָסט איצט אַ מעגלעכקייט צו ווערן אַ זעלבסטשטענדיקער מענטש און זיך באַפרייען פון דעם כיראָמאַנט מאַרקוס טעקס!...

דאָס איז פּאַקטיש געווען צום ערשטן מאָל, וואָס מען האָט מיך אין אַזאַ גרויסער שטאָט ווי וואַרשע אַזוי שטאַרק אַנאָנסירט און ווייסנדיק, אַז דאָ זיינען פאַראַן דריי טעאַטערס און אַזויפיל אַקטיאָרן, האָב איך זיך טאַקע מיט הייליקן ציטער, פּונקט אַזוי ווי צו מיין ערשטן אויפטריט אלס קינד פון „דר. אלמאַסאדאַ”, געגרייט צו מיין אויפטריט. איך האָב נישט געזען די אַלע אַקטיאָרן און אַקטריסעס וואָס זיינען מיך געקומען באַגריסן, איך האָב נישט געפילט זייערע אומאַרמונגען, מיין האַרץ און מיין מוח זיינען געווען פאַרטראָגן ערגיץ ווייט־ווייט, הויך אין די הימ־לען און איך בין געגאַנגען צו מיין דעבוט ווי אין אַ היפּנאָטיזירטן צו־שטאַנד.

איך בין אויפגעטראָטן און איך האָב געזיגט.

דער טעאַטער איז געווען פול געפּאַקט און אויף די דורכגענג זיינען גע־שטאַנען נייגעריקע אַקטיאָרן וואָס זיינען געקומען זען מיין דערפּאָלג אָדער דורכפאַל. און מיין דערפּאָלג איז געווען אַזוי גרויס, אַז דער דע־מלסדיקער טעאַטער־קריטיקער קיפּנים האָט געשריבן אַ רעצענזיע, אַז: — „אויף דער בינע שטייט אַ דאַר נפשל און אנשטאָט ביי „אָבער צע" זי זאָל זיך וואַרפן און עס זאָל זיך מערקן אָנשטרענגונג ווי געוויינלעך ביי אַנדערע אַקטריסעס, שטייט זי רויאיק און עס גלויבט זיך גאָרנישט, אַז דאָס גיט זי דאָס אַרויס אַזאַ לויטערע גינגאָלדענע שטים..."

דער מוראַנאָוו־טעאַטער האָט באַקומען אַ שם אין וואַרשע און מיר האָבן געשפּילט פאַר פול־געפּאַקטע זאַלן. קינדער האָבן מיר געשיקט בלומען אויף דער בינע און פאַרשטייט זיך, אַז עס האָבן שוין נישט גע־פעלט קיין בעלי־קנאה און מען האָט אָנגעהויבן מורמלען, אַז איך קויף אַליין איין די בלומען און לאָז זיי מיר דערלאַנגען אויף דער בינע. און ווען איך האָב זיך דערוואוסט וועגן די מורמלערייען, האָט עס מיך שטאַרק פאַרדראָסן און איך האָב איינמאָל נאָך אַ פאָרשטעלונג, ווען מען האָט מיר געבראַכט בלומען אויף דער בינע, אַרויסגעפּאָדערט, אַז די וואָס האָבן מיך באַשענקט מיט בלומען, זאָלן אַרויפקומען אויף דער בינע. עס זיינען טאַקע באַלד אַרויפגעקומען אַ גרופּע מיידלעך, צווישן זיי זיינען געווען די שפּעטערדיקע באַוואוסטע אַקטריסעס **לוסי גערמאַן**, איר שוועסטער **באַרא** (היינט סקולניקס פרוי), די בוטקין און **ראָזאַ ברין**.

דאָס באַווייזן די אַקטיאָרן וועד עס זיינען די וואָס באַשענקען מיך מיט בלומען, איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער גייסטיקער טריומף און ווי דער עולם אין טעאַטער וואָלט עס געפּילט, ווייל אָט זיינען די מיידלעך געשטאַנען אַרום מיר אויף דער בינע און דער עולם האָט אונז אַזוי שטאַרק אַפּלאָדירט, אַז דאָס טעאַטער האָט ממש געשטורעמט.

## איך פאָדער אַז טעקס זאָל קומען

עס איז ווערט געווען מיין אָנשטרענגונג אַרויסצורייסן זיך פון טעקסנס ממשלה.

מיין קאַריערע אַלס זעלבסטשטענדיקע קינסטלערן איז געווען דער־גרייכט. אָבער כאָטש איך האָב כסדר געלעבט און געשוועבט אין די ליב־מיקע הימלען פון מיינע דערפּאָלגן, האָט מיך פאָרט כסדר באַגלייט אַ שאָ־טן, אַ שאָטן וואָס האָט מיך געשראָקן, אַז אָט־אָט און אַלעס וועט ווידער ווערן וואָכעדיק און טרויעריק.



**אסתר־רחל קאַמינסקי**

די גרויסע אידישע בינע־קינסטלערן וואָס איז געקרוינט
געוואָרן מיטן נאָמען
„די מאַמע פון אידישן טעאַטער אין פוילן"



ז י נ אַ   ר אַ פּ ע ל
אין אַ ראָל פון סאָקאָלאָווסקים פּיעסע „אומשולדיק־
שולדיק", געשפּילט צוזאַמען מיט אסתּר־רחל
קאַמינסקי, אין וואַרשע 1921.

מיינע דערפאָלגן אַף דער בינע האָבן גערופן די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע אַקטיאָרן און אפילו פון רייכע פריוואַט-מענטשן, וואָס האָבן זיך אַנגעהויבן דרייען אַרום מיר. איך האָב געהאַט פאַרערער אַף אַלע זייטן, פונדעסטוועגן האָב איך פאַרשטאַנען, און אפשר גאָר מער געפילט, אַז אויב איך האָב שוין געזאָגט און גענומען מיין גורל אין אייגענע הענט, מוז איך מיך שוין דערפירן ביז צו אַ ברעג.

און אין איין טאָג, האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צו טעקסן, אַז ער זאָל וויסן, מען טשעפּעט זיך צו מיר פון אַלע זייטן און איך קאָן זיך נישט אָפּטשעפּען און איך וויל, אַז ער זאָל באַלד קומען.

און עס האָט בלויז גענומען עטלעכע טעג און טעקס איז געווען אין וואַרשע.

טעקס האָט זיך אָבער באַלד נאָך זיין אָנקומען געמוזט איבערצייגן, אַז איך האָב אים נישט אַרויסגעפּאָדערט כדי ער זאָל מיך „באַשיצן", נאָר גיכער האָב איך דערביי געהאַט גאַנץ אַנדערע כוונות. ער איז אַרומ־געגאַנגען בלאַס און דענערווירט, ער האָט זיך געפּרואווט ווייזן גוט צו מיר, אָבער מיין גלייכגילטיקייט האָט אים אַרויסגעבראַכט פון די כלים און ער האָט אָנגעהויבן פאָדערן פון מיר חשבון, פאַרוואָס און צו־וואָס איך האָב אים געהייסן קומען קיין וואַרשע.

עס האָבן זיך אָנגעהויבן צווישן אונז סכסוכים, אַקטיאָרן האָבן מיך געהעצט פון איין זייט און פון דער צווייטער האָט מען אים אויך גע־העצט, אַלע האָבן איינגעזען, אַז מיר זיינען נישט קיין פּאָר און מען האָט מיך געוואָלט זען אַ באַפרייטע פון אים; אָבער ער האָט זיך אַזוי לייכט נישט אונטערגעגעבן.

דעמלט האָט מען אין די טעאַטער-קרייזן זייער פיל גערעדט וועגן אַ פּיעסע פון אַ פרעמדן שרייבער, אַ געוויסן סטרינדבערג; די פּיעסע האָט געהייסן „דער פאָטער" און מען האָט זייער פיל גערעדט וועגן אַ סצענע פון דער פּיעסע, ווען די פרוי דערקלערט איר מאַן, אַז די קינדער זיינען נישט זיינע. און וויל טעקס האָט יעדעס מאָל ווען איך האָב גע־רעדט מיט אים וועגן אַ שיידונג, דערמאַנט, אַז איך בין די מאַמע פון זיין קינד און ער דאַרף בלייבן דער טאַטע, איז מיר געקומען אַפן גע־דאַנק און מאַנכע אַקטיאָרן האָבן מיך צוגערעדט דערצו, אַז איך זאָל אים אויך זאָגן, אַז צילי איז נישט פון אים און ער האָט נישט קיין שום רעכט זיך צו רופן איר טאַטע, און ער דאַרף מיר געבן אַ גט.

אָבער ווען איך האָב אַ טראַכט געטאָן וועגן עפעקט, וואָס אַזאַ זאָג קען מאַכן אַף טעקסן, האָב איך אַליין אויפגעשוידערט און כאָטש איך האָב טעקסן שטאַרק פיינט געהאַט, האָב איך געפילט, אַז אַזאַ ליגן קאָן

איך נישט באַנוצן און איך וויל קיינעם נישט צעשמעטערן, מעג עס זיך אפילו האַנדלען וועגן מיין פרייהייט און גליק.

(אין מיין שפּעטערדיקער קאַריערע אַלס אַקטריסע, האָט מען מיר אַ סך מאָל געוואָלט געבן צו שפּילן די ראָל פון דער פרוי אין סטרינבערגס „פאָטער" און איך האָב זיך אַלע מאָל אָפּגעזאָגט פון איר, פּילנדיק אַן עקל צו אַזאַ פרוי, וואָס קאָן צוליב איר האַס צו אַ מאַן, פאַרגיפטן זיין געמיט מיט אַזאַ ליגן און איך האָב טאַקע אין דער פיעסע געשפּילט בלויז די ניאניע, וואָס פילט באַרעמהאַרציקייט צום אומגליקלעכן פאָטער...).

טעקס האָט איינגעזען, אַז דאָס שפּיל איז אַלציינס פאַרן טייוול, אגב האָט ער זיך אין האָטעל וואו ער האָט געוואוינט באַקענט מיט אַ מיידל, אַ טאָכטער פון אַן אַדוואָקאַט און ער האָט זיך מיט איר אַזוי פאַרדרייט, אַז ער איז ענדלעך איינגעגאַנגען מיר צו געבן אַ גט און אויסהאַנדלענדיק די קאָנדיציעס, אַז איך דאַרף אים אָפּגעבן אַלע זאַכן וואָס ער האָט מיר געמאַכט און געקויפט און אויך אויסהאַלטן די הוצאות פון גט, און דערפאַר לאָזט ער צילין בא מיר, זיינען מיר ענדלעך אַוועק צום ראַבינאַט און פון האָרט בין איך אַרויס אַ יונגע פרוי, אַ מאַמע פון אַ קליין זיס מיידעלע, און אַ פרייער זעלבסטשטענדיקער מענטש.

נאָך די זעלבע וואָך נאָכן גט, האָט טעקס חתונה געהאַט מיט דעם מיידל, דעם אַדוואָקאַטס טאָכטער, און גלויבנדיק אַז ער וועט מיך דערמיט רייצן, איז ער געקומען מיט זיין נייער פרוי אין טעאַטער און זיך געזעצט אין דער ערשטער ריי.

אָבער די פרייד מיינע וואָס איך האָב זיך ענדלעך באַפרייט פון אים, איז געווען אַזוי גרויס, און מיינע דערפאָלגן אויף דער בינע האָבן מיך אַזוי פאַרשיכורט, אַז איך האָב נישט נאָר נישט געזען טעקסן, נאָר איך האָב אפילו נישט קיין טראַכט געטאָן וועגן אים.

נאָכן גט, האָב איך אפילו מער נישט געפילט דעם האַס צו אים, איך האָב אים געוואונטשן אַלדאָסגוטס, אַבי איך בין פריי און איך קאָן זיך אָן מורא אז עמיץ וועט מיר שטערן, איינגאַנצן ווידמען פאַרן אידישן טעאַטער.

# פינפצנטער קאַפּיטל:

בראַגינסקי און פּאַדלובני קומען קיין וואַרשע — נאַאיוויטעט און וועלט־שמערץ — פּאַדלובני וויל גיין אַף זיכער — דאָס קאַראַקולענע היטל און דער קאַשקעט — אויבער־וועלט און אונטערוועלט — אַסיפּ אַכיפּאָוויטש מאָסקאָוויטש און בערקע דער שטאַרקער — טיפּן פון דער אונטערוועלט — די אַמאַליקע „פּרייטיקצונאַכטן” — בערקע דער שטאַרקער דערקלערט זיך מיר אין ליבע — מען וויל מיך אַרויסנאַרן פון מוראַנאָוו־טעאַטער — לייזער ראַפּעל — טעאַטער אַלס שול און פּובליקום אַלס שילער — פאַרוואָס קומען זיי נישט, די קריטיקער? — לייזערס אינטימע איבערלעבענישן — קרבנות פון אידישע טעאַטער־וואַנדערונגען — לייזער ראַפּעלס קליינע יתומהלע — איך האָב חתונה מיט לייזער ראַפּעל

## בראַגינסקי און פּאָדלובני קומען קיין וואַרשע

איך ווייס נישט צי איז עס אינסטינקט, צי שטעקט עפּעס אַ כשוף אין דעם, איך ווייס נאָר פון אַלעמאָל, אַז יעדע געשעעניש אין אַ טרופּע אָדער ביי אַן אַקטיאָר, ווערט באַלד באַקאַנט צווישן אַקטיאָרן אין אַנדערע שטעט און אַפילו אין אַנדערע לענדער.

עס זיינען נאָך דעמלט נישט געווען קיין דראָטלאָזע טעלעגראַפן, מען האָט נאָך דעמלט געזונגען גאָלדפאַדנס ליד — „עס וועט קומען אַ צייט פון אייזנבאַנען” און אין אַ סך שטעטלעך האָט נאָך דאָס ליד געקלונגען ווי צוקונפטס־מוזיק, און דאָך, ווי נאָר איך האָב זיך באַפרייט פון מאַרקוס טעקס דעם כיראָמאַנט, האָבן זיך באַלד דערוואוסט וועגן דעם אַקטיאָרן אין אַנדערע שטעט און אַ סך פון זיי האָבן אָנגעהויבן טראַכטן, אַז אפשר בין איך גאָר פאַר זיי באַשערט און זיכער האָבן נישט געפעלט, אַזעלכע, וואָס האָבן בלויז צוליב „געשעפט”, געוואָלט פּרוואון זייער מזל באַ מיר און יעדן טאָג האָבן זיך צו מיר געיאַוועט נייע „ליבהאבער”, וועלכע האָבן געפּרואווט מיך פאַרשטריקן אין זייער נעץ פון שיינע ווערטער. פלוצלינג איז אויך אָנגעקומען פּאָדלובני, דער אויסגעדינטער קאַפּעלמייסטער; ער האָט זיך צו מיר אַ נעם געטאָן ווי אַן אַלטער פריינט וואָס האָט שוין אַ רעכט צו גיין אַפן גאַנצן זיכער, ווייל ער האָט דאָך נאָר געוואַרט, אַז איך זאָל פריי ווערן פון טעקסן און ער איז דאָך ספּעציעל געקומען צו מיר...

איך בין דעמלט ערשט אַלט געווען צוויי און צוואַנציק יאָר. מיינע

דערפֿאַלגן אַף דער בינע זיינען געשטיגן פֿון טאָג צו טאָג און מיין רום איז דערמיט געוואַקסן און געלאָקט אַלץ נייע פּאַרערער און עס האָט זיך מיר נאָר געוואָלט לאַכן, ווען איך האָב אָבסערווירט, ווי איינער וויל איבערקליגן דעם צווייטן און ווי יעדער האָפֿט, אַז ער מיט זיין חכמה און געשליפֿענעם צינגל, וועט זיכער באַזיגן די איבעריקע.

אפֿן אַקטיאָרישן יריד אין וואַרשע האָט זיך דעמלט אויך געפֿונען בראַגינסקיס שוועסטער און ווי נאָר איך האָב זיך באַפֿרייט פֿון טעקסן, האָט זי אַוועקגעשריבן צום ברודער און ער איז שנעל געקומען פֿון אָדעס און פּונקט ווי דאָרט, האָט ער מיר אויך אין וואַרשע אָנגעהויבן דעקלאַמירן פֿון אויסנווייניק גאַנצע ליבעס פּאָעמעס, שווערנדיק זיך דערנאָך, אַז זיין ליבע צו מיר איז טויזנטפֿאַכיק שטאַרקער און הייליקער ווי די ליבע פֿון די פּאָעמעס...

איך האָב שוין דערמאָנט, אַז בראַגינסקי איז אַ סטודענט פֿון אוניווערזיטעט. ער איז געווען זייער אַן איידעלער און געפֿיל-פֿולער סענטימענטאַלער בחור, און ער האָט מיך מיט זיין באַנעמען, אַ סך מאָל דערמאָנט אָן מיין ערשטער ראָמאַנטישער איבערלעבונג, אָן באָריסן דעם פּראָוויזאָר פֿון טאָלטשין.

נאָר אויב איך האָב נאָך געקאָנט בראַגינסקין אָפּקומען מיט אַביסל מוטערלעכן מוסר, האָב איך דערפֿאַר מיט פּאָדלובנין געהאַט צו זינגען און צו זאָגן.

ער האָט זיך צו מיר פּשוט געטשעפּעט מיט פּרעטענזיעס און אַף כּח האָט ער מיר געוואָלט איינריידן, אַז איך האָב זיך געגט מיט טעקסן נאָר צוליב אים...

ער איז געווען אַזוי צודרינגלעך, אַז איך האָב זיך קעגן אים נישט געקאָנט געפֿינען קיין עצה און אגב איז ער נאָך געפֿאַלן אַף אַ פּלאַן, ער איז געווען געענוג דורכגעטריבן אום צו פֿאַרשטיין אַז אין מיין רום, איז פֿאַר מיר טעאַטער אַלץ אין דער וועלט און ער האָט פֿאַר מיר אָנגעהויבן מאָלן בילדער פֿון מיין צוקונפֿט, ווי גרויס און באַרימט איך וועל זיין איבער דער גאַנצער וועלט, וואָס ער וועט אַלץ טאָן פֿאַר מיין קינסטלערישן רום... אָט אַ די ריידעלעך, האָבן באַוויזן מער אויפֿצוטאָן ווי זיינע נאַכאַלסקע פּרעטענזיעס און ווער ווייס צי ער וואָלט מיך נישט געווען געווינען, ווען דער דירעקטאָר שליאָסבערג, וואָס איז דעמלט אויך געווען אין וואַרשע און דירעקטירט אין אונזער טעאַטער, ווען ער זאָל מיך נישט געוואָרנט וואָרענען קעגן פּאָדלובנין, אַז ער איז אַ לייכטזיניקער מענטש, אַ „לייכטער גייער", און אַז ביי אים קאָן מיר זיין אַ סך ערגער ווי ביי טעקסן...

# דאָס קאַראַקולענע היטל און דער קאַשקעט

מיין באַפרייען זיך פון טעקסן, האָט פאַר מיר געעפנט אַ וועלט פון יוגנטלעכער פרייד, אָבער די פריידיקע וועלט האָט אויך געהאַט נישט ווייניק שאָטן-זייטן.

א חוץ די פרייע, די אַקטיאָרן און ווייבער וואָס האָבן זיך כסדר גע־דרייט אַרום מיר און געזוכט צו געווינען מיין לאַסקע, האָבן זיך אויך צו מיר גענומען טשעפּען פאַרהייראַטע אַקטיאָרן; זיי האָבן געהאַפט, אַז די יונגע גרושה וועט זיך פון זיי לאָזן „טרייסטן" און עס האָט מיך געקאָסט נישט ווייניק מי און עגמת-נפש, ביז איך האָב זיי געקאָנט געבן צו פאַרשטיין און צו פילן, אַז זייער מי איז אַן אומזיסטע, אַז איך האָב זיך נישט באַפרייט פון טעקסן כדי צו ווערן אַ מאכל פאַר אַלעמען...

א חוץ אַקטיאָרן, האָט זיך מיט יעדן טאָג פאַרמערט די צאָל פון מיי־נע פאַרערער פון פובליקום.

מיין אויפטריט אַלס „שולמית" איז געווען אַ גרויסע געשעעניש און יעדע נאַכט בין איך באַשאָנקען געוואָרן מיט גרויסע בוקעטן בלומען און נאָך דער פאַרשטעלונג, האָט מען מיך אָפּגעוואַרט אינדרויסן און מען האָט מיר געמאַכט אָוואַציעס. צווישן די פאַרערער, האָבן זיך אַמערסט אויסגעטיילט צוויי פערזאָן; איינער איז געווען אַ רייך-געקליידעטער מאַן מיט גאָלדענע פּענסנע און מיט אַ קאַראַקולענע היטל אַפן קאָפּ, און דער צווייטער איז געווען אַ כוואַט אין לאַקירטע שטיוועלעך מיט אַ קאַשקעט מיט אַ גלאַנציקן ברייטן דאַשעק.

די צוויי האָבן זיך קעגנזייטיק ריוואַליזירט, און יעדער פון זיי האָט געוואָלט זיין נענטער צו מיר. ווען דער מיטן קאַראַקולענעם היטל האָט מיר א חוץ דעם בוקעט וואָס ער האָט מיר געשיקט אַף דער בינע, אויך אינדרויסן דערלאַנגט אַ גרעסערן בוקעט בלומען, האָט דער מיטן קאַש־קעט, אַפּצומאָרגנס, מיר געבראַכט נאָך אַ גרעסערן בוקעט און ביידע זיינען נאַכט-איין נאַכט-אויס געזעסן, אַמאָל צוזאַמען און אַמאָל באַזונדער, אָבער ביידע אין דער ערשטער ריי, אַף די טייערסטע פּלעצער און די אַקטיאָרן פון אונזער טרופּע האָבן שוין געוואוסט, אַז ווי נאָר זיי זיינען דערשינען אַף דער בינע, זאָלן זיי אַרויסקוקן דורכן לעכל פון פאָרהאַנג און זען, צי דאָס קאַראַקולענע היטל מיטן קאַשקעט זיינען שוין אין טעַ־אַטער און יעדע נאַכט האָט מען געהערט אויסרופן: — זיי זיינען שוין דאָ, מען קאָן שוין אָנהויבן...

עס קאָן זיין, אַז א סך אין אונזער טרופּע האָבן טאַקע מער געשפּילט פאַר די צוויי ווי פאַרן איבעריקן עולם, ווייל ווי איך האָב זיך דערנאָך

דערוואוסט, האָבן די צוויי נישט געזשאַלעוועט מיט קיין מתנות און הוליאַנקעס פאַר די אַקטיאָרן פון אונזער טרופּע, האָפנדיק, אַז די אַקטיאָרן וועלן זיי פאַרהעלפן מיט מיר זיך צו באַקענען פּערזענלעך.

## איבער-וועלט און אונטערוועלט

דאָס „קאַראַקולענע היטל" מיטן „קאַשקעט", האָבן מיט זיך פאַרגעשטעלט צוויי וועלטן. די איבער-וועלט און די אונטערוועלט.

עס האָט זיך זייביידע איינגעגעבן זיך צו באַקענען מיט מיר.

צוערשט, האָט דער מיטן קאַראַקולענעם היטל איינגעאָרדנט אַ באַנקעט פאַר דער גאַנצער טרופּע און אַראַנזשירט האָט ער דעם באַנקעט אַזוי, אַז איך זאָל זיצן אויבנאָן און ער טאַקע נעבן מיר.

אונזערע אַקטיאָרן זיינען אַלע געווען אין זייערע גאַלאַ-קליידער און זיי האָבן זיך געפילט ווי מחותנים אַף דעם יום טוב. דער באַנקעט איז פאָרגעקומען אין אַ רייכער קאָנפּיטעריע און דאָרט האָט זיך ערשט דער מיטן קאַראַקולענעם היטל פאָרגעשטעלט פאַר מיר: — **אָסיפ אָסיפאָוויטש מאָסקאָוויטש.**

און בעת אַקטיאָרן האָבן זיך געלאָזן וואולגיין מיט עסן און טרינקען און מיט פרייליכע וויצן, האָט מאָסקאָוויטש מיר דורכדרינגלעך אַריינגעקוקט אין די אויגן און איך האָב געפילט ווי זיינע סאַמעטענע בליקן גלעטן מיר מיין האַרץ און ער האָט אַזוי איידל און אַזוי פּשוט געזאָגט:

— „איך פיר גרויסע געשעפטן, איך בין זייער רייך, און זייט צוויי יאָר בין איך אַן אַלמן. איך האָב מיין פרוי זייער שטאַרק ליב געהאַט, זי איז געשטאָרבן אין קימפּעט; דאָס קינד איז געבליבן לעבן און איך האָב באַשלאָסן קיינמאָל מער נישט חתונה צו האָבן. אָבער ווען איך האָב אייך דערזען, האָב איך פאַרלוירן מיין רו. איך בענק נאָך אייך און איך בין גרייט אייך צו נעמען מיט זיך אין מיין רייכער היים, אבי איר זאָלט מיר נאָר זאָגן דאָס וואָרט יאָ..."

איך בין געווען אַזוי איבעראַשט פון דעם פּלוצלינגדיקן פאָרשלאָג פון דעם רייכן און איידעלן, אָבער דאָך ווילד פרעמדן מענטשן, אַז איך בין אַזש געבליבן אָן לשון און ער האָט מיר אַרויסגעהאָלפן פון מיין פאַרלעגנהייט, זאָגנדיק, אַז ער וויל נישט מיין ענטפער אַפן מאָמענט, נאָר איך זאָל זיך איבערלייגן און באַרעכענען און זיך צוהערן צו דער שטים פון מיין האַרץ...

די גאַנצע נאַכט נאָך דעם באַנקעט, האָב איך נישט געקאָנט שלאָפן. איך האָב געוואָלט טראַכטן וועגן דעם פּלוצלינגדיקן פאָרשלאָג, נאָר גע-

טראַכט האָט זיך מיר גאַנץ עפּעס אַנדערש. איך האָב זיך פלוצלינג דער־מאַנט אָן די מעשהלעך וואָס די מומע סאָסיע האָט מיר אַלס קינד דער־ציילט און איך האָב געזען דעם פּרינץ אין בעטלער־קליידער און ווען ער האָט פון זיך די בעטלער־קליידער אַראָפּגעוואָרפן, האָב איך געזען דעם רייכן סוחר אין קאַראַקולענעם היטל, ווי ער האַלט אַ גאָלדן שיכעלע אין האַנט און ער בעט מיך, אַז איך זאָל עס אָנמעסטן אױף מיין פוס...

אויפגעשטאַנען בין איך צומאָרגנס מיט אַ קאָפּ־ווייטיק און די אַק־טיאָרן האָבן זיך ווייזט אויס געכאַפּט, אַז דאָס „קאַראַקולענע היטל" האָט מיך פריטשמעליעט און זיי האָבן אָנגעהויבן מורא האָבן, אַז איך זאָל זיי נישט פאַרלאָזן; האָבן זיי געזוכט קעגנ־צו־ווירקן; זיי האָבן אָנגעהויבן חוזקן פון דעם „קאַצאַפּסקע יאָלד", וואָס מוז אודאי שטאַמען פון אַ ניקאָלאַיעווסקע סאָלדאַט און איינער האָט געמאַכט אַ באַמערקונג, אַז אַזאַ איינעם איז גוט אויסצונוצן, אָבער לעבן מיט אַזאַ איינעם קאָן מען נישט, ווייל אונזערע מענטשן זיינען גאַנץ עפּעס אַנדערש...

דער דורכגעפירטער באַנקעט האָט געהאַט אַן אָפּקלאַנג און באַלד האָט זיך געיאַוועט דער „קאַשקעט" און ער האָט אויך געוואָלט איינאָר־דנען אַזאַ באַנקעט; ער האָט געזאָגט, אַז זיין באַנקעט וועט זיין נאָך רייכער און מאַנכע אַקטיאָרן האָבן אָנגעוויזן, אַז מען טאָר זיך מיט אים נישט איינרייסן, ער איז באַקאַנט אין וואַרשע אַלס בערקע דער שטאַר־קער און ווי קאָן זיין צו אונז אַלע, אויב מען וועט אים פּרוואָון אָפּזאָגן...

אַ גאַנצן טאָג האָבן די אַקטיאָרן נאָר גערעדט וועגן בערקע דעם שטאַרקן. זיי האָבן געוואָלט, אַז איך זאָל מסכים זיין צום באַנקעט, ווייל מען טאָר זיך מיט די חברה נישט איינרייסן; זיי האָבן מיר דערציילט, אַז דער בערקע, איז דער הויפּטמאַן פון די וואַרשעווער אַלפאָנסן און ביי אים צו דערלאַנגען מיט אַ מעסער אין זייט, איז אַזוי ווי ביי אַן אַקטיאָר אָפּזאָגן אַ קליינעם רעפּליק...

הערנדיק וואָס פאַראַ „תכשיט" מיין פאַרערער מיטן קאַשקעט איז, זיינען אין מיר פאַרקילט געוואָרן די בלוטן און איך האָב באַנאַכט פשוט מורא געהאַט צו גיין אין טעאַטער. קיין באַנקעט פון אַזאַ פאַרערער האָב איך נישט געוואָלט, איך האָב געהערט אַז ביי די באַנקעטן פון די אונ־טערוועלט־העלדן שטעכט מען זיך מיט מעסערס און פיינטער פון אַלץ, און געשראָקן פאַר מער ווי פאַר אַלץ, האָב איך זיך פאַר געשלעגן, און נאָך דערצו פאַר געשלעגן פון אַזעלכע מעסער־העלדן.

איך ווייס נישט ווי אַזוי די אַקטיאָרן און די דירעקטאָרן האָבן באַ־רואיקט דעם „קאַשקעט", אַז ער זאָל נישט זיין צודרינגלעך מיטן באַנ־קעט, אָבער ווייזט אויס, אַז זיי האָבן אים צוגעזאָגט מיך פאַרצושטעלן,

ווייל צוויי טעג שפּעטער, האָט זיך בערקע דער שטאַרקער געיאָוועט הינטער די קוליסן און ער האָט געזאָגט, אַז ער וועט נישט אַוועקגיין ביז איך וועל מיט אים ריידן.

אין די קוליסן האָט זיך געטאָן השך. אַלע אַקטיאָרן האָבן מיך געבעטן איך זאָל זיי ראַטעווען, אַז דער שטאַרקער וועט נישט אָפּטרעטן און נישט קענענדיק זיך ארויסדרייען און זעענדיק די פאַרצווייפלונג פון מיינע חברים, האָב איך מסכים געווען צו הערן וואָס ער וויל פון מיר...

## טיפּן פון דער אונטערוועלט

אַלס קינד פון אַקטיאָרן און אַלס אַקטריסע פון קינדווייז אָן, איז מיר אויסגעקומען צו זען נישט איין אונטערוועלט העלד אַלס גאַסט אין אידישן טעאַטער. איך געדענק פאַלן, ווען דאָס גאַנצע פּובליקום אין סאַלאָן, איז באַשטאַנען פון לויטער אונטערוועלט-העלדן. זיי האָבן אויפגענומען די פאָרשטעלונג מיט אַזאַ באַגייסטערונג, אַז מיר האָבן פּשוט מורא געהאַט, אַז עמיץ זאָל אונז נישט מכבד זיין מיט אַ מעסער אין זייט פון פרייד...

היינט האָבן מיר שוין געהאַט אין טעאַטער אַ געמישטן עלעמענט פון דער אויבער און אונטער וועלט און נישט איינמאָל האָט זיך קאָמפּאַניעיעץ באַקלאָגט, אַז ווען די לייטישע מענטשן וואָלטן געקומען מער אין טעאַטער, וואָלטן די אונטערוועלט העלדן במילא אָדער אינגאַנצן פאַרשוואונדן פון טעאַטער אָדער זיי וואָלטן זיך געמוזט פאַרהאַלטן מיט מערער דרך-ארץ.

ליידער איז דער פאַקט געווען אַ פאַרקערטער; די אונטערוועלט-העלדן האָבן אַלעמאָל אַרויסגעוויזן מער באַציאונג צום אידישן טעאַטער, דאָס איז געווען זייער איינזייטיקע קולטור-באַדערפעניש וואָס איז געווען צוגענגלעך פאַר זיי, און זיי האָבן אויסגעקויפט די בעסטע בילעטן און עס האָט אָפט געטראָפן, אַז עמיץ פון די קלענערע פון זיי האָט „אַרויספאַרדינט" אַ טייסטער פון אַ „וויטישנס" אַ קעשענע און ווען דער ווייטישער האָט געמאַכט אַזאַ טאַראַראַם וואָס האָט געקאָנט שעדיקן דאָס טעאַטער, האָט זייערס אַן עלצטער געגעבן אַ באַפעל אַז דער „כיס" זאָל זיין צוריק און עס האָט נישט געדויערט לאַנג און דער געגנבעטער טייסטער איז אונטערגעוואָרפן געוואָרן אין דער קאַסע פון טעאַטער און דער באַגנבעטער האָט זיך באַרואיקט.

איך בין געשטאַנען באַם אָפענעם קאַמאַרין, ווען קאָמפּאַניעיעץ האָט זיך באַוויזן אין קאָרידאָר און נאָך אים בערקע דער שטאַרקער.

קאָמפּאַניִיעץ האָט אויסגערופן: — אָט אַ דאָ איז אונזער באַרימטע קינסטלערן.

בערקע דער שטאַרקער איז געבליבן שטיין ווי אַ שוואַך איבערגע־שראָקן אינגעלע.

ער האָט אַראָפּגענומען דעם קאַשקעט און אים צוריק אָנגעטאָן און ווידער אַראָפּגענומען און איך האָב געזען, אַז ער זוכט אַ וואָרט. ווען קאָמפּאַניִיעץ איז אַוועק, האָב איך שוין רחמנות געהאַט אויף אים און אים געוואָלט אַרויסהעלפן, און איך האָב מיט אַ שמייכל אַ זאָג געטאָן: — געפעלט אייך אונזער פאָרשטעלונג?

ער האָט זיך אָפּגעווישט דעם שווייס פון פנים, אַ קוק געטאָן אויף זייַ־נע גלאַנציקע לאַק-שטיוועלעך און מאַכנדיק אַ טראָט נענטער צו מיר, האָט ער אויסגערופן:

— זי זיינען אַ פיינע פרימאַדאָנע... הלואי דינט מיר אַזוי אייביק די פריי... יאָך קאָן נישט עסן, יאָך קאָן נישט שלאָפן, יאָך קאָן נישט אַר־בעטן באַ מיין ווייסטער פרנסה, ווייל אַלעמאָל זע יאָך אינען אויף דער בינע און זי גלאַנצן דאָך אַזוי ווי די זון...

ווידער האָט ער זיך אָנגעהויבן וואַרגן מיט די ווערטער און ער איז געשטאַנען אומבאַהאָלפן, ביז ער האָט אפשניי זיך געמאַכט מוט, ער האָט ווידער אַ קוק געטאָן אויף זיינע גלאַנציקע שטיוועלעך און געמאַכט נאָך אַ טראָט נענטער און אָנגעהויבן מיט אַ פאָרוואורף:

— פאַרוואָס האָבן זי נישט געוואָלט מיין באַנקעט? זי מיינען אפשר, אַז דער וויטישער יאָלד מיטן קעציש̈ן פעלעכל איז רייכער פון מיר? זאָג יאָך אינען, אַז יאָך בין אָנגעשטאָפּט מיט געלט; זי זינגען דאָך אַזוי שיין פונקט ווי דעם רויטן יאָסקעס קאַנאַריקל און אפשר נאָך שענער און יאָך האָב אינען ליב דערפאַר... ווען זי ווילן, וועל יאָך דעם מיטן קעצענעם היטל אַריינפּעצן אַ מעסער אין זייט, און ווי זי זעען מאָך אַ אידן, אַז יאָך מאָך נישט קיין שפּאַס...

אַ ציטערניש האָט מיך אַרומגענומען און איך האָב פּשוט נישט גע־וואוסט וואָס אָנצוהויבן זאָגן און בערקע איז שוין געווען באַגייסטערט פון זיינע אייגענע רייד און ער האָט ווייטער גערעדט: — יאָך ווייס, זי זיינען אַ גרושה און אַלע לויפן אויף אינען; אָבער באַ מיר וועט אינען בעסער זיין ווי ביי אַלעמען! און אויב זי ווילן, וועל יאָך אַוועקוואַרפן מיין ווייסטע פרנסה און מיר וועלן שוין וויסן ווי אַזוי צו מאַכן אַ לעבן...

ווער ווייס ווי לאַנג ער וואָלט נאָך געווען אַזוי געשטאַנען און גע־רעדט און מיט וואָס דאָס וואָלט זיך געווען געענדיקט, ווען מען הויבט נישט אָן שרייען, אַז די פאָרשטעלונג הויבט זיך אָן און איך האָב זיך

באַדאַרפֿט אַף שנעל איבערטאָן. איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן בערקע דעם שטאַרקנס גליקלעך פּנים, ווען איך האָב זיך מיט אים געזעגנט דערלאַנגענדיק אים מיין האַנט.

דער גליקלעכער צופֿאַל איז געווען, וואָס אַסיף אַסיפּאָוויטש האָט באַקומען אַ טעלעגראַמע און געמוזט פּלוצלינג אָפּפֿאָרן קיין מאָסקווע און בערקע האָט געמוזט „אַריינפֿאַלן", ווייל מער האָט ער זיך נישט געוויזן אין טעאַטער און אַזוי בין איך באַפֿרייט געוואָרן פֿון די צוויי ריוואַלן, וואָס האָבן מיט זיך פֿאַרגעשטעלט צוויי וועלטן, וואָס ביידע זיינען זיי מיר נישט געפֿעלן, ווייל איך האָב געפֿילט, אַז איך מוז בלייבן אין מיין שיינער אויסגעחלומטער וועלט וואָס ווערט באַלויכטן פֿון ראַמפּע-לאָמפּן. איך האָב זיך נאָר געקאָנט גליקלעך פֿילן אין מיין וועלט פֿון אידישן טעאַטער.

## לייזער ראַפּעל

געוואוינט האָב איך דעמלט אין האָטעל „נעמעצקי" אַף דלוגא 31. איך האָב געהאַט אַ שיינע וואוינונג און פּאָר צילין האָב איך געהאַלטן אַ דינסט און מיינע פֿאַרדינסטן האָבן געקלעקט אַף אַלץ, אפילו אַף שיינע קליידער, וואָס איך האָב זיך גאַנץ אָפֿט געמאַכט און געמאַכט מיט זיי פּוראָר אַף דער בינע.

מיין שטוב איז אַלעמאָל געווען אָפֿן פֿאַר חברים און חברטעס און איך האָב אַלעמען, ווער עס האָט מיך נאָר באַזוכט, אונטערגעטראָגן מיין שמייכל און איך האָב אויפֿגענומען חברים און חברטעס מיט וואַרימקייט און זיך אפילו גאַנץ אָפֿט געטיילט מיט מיין ביסן.

האָב איך טאַקע געהאַט גאַנץ אָפֿטע באַזוכן, נישט נאָר פֿון אַקטיאָרן וואָס זיינען געקומען זיך שדכענען צו מיר, נאָר אויך פֿון אַקטריסעס, וואָס זיינען זיך געקומען אויסריידן זייערע הערצער. נישט נאָר חברים פֿון מיין טרופּע זיינען געקומען, נאָר אויך אַקטיאָרן און אַקטריסעס פֿון „מאַקאַטאָוו" און „קרולעווסקי" און אַ סך פֿון זיי, האָבן מיך געזוכט צו פֿאַרשטריקן אין אַ נעץ פֿון אינטריגעס; זיי האָבן מיך געוואָלט אַרויס-נאַרן פֿון „מוראַנאָוו"-טעאַטער, זיי האָבן געוואוסט די געשעעניש מיט בערקע דעם שטאַרקן און זיי האָבן מיר געזאָגט אַז נאָר אין „מוראַנאָוו" קאָן אַזוינס טרעפֿן און אַז אַזאַ אַקטריסע ווי איך, דאַרף אַקטוירן אין אַ בעסער טעאַטער, וואו עס קומט אַ בעסערער עולם; אָבער איך, באַ מיין גאַנצער לייכט-גלוביקייט, האָב שוין גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָ מיינט מען נישט אַזוי שטאַרק מיין טובה, ווי מען וויל גלאַט אָפּטאָן

קאָמפּאַניעיעצן אַ שטיקל, און מיך צונעמען פון זיין טעאַטער.

צווישן די אַלע וואָס האָבן זיך דעמלט צו מיר געיאָוועט אַלס געסט, איז אויך געווען לייזער ראַפּעל.

לייזער ראַפּעל האָב איך נאָך געקענט פון מינסק. שוין דאָרט האָט ער זיך געדרייט אַרום מיר און ער איז מיר געווען גאַנץ סימפּאַטיש, אָבער אין וואַרשע האָב איך זיך דערוואוסט, אַז ער איז אַן „אַנציער", אַז ער האָט ליב איינריידן אפן בוידעם א יריד און אַז אַלץ וואָס ער זאָגט, איז נישט געשטויגן און נישט געפלויגן.

די אַנצוהערעניש וועגן אים, האָבן אין מיר געשאַפן אַ פאַראורטייל, און איך האָב אים אויפגענומען צוריקגעהאַלטענער און קעלטער ווי אַלע אַנדערע חברים.

אָבער לייזער ראַפּעל איז פונדעסטוועגן געקומען צו מיר. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז מען האָט אים ביי מיר „אונטערגעשטעלט אַ פיסל" און ער האָט אָנגענומען אַ גאַנץ אַנדערע טאַקטיק. ער האָט מיט מיר א סך גערעדט וועגן טעאַטער און זייער ווייניק וועגן ליבע און וועגן זיינע אמתע כוונות.

לייזער ראַפּעל איז געווען אַן אינטעליגענטער יונגערמאַן און ער האָט געקאָנט ריידן וועגן טעאַטער גאַנץ אַנדערש ווי דער גרויסער רוב אַק־טיאָרן. ער האָט באַטראַכט דאָס טעאַטער אַלס שול און דאָס פּובליקום פאַר שילער און ער האָט געזאָגט, אַז עס איז טאַקע אמת, אַז עס זיינען א סך מאָל פאַראַן שילער אין טעאַטער וואָס קענען מער ווי די אַקטיאָרן וואָס דאַרפן שפּילן די ראָל פון זייערע לערער, אָבער דאָס באַרעכטיקט נאָך נישט, אַז די אינטעליגענטע אידן זאָלן ווייכן פון אידישן טעאַטער; פאַרקערט — האָט ער זיך גאַנץ אָפט אָנגעהויבן היצן — פאַרקערט, עס קאָן גאָר זיין, אַז די אומוויסנדיקע אַקטיאָרן דערגרייכן מיט זייער קינסט־לערישער אינטואיציע פיל טיפער צו די אמתן פון לעבן, ווי די אינטע־ליגענטן דורך טעאָרעטישער אויסבילדונג און ווען זיי, די אינטעליגענטן, זאָלן קומען אָפטער אין אידישן טעאַטער, וואָלטן זיי נישט בלויז געקאָנט אויסאיבן אַן השפּעה אַף אונז, אידישע אַקטיאָרן, נאָר זיי וואָלטן נאָך א סך געקאָנט לערנען ביי אונז...

קיין סך בילדונג האָב איך נישט געגאָסן און ראַפּעלס ווערטער האָבן מער דערגרייכט צו מיין האַרץ ווי צו מיין מוח און זיינע ווערטער זיינען מיר געפעלן און איך האָב אין זיי געפילט דעם אמת. איך האָב זיך דער־מאַנט אָן מיין טאַטנס פּרייטיק־צו־נאַכטן, ווען מיין טאַטע האָט זיך געשלאָגן אין האַרצן און געשריגן: — ווילן מיר דען נישט פאָלגן די קריטיקער? ווילן מיר דען נישט אויפירן אונזערע פּיעסן מיט געשמאַק

און קולטורעל? זאָלן זיי אונז אָנווייזן, זאָלן זיי אונז קריטיקירן ווי אַ טאַטע קריטיקירט די מעשים פון זיין פאַרבלאַנדזשעט קינד; אָבער זיי, די אינטעליגענטן און קריטיקער, זיי ווילן דאָך אונז אינגאַנצן פאַרלייקע־נען! זיי ווילן דאָך אונז דערהרגענען! זיי ווילן דאָך נישט זען ווי טויזנטער אויסגעמוטשעטע און פאַרהאָרעוועטע אידן שעפּן נחת, ווי זיי ווערן דערהויבן און שעפּן לעבנס כח בא אונז אין טעאַטער...

נאָך לאַנגע אַרומרייד׳עכישן וועגן טעאַטער און וועגן קונסט, האָט לייזער ראַפּעל גאַנץ פאַרזיכטיק אויך באַרירט מיין אייגענעם מצב, אַלס קינסטלערן וואָס שטעלט ערשט די ערשטע אַנזעעוודיקע טריט אַפן וועג פון אַ גרויסער קאַריערע. ער האָט אויסגעדריקט באַדויערן, וואָס איך לאָז אַרום זיך דרייען אַזעלכע שלעק, וואָס זוכן נאָר די פרימאַדאָנעם פאַרדינסטן און זיי פאַרשטייען אפילו נישט אָפּצושאַצן איר קינסטלערישן ווערט און ווען ער האָט שוין געזען, אַז זיינע רייד האָבן אָף מיר אַ ווירקונג, האָט ער ערנסט צוגעגעבן: — אַז ווער יאָגט אייך און ווער טרייבט אייך? איר האָט געפּאַטערט אַ צרה און זייט געוואָרן פריי? גע־ניסט אַביסל פון אייער פרייהייט! וואָס איז דאָס איילן זיך? קוקט אייך בעסער גוט צו צו די מענטשן וואָס רינגלען אייך אַרום, פאַרשט זייערע כאַראַקטערן און האָט צייט. איר זייט דאָך נאָך יונג, טאַ האָט געדולד פונקט ווי איך האָב געדולד, כאָטש איך בין עלנטער פון אייך, איך האָב אַ קליין קינד פון מיין גאָטזעליקער פרוי און איך דאַרף אַ מאַמע פאַר איר...

און דאָ איז אַוועק אַ התנצלות פון לייזער ראַפּעל, ער האָט מיר דערציילט וועגן זיין וויסטן מזל, אַז איין קינד, אַ אינגעלע, דערציט זיך באַ זיין מוטער און דאָס מיידעלע, אַ קינד אַ גאָלד, האָט ער געגעבן צום דערציען און וואָס מישטיינס געזאָגט ווייס עס פון מוטער־ליבע ביי פרעמדע מענטשן...

און ווען ער האָט גערעדט וועגן זיינע אינטימע ווייטיקן, האָב איך געזען טרערן אין זיינע אויגן און עס האָט מיך פאַרקלעמט באַם האַרצן און ווען אַנדערע חברים זיינען געקומען זיך שדכענען צו מיר, האָב איך שוין גוט געדענקט ראַפּעלס ווערטער, אַז קיינער טרייבט מיך נישט און אַז מען דאַרף צוערשט שטודירן די כאַראַקטערן און אַזוי האָט דוקא דער „אָנציער״, פאַר וועמען איך האָב זיך פריער אַזוי געשראָקן, אויסגעאיבט די שטאַרקסטע ווירקונג אָף מיר, איך האָב אין אים אָנגעהויבן זען אַ גאַנץ אַנדערן, אַ בעסערן מענטשן פון די אַלע, וואָס האָבן מיך אַרום־גערינגלט מיט זייערע זיסע רייד און פוסטע קאָמפּלימענטן.

# קרבנות פון אידישע טעאַטער-וואַנדערונגען

אין די שילדערונגען פון מיין יוגנט-צייט, האָב איך דערמאנט די אומגליקן וואָס האָבן מיט אונז געטראָפן אויף אונזערע וואַנדער-וועגן וואו מיר האָבן געשפילט אידיש טעאַטער.

איך האָב דערמאנט ווי מיר זיינען קראַנק געוואָרן אויף שקאַרלאַטין און קראַנקערהייט האָט מען זיך געמוזט שלעפּן פון שטאָט צו שטעטל אויף פורן און ווי אַזוי ישראליקל און בריינדעלע זיינען געשטאָרבן אויף די וואַנדער-וועגן. אַזעלכע קרבנות פון די אידישע טעאַטער-וואַנדערונגען זיינען דאָך געווען אַזויפיל און אַ סך מאָל אין מיין ווייטערדיקן לעבן האָב איך שוין געטראַכט, אַז אַ חוץ אַ טעאַטער לעקסיקאָן וואָס זלמן זילבערצווייג האָט זיך פאַרמאָסטן ארויסצוגעבן, כדי צו פאַראייביקן די נעמען פון „בלאַנדזשענדע שטערן", וואָלט מען אויך געמעגט אָנשרייבן אַ בוך, אַ מין „יזכור" נאָך די אַלע קרבנות וואָס די וואַנדערונגען מיט אידיש טעאַטער האָבן פאַראורזאַכט.

גאָט, ווי גרויס עס וואָלט באַדאַרפט זיין דער צעטל פון אַזעלכע קרבנות!...

ווען איך האָב זיך אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיט לייזער ראַפּעל, האָב איך זיך פּאַמעלעך אויך דערוואוסט אַ שטיק פון זיין לעבן און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז ער האָט געהאַט צוויי ווייבער, די ערשטע האָט אים געבוירן אַ שיין אינגעלע, זי האָט געוואַנדערט צוזאַמען מיט ראַפּעלן און געשפּילט אידיש טעאַטער און וואַנדערנדיק האָט זי זיך צוגעקילט; קיין צייט און מעגלעכקייטן זיך צו דאָקטאָרן איז נישט געווען, האָט זי אַזוי לאַנג געשפילט טעאַטער, ביז זי האָט אָנגעהויבן אויסשפייען די לונגען און איבערלאָזנדיק איר צוויי-יעריקן זונדל לוטעק אַלס יתום, איז זי אַוועק אויף דער בעסערער וועלט פונוואַנען קיינער קומט מער נישט צוריק.

לייזערס מוטער האָט רחמנות געהאַט מיט איר אייניקל און זי האָט דעם קליינעם לוטעק גענומען צו זיך. לייזער האָט לאַנג געטרויערט נאָך דער מוטער פון זיין קינד, אָבער דער אַלטער גזוגע, אַז וואָס די ערד דעקט צו מוז פאַרגעסן ווערן, האָט אויך געגאָלטן פאַר אים און ער האָט חתונה געהאַט צום צווייטן מאָל; זיין צווייטע פרוי איז געווען ליזא שאַפּראַן. ער האָט אין איר געזען פעאיקייטן און ער האָט זי געמאַכט פאַר אַן אַקטריסע. זי האָט אָנגעהויבן טיילן זיינע פריידן און ליידן באַם אידישן טעאַטער, אָבער אויך זי האָט נישט לאַנג אויסגעהאַלטן; זי האָט אים געבוירן אַ שיין מיידעלע און באַלד נאָך דער קימפּעט, אָנגעהויבן

קרענקען און איבערלאָזנדיק אים איר קינד וואָס איז קוים אַ יאָר אַלט געווען, איז זי אויך אַוועק אין דער בעסערער וועלט.

ווען לייזער האָט געערדט וועגן זיין צווייטער פרוי, האָט ער זיך געמוזט אָנשטרענגען צו באַהערשן די טרערן וואָס האָבן אים געשטיקט. ער איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט פאַר מיר אַזוי צעעפנט זיין האַרץ, אַז איך זאָל דערזען דאָרט די אינטימסטע ווינקעלעך און איך האָב געפילט אַזאַ טיפן רחמנות צו אים און נאָך מער צו דעם קליינעם מיידעלע וואָס מוז זיך דערציען אַף פרעמדע הענט. און כאָטש אַקטיאָרן האָבן מיך אַ סך מאָל געוואָרנט און זיך געריצט מיט מיר און גאַנץ טריוויאַל און מיט איראָניע געזאָגט, אַז ביי ראַפּעלן שטאַרבן די ווייבער און מען דאַרף זיך היטן נישט אַריינצופאַלן צו אים, האָב איך דאָך נאָר געטראַכט וועגן אים.

איינמאָל, נאָכדעם ווי ער האָט מיר געבראַכט דאָס שיינע קינד און איך האָב עס געדריקט צו מיין האַרצן, האָט ער מיר אַ זאָג געטאָן:

— דו האָסט אַ מיידעלע און איך האָב אַ מיידעלע; פאַרוואָס זאָלן זיי נישט ווערן ווי ליבלעכע שוועסטערלעך?... ווען ער האָט דאָס אַ זאָג געטאָן און איך האָב געזען טרערן אין זיינע אויגן, האָב איך שוין געפילט, אַז מיין גורל איז פאַרחתמעט; איך האָב געדריקט זיין יתומהלע צו מיין ברוסט און מיין יאָ-ענטפער איז געווען אין מיין געפילפולן שווייגן.

אַ קורצע צייט שפּעטער, איז פאָרגעקומען מיין חתונה מיט לייזער ראַפּעל.

# זעכצנטער קאַפּיטל:

מיינע חתונה־מתנות — דער לעצטער „דרשה־געשאַנק" — אַ זיבעלע ווערט געבוירן — איך טרעט אַריין אין קאַמינסקיס טרופּע — לייזער ראַפּעל אַלס אָרגאַניזאַטאָר — מיין ברודער שייקע — ראַפּעל איז נישט קיין „אַנציער" — מיין באָבע איז טויט — „דאָס לעבן איז מיר נמאס" — איך נעם אַריבער פּאַנין קיין וואַרשע.

## מיינע חתונה־מתנות

איך וואָלט געדאַרפט זיין פיל מער ווי באַשיידן, אַז איך זאָל נישט דערמאַנען מיינע שיינע איבערלעבונגען וואָס מיין חתונה מיט לייזער ראַפּעל האָט מיר געגעבן.

פון מיין שווייגנדיקן צוזאָג אַז מיין צילי און ראַפּעלס מאַלווינקע וועלן זיין שוועסטערלעך, ביז צו אונזער חתונה, האָבן זיך געצויגן די צוגרייטונגען.

די גאַנצע טרופּע, די בינע אַרבעטער, דער כאָר און דער גאַנצער פּערסאָנאַל פון טעאַטער האָבן מיך זייער ליב געהאַט, ווייל איך האָב זיך נישט געהאַלטן גרויס און ווי פאַרשיכורט איך בין אָפט געווען פון מיינע דערפאָלגן אויף דער בינע, האָב איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן צו שענקען מיין פריינטלעכן שמייכל צו יעדן וואָס האָט מיך באַגריסט, און דאָס האָט מיר געשאַפן אַ נאָמען פון אַ גוטער חברטע און אַלע האָבן מיך ליב געהאַט. זיי האָבן די ליבע אַרויסגעוויזן אין דער צייט פון אונזערע צוגרייטונגען צו דער חתונה.

מען האָט געגרייט אַ גרויסן ערן־אָוונט פאַר מיר און דאָס איז נישט געווען אַזאַ ערן־אָוונט ווי די היינטיקע, ווען דער באַערטער דאַרף זיך שלעפּן און קלאַפּן אין די טירן מיט בילעטן; דאָס איז געווען אַן ערן־אָוונט פון וועלכן דער באַערטער האָט געהאַט אַן אמתע באַערונג און דערביי אויך די מאַטעריעלע סאַטיספאַקציעס.

נאָך אַ וואָך פאַר דעם ערן־אָוונט, זיינען שוין די בילעטן געווען אויספאַרקויפט און עס האָט אויסגעזען, אַז נישט נאָר אונזער טעאַטער גרייט זיך צום יום־טוב, נאָר דער גאַנצער אידישער טעאַטער־פּובליקום פון וואַרשע, גרייט זיך צוזאַמען מיט אונז. עס איז געווען שיין צו זען און צו פילן וואָס דאָס מיינט אַזוינס, ווען אַלע אַקטיאָרן און דער כאָר און

אַלע בינע־אַרבעטער און דער פּערסאָנאַל, ווי זיי האָבן זיך געאײניקט אין גרופּעס און יעדע גרופּע האָט מיך באַשאָנקען צום ערן־אָוונט מיט חתונה־מתנות און אויך זייער פיל פון פּובליקום האָבן מיר צום אָוונט געבראַכט פּראַקטישע מתנות, וואָס זיינען נויטיק אַף איינצואָרדנען זיך אַ באַלעבאַטישקייט און אַן אויסערגעוויינלעכע מתנה וואָס אַ אינגעלע פון אַ יאָר צוועלף האָט מיר צוגעטראָגן, האָט באַ מיר אַרויסגערופן טרערן פון פרייד. דאָס אינגעלע האָט מיר דערלאַנגט פינף קאָפּיקעס און געזאָגט, אַז ער האָט נישט מער; דאָס גיט ער מיר אַלס „דרשה־געשאַנק" צו מיין חתונה...

איך האָב אין דעם אָוונט געשוועבט אין די הימלען. טרערן פון פרייד און גליק האָבן מיך געשטיקט און איך האָב נאָר געפילט צו פאַלן יעדן אַפן האַלז און קושן, קושן האַרציק, וואַרים, מיטן גאַנצן פייער, וואָס דאָס גרויסע גליק האָט אָנגעצונדן אין מיין האַרץ.

און דאָס איז געווען צום ערשטן מאָל אין וואַרשע, אַז דעלעגאַטן פון פאַבריק־אַרבעטער און פון וואַרשטאַטן זאָלן קומען אַף דער בינע צו אַ באַערטער אַקטריסע און זי באַגריסן מיט רעדעס. ביז דעמאָלט, האָט מען נאָך אין וואַרשע אַזוינס נישט פּראַקטיצירט. דאָס האָט די יומטובדיקע שטימונג נאָך פאַרפילפאַכט און מיין גליק איז געווען אָן אַ ברעג, אומענדלעך!...

נאָך מיין ערן־אָוונט, ווען איך האָב אָנגעהויבן קומען צו זיך פון מיין גרויסער מאָראַלישער פרייד, פון דעם גרויסן אומענדלעכן כבוד וואָס מען האָט מיר צוגעטיילט, האָט זיך מיין פרייד פּראָלאָנגירט צוליב די מאַטעריעלע דערגרייכונגען.

דער ערן־אָוונט האָט אונז געגעבן אַזאַ שפע, אַז נישט נאָר וואָס ראַפאַעל האָט באַלד געדונגען אַ גרויסע דירה אַף מוראַנאָוו נומער 7-9, נאָר ער האָט די דירה אויך געקאָנט שיין אויסמעבלירן און די באַקומענע מתנות האָבן געדעקט אַלע נויטווענדיקייטן פאַר אַ באַלעבאַטישע שטוב.

אונזער חתונה איז טאַקע פאָרגעקומען אין אונזער נייער שיין־איינגעאָרדנטער דירה.

געסט זיינען געווען אַ סך. מען האָט געמוזט פאַראייניקן אַלע שטיבער און נאָך צונעמען שטיבער פון שכנים און חוץ אונזער טרופּע, וואָס האָט אין דעם אָוונט נישט געשפּילט, זיינען געקומען אַ סך אַקטיאָרן פון אַנדערע טעאַטערס, עס זיינען געווען קאַמינסקי מיט אסתר־רחלען מיט די קינדער, קאָמפּאַניעיעץ מיט דער גאַנצער פאַמיליע, די טרילינג מיט בערמאַנען, די שוואַרצבאַרדס, מאַיערסאָן, וויסמאַן מיט דער יערמאַלינא, יצחק זאַנדבערג, און עס זיינען געווען שרייבער און דאָקטוירים און אַנ־

פירער פון אַרבעטער און די חתונה שמחה האָט זיך פאַרצויגן ביז אין ווייסן טאָג אַריין.

## דער לעצטער „דרשה-געשאַנק"

ווען איך בין צומאָרגנס נאָך מיין חתונה אויפגעשטאַנען פון שלאָף, בין איך געווען אַ פאַרטיקע באַלעבאָסטע פון אַ גרויסער שיין איינגעאָר־דנטער דירה מיט אַ היבשער פאַמיליע.

אין דער דירה האָבן זיך אויך אַריינגעקליבן לייזער ראַפּעלס מאַמע מיט לוטעקן, ראַפּעל האָט אויך אָפּגענומען די קליינע מאַלווינקע און זי געבראַכט אַהיים און מיין צילי האָט געהאַט ווער עס זאָל זיך מיט איר שפּילן און לייזערס אַ ברודער, אַן אַרבעטער אין אַ הענטשקע-פאַבריק האָט אויך געוואוינט מיט אונז.

ווייזנדיק מיר דאָס גאַנצע רחבות פון מיין באַלעבאַטישער שטוב, האָט ראַפּעל מיר אַ קוש געגעבן און געזאָגט: — דו האָסט שוין פון יעדן באַקומען חתונה-מתנות; וויל איך דיר אויך געבן מיין מתנה:

און ער האָט אַרויסגענומען אַ גאָלדענעם זייגער און אַ באַנק-ביכל מיט טויזנט רובל און שטופנדיק דאָס אין מיינע הענט, האָט ער געזאָגט: דאָס האָב איך אָפּגעשפּאָרט און באַהאַלטן פאַר דיר אַלס מיין דרשה־געשאַנק צו אונזער חתונה, באַהאַלט עס און לאָמיר זיין גליקלעך!...

איך האָב אַף אַזאַ צאַרטקייט נישט געהאַט וואָס צו ענטפערן. דאָס האַרץ איז מיר געווען אַזוי פול, אַז מיט ווערטער האָט מען עס נישט גע־קאָנט לייכט מאַכן; האָב איך גענומען די קינדערלעך מאַלווינקע און צילי אַף מיינע הענט און צופרעסנדיק זיי צום האַרצן, האָב איך ענדלעך אויסגערופן: — דאָס זיינען אונזערע קינדערלעך און איך וועל פאַר ביי־דע זיין אַ גלייכע געטרייע מאַמע. און מיט די קינדערלעך באַם האַרצן, האָט ראַפּעל אונז אַרומגענומען, לוטעק איז אַריינגעקראָכן אינדערמיט און מיר האָבן איינער באַם אַנדערן אַראָפּגעקושט די פריידנס-טרערן פון אונזערע פּנימער...

## אַ זיבעלע ווערט געבוירן

באַלד נאָך דער חתונה, האָט ראַפּעל אָנגעהויבן טראַכטן אַ תכלית. ער האָט נישט געוואָלט זיין אָנגעוויזן אַף דער אַרבעט אונטער יענעמס דירעקציע און ער האָט אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט קאָמפּאַניעיעצן וועגן צוטרעטן אַלס שותּף צום טעאַטער.

די פאַרהאַנדלונגען האָבן זיך געצויגן, קאָמפּאַניעיעץ האָט נישט געוואָלט אַזוי לייכט איינגיין אַף אַ שותּפות, די געשעפטן זיינען געווען

גוטע און ער האָט געוואָלט זיין אַליין דער באַלעבאָס; אָבער ראַפאַל האָט געדראָט אַרויסצוטרעטן פון טרופּע און ווען איך האָב פאַר אים אויסגע־דריקט מיין מורא פאַר אַזאַ אַרויסטריט, האָט ראַפאַל מיך באַרואיקט, זאָגנ־דיק, אַז ווי באַלד ער האָט מיך, האָט ער פאַר גאָרנישט קיין מורא. קאָמפּאַ־ניעיעץ האָט טאַקע נאָכגעגעבן און לייזער ראַפאַל איז אַריינגעטראָטן אַלס שותף צום טעאַטער.

מיר האָבן געשפּילט אַ געמישטן רעפּערטואַר און פּונקט ווי קאָמפּאַ־ניעיעץ, האָט אויך ראַפאַל אַלעמאָל געשטרעבט אויפצופירן בעסערע פּיעסן און ווען מארק ארנשטיין איז געקומען, האָט ראַפאַל באַלד אָנגע־הויבן פאַרהאַנדלען מיט אים און אים אַנגאַזשירט אַלס רעזשיסאָר און ער האָט מיט אונז אויפגעפירט מירבאָס „זשאַן און מאַדלענא”, „אַרבעט און קאַפּיטאַל” און ארנשטיין האָט אויך אויפגעפירט אַ רייע פון ראַפאַלס איבערזעצונגען פון וועלטלעכן רעפּערטואַר און ווי אַנדערש עס איז דער־מלט געווען אין אידישן טעאַטער ווי היינט! לייזער ראַפאַל איז יאָרן לאַנג געווען רעזשיסאָר אין פאַרשידענע טרופּעס און פּונדעסטוועגן אַלס דירעקטאָר, האָט ער נישט געוואוסט פון די קרענקלעכע אַמביציעס, נאָר ער האָט אַליין אַנגאַזשירט ארנשטיינען אַלס רעזשיסאָר און אים געגעבן אויפצופירן אפילו זיינע אייגענע איבערזעצונגען און ער האָט אים מיט אַלע מעגלעכקייטן פאַרהאָלפן צום דערפאָלג פון די אויפירונגען.

שפּילנדיק דאָס אַרבעטער מיידל מאַדלען, האָב איך אָנגעהויבן פילן, אַז אַ נייַ באַשעפעניש באַוועגט זיך אונטער מיין האַרץ.

נאָך עטלעכע חדשים שפּילן אונטער מארק ארנשטיינס רעזשי, זיי־נען מיר ווידער אַריבער צום לייכטערן רעפּערטואַר, מען האָט געשפּילט „בינקע־פינקע” און „פּרינץ בן־הדור”, מען האָט די צוויי פּיעסן געטוישט אַפן אַפיש און ביידע האָבן געבראַכט גרויסע הכנסות און אין איין אָוונט, בעת איך האָב געשפּילט אין „בינקע־פינקע” און איך בין געווען אין אַ ספּעציעל גוטער שטימונג, האָב איך געשפּילט זייער באַוועגלעך, און איך האָב פאַרגעסן אָן מיין דעליקאַטן צושטאַנד און איך בין געשפּרונגען אַפן טיש און אַראָפּגעשפּרונגען און ווען איך בין אַהיימגעקומען נאָך דער פאָרשטעלונג, האָב איך דערפילט ווייען. די אַקושאָרקע האָט מיר פאַרגעזאָגט, אַז עס וועט קומען אַ „זיבעלע” אף דער וועלט און צומאָר־גנס אינדערפרי איז טאַקע געבוירן געוואָרן דאָס זיבעלע, דאָס איז גע־ווען מיין טאָכטער אסתר.

באַנאַכט האָב איך באַדאַרפט שפּילן אין „פּרינץ בן־הדור” און ווען איינער איז אַרויס מעלדן, אַז מען שפּילט היינט אַן אַנדער פּיעסע, ווייל די פּרימאַדאָנע זינא טעקס־ראַפאַל האָט היינט געבוירן אַ „פּרינצעסן”, איז

געוואָרן אַ יובל אין טעאַטער און דאָס גאַנצע פּובליקום האָט אויסגעשריגן אַף הויכע קולות — מזל-טוב!...

## איך טרעט אַריין אין קאַמינסקים טעאַטער

בעת איך בין געלעגן אין קימפּעט מיט אסתרן, האָט דערוויייל לייזער ראַפּעל אויסגעאַרבעט אַ פּלאַן, אַז ער וויל זיך אומבאַדינגט אָפּטיילן פון קאָמפּאַניעיעצן.

און אַזוי ווי זיין קאָנטראַקט מיט קאָמפּאַניעיעצן איז נאָך נישט גע־ווען פאַרענדיקט, האָט ראַפּעל אָפּגעמאַכט מיט קאָמפּאַניעיעצן, אַז איך זאָל באַפרייט ווערן פון טרופּע און ער וועט ווייטער אָנגיין מיטן שותפות מיט קאָמפּאַניעיעצן, ביז דער קאָנטראַקט וועט זיך ענדיקן.

קאָמפּאַניעיעץ איז איינגעגאַנגען אַפן אויסגלייך און ווען איך בין אויפגעשטאַנען פון קימפּעט, האָט ראַפּעל שוין געהאַט אָפּגעמאַכט, אַז איך זאָל אַריינטרעטן אין קאַמינסקים טעאַטער און איך בין טאַקע באַלד אַוועק מאַכן פּראָבע צוזאַמען מיט אסתר רחל קאַמינסקי.

מיין ערשטער אויפטריט איז געווען אַלס „צילי" אין „קרייצער סאָ־נאַטע", מיר האָבן דעמלט געשפּילט אין „זשאַרדין דע ווער" און דאָס גרויסע טעאַטער איז כסדר געווען פול געפּאַקט; אין טרופּע האָבן זיך באַטייליקט אַ חוץ די קאַמינסקים, יוליוס און מילי אַדלער, וויסמאַן־יערמאָלינאַ, פרוי איידלמאַן, בראַנדעסקאָ, פרוי לאַנדסמאַן, ליבערט, שאַ־פּיראָ און אַנדערע; די טרופּע האָט זיך אויסגעצייכנט מיט דעם ערנסטן אָפּגעבן זיך צו דער אַרבעט.

פאַרשטייט זיך, אַז מיין ערשטער אויפטריט צוזאַמען מיט דער דע־מלט שוין אַזוי באַרימטער אסתר-רחל קאַמינסקי, איז פאַר מיר געווען אַ גרויסער יום-טוב פון קינסטלערישער דערהויבונג; איך קאָן זאָגן, אַז דעם געפיל פון יום-טובדיקייט, האָב איך נישט פאַרלוירן דורך דער גאַנ־צער צייט פון מיין אַקטואַציע מיט דער קאַמינסקי-טרופּע, ביז ראַפּעל האָט פאַרענדיקט זיין קאָנטראַקט מיט קאָמפּאַניעיעצן, און ער האָט אָנ־געהויבן בויען נייע פּלענער וועגן אָרגאַניזירן אַ טעאַטער ספּעציעל פאַר בעסערן רעפּערטואַר.

## לייזער ראַפּעל אַלס אָרגאַניזאַטאָר

איך ווייס, אַז דאָ איז מיין אויפגאַבע איבערצוגעבן בלויז מיין לעבנ־געשיכטע, אָבער צופיל האָט דעמלט פאַר מיר געמיינט לייזער ראַפּעל און צו שטאַרק איז דעמלט געווען פאַרקנופּט מיין לעבן מיט זיינעם, אַז איך זאָל נישט דערמאָנען כאָטש עפּעס פון זיינע פּערזענלעכע מעלות און

חסרונות און וועגן זיינע לייסטונגען באַם אידישן טעאַטער.

איך זאָג מעלות און חסרונות, כאָטש איך בין איבערצייגט, אַז ער האָט געהאַט אַ סך מער מעלות ווי חסרונות.

נאָך פאַר אונזער חתונה האָב איך גענוג גוט איינגעזען, אַז מיין פאָרורטייל קעגן ראַפּעלן, איז געווען אַ פאַלשער. איך האָב געזען און פעסטגעשטעלט, אַז ער איז אַ היבש ביסל אַנדערש ווי אַנדערע אַקטיאָרן. אמת, ער איז געווען אַ פּריילעכער מענטש, אַ וויצלער מיט אַ סך הומאָר און אפשר דערפאַר האָט מען אים געקרוינט מיטן נאָמען „אַנציער“, אָבער ער האָט זיך נישט אָפּגעגעבן בלויז מיט „אַנציעריי“. ער האָט ערנסט זיך אָפּגעגעבן מיט זיין אַרבעט אין און פאַר דעם טעאַטער; ער האָט רעזשיסירט מיט היבשער צוגרייטונג און לויט אַ פאָראויס באַשטימטן פּלאַן און אויסערדעם, האָט ער אַלס אויסנאַם קעגן אַנדערע, אַ סך געלייענט און דוקא נייע פּיעסן פון נישט אידישע דראַמאַטורגן. און האָט ער דערפילט, אַז אַ פּיעסע וואָלט אויך געקאָנט טויגן פאַרן אידישן טעאַטער, האָט ער שוין געאַרבעט איבער איר איבערזעצונג און ער האָט שוין געהאַט אַ היבש ביסל אייגענע איבערזעצונגען, וועלכע אפילו אַזאַ אויטאָריטעט ווי מארק ארנשטיין, האָט אנערקענט און זיי אויפגעפירט.

און נאָך דער חתונה, איז אים צו די מעלות נאָך צוגעקומען אַ שטורם־קראַפט אויך אַלס אָרגאַניזירער. ער האָט נישט געוואָלט טאָן קיין שאַבלאָנע אַרבעט; ער האָט געזוכט נישט בלויז צו טאָן, נאָר אויך אויפצוטאָן און ווי נאָר ער האָט זיך באַפרייט פון קאָנטראַקט מיט קאָמפּאַניעצן, האָט ער אָנגעהויבן פאַרהאַנדלען מיט קאמינסקין וועגן איבערנעמען דעם „עליזעאום“, ספּעציעל פאַר בעסערן רעפּערטואַר.

דאָס איז דעמלט געווען אַ געפערלעכע אונטערנעמונג און קאַמינסקי האָט עס נישט געוואַגט; האָט זיך ראַפּעל נישט אָפּגעשראָקן און געזוכט נאָך אַנדערע שותפים און אַזוי האָט ער געווינען די צושטימונג פון עפּלבערגן און ווייסמאַנען. עפּלבערג איז געווען אַ זייער אינטעליגענטער מענטש, און אים האָט געפרייט צוצוטרעטן צו אַזאַ אונטערנעמונג פאַר בעסערן רעפּערטואַר. און די פיר, ראַפּעל, קאַמינסקי, עפּלבערג און ווייסמאַן האָבן געדונגען דעם עליזעאום־טעאַטער אַריינבראָקנדיק אין דעם געשעפט ביז צום לעצטן אָפּגעשפּאָרטן רובל.

די הוצאות אויסצוהאַלטן אין טעאַטער עליזעאום, זיינען געווען זייער גרויסע און כאָטש אונזערע געשעפטן זיינען געווען אויסערגעוויינלעך גוטע, האָבן אָבער די הוצאות פאַרשלונגען כמעט די גאַנצע הכנסה, נאָר פון דעם „כמעט“, איז נאָך אַלץ געבליבן גענוג אַף צו קענען מאַכן אַ גאַנץ פיין לעבן.

# מיין ברודער שייקע

דאָס איבערנעמען דעם „עליזעאום", האָט פאַר מיר געעפנט אַ נײַ פעלד פאַר אַרבעט און קינסטלערישער דערהויבונג.

דאָס בעסערע אידישע וואַרשע האָט געהאַט צוטרוי צו די פיר אָנפירער פון „עליזעאום" און עס האָבן זיך געיאָוועט שרייבער צו אונזערע פאַרשטעלונגען און עס האָבן אָנגעהויבן קומען אַזעלכע מענטשן, וואָס האָבן ביז דעמלט קיינמאָל אין אידישן טעאַטער נישט אַריינגעשמעקט.

איך בין געווען אַרומגערינגלט מיט ליבע און אַכטונג און יעדער אויפטריט מיינער אין אַ נייער פּיעסע, איז פאַר מיר געווען אַ נייער דערפאָלג און אַ נייע דערגרייכונג; און וואָס קאָן זיך אַן אַקטריסע ווינטשן בעסערס, כדי זיך צו קענען פילן גליקלעך?

און דאָך איז מיין גליק נישט געווען פולקאָם.

עס האָבן מיך אָנגעהויבן באַהערשן אומרואיקע געפילן און איבערטראַכטענישן וועגן מיינע עלטערן און מיינע ברידער און שוועסטערלעך.

אייגנטלעך, האָב איך וועגן זיי אַלעמאָל געטראַכט און ווען נאָר איך האָב דורכגעלעבט אַ שטיקל פרייד, האָב איך זיך דערמאָנט אָן מיינע עלטערן און איך האָב באַדויערט, וואָס זיי זעען נישט מיין גליק און וואָס זיי קענען זיך נישט מיטפרייען מיין פרייד; נאָר ווי לאַנג איך בין געווען מיט טעקסן, האָב איך די שטימונגען געקאָנט פאַרטרייבן, ווייל די פאַרביטערונג, פאַרוואָס מיינע עלטערן האָבן מיך אַזוי „באַגליקט", האָט מיר צוגעהאָלפן דערצו.

אָבער ווען איך האָב זיך באַפרייט פון טעקסן און איך האָב אָנגעהויבן שטייגן אויף די הויכע שטאַפלען פון מיינע דערפאָלגן; און דערנאָך, ווען איך האָב אָנגעהויבן איינזען, אַז ראַפעל איז נישט קיין „אָנציער" נאָר ער ווייזט מיר אַרויס ליבע און פאַרערונג און ער דערהויבט מיך קינסטלעריש, האָב איך ערשט אָנגעהויבן ליידן פון אַ טיפער בענקשאַפט און יעדעס ביסעלע פרייד, איז מיר פאַראומערט געוואָרן באַם געדאַנק, אַז בעת איך לעב דאָ אין ראַסקאָש און בין אַזוי גליקלעך, ווער ווייס וואו מיינע עלטערן געפינען זיך ערגיץ, צי ליידן זיי נישט קיין נויט און איך האָב זיך דערמאָנט אָן די אַלע אַרומשלעפּעני‎שן אויף פורן איבער שטעט און שטעטלעך און אין מיין האַרצן האָט זיך גענומען צאַפּלען אַ רחמנות צו זיי.

אָבער וואָס האָב איך זיך געקאָנט העלפן? זיי זיינען כסדר אַרומגעפאָרן און קיין אדרעס צו זיי האָב איך נישט געוואוסט און איך האָב גוט פאַרשטאַנען, אַז זיי צו מיר וועלן נישט שרייבן, ווייל זיי פילן זיך צו

זינדיק קענען מיר, און אַזוי האָב איך זיך געצאַפּלט צווישן דערהויבונגען און קינסטלערישע דערפאַלגן און טיפע איבערלעבענישן פון בענקשאַפט און האַרץ־ווייטיק.

און איינמאָל, עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, איך האָב זיך שוין אָנ־געהויבן גרייטן צו גיין אין טעאַטער, נאָר עפּעס אַ דריקענדע מעלאַנכאָ־ליע האָט מיך באַהערשט און איך האָב געפילט, אַז עפּעס וויינט ביי מיר אין האַרצן, און פּלוצלינג — עמיץ קלאַפּט אין טיר און עס קומט אַריין אַ יונגער מאַן אין אַלטע אָפּגעטראָגענע קליידער, די האָר פון זיין קאָפּ זיינען אָפּגעגאָלט ביז צו דער הויט און איך קוק אויף אים און זע, אַז איך קען דעם מענטש, נאָר איך קאָן אים נישט דערקענען און איך זע ווי זיי־נע אויגן פולן זיך אָן מיט טרערן און אַ האַרץ־רייסענדער יאָמער רייסט זיך אַרויס פון מיין ברוסט — שייקע!...

נאָך אַכט יאָר נישט זען זיך, זיינען זיך ברודער און שוועסטער געפאַלן אין די אָרעמס און עס האָט לאַנג געדויערט ביז מיר זיינען געקומען צו זיך, כדי צו קענען אויסריידן אַ וואָרט...

## איך נעם אַריבער פּאַנין פון אדעס

צו אַלעם ערשטן, האָט שייקע פאַרענטפערט זיין מוראדיקן אויס־זען. ער איז שוין מער נישט קיין אינגעלע וואָס איך האָב איבערגעלאָזן, ער איז שוין אַ „נאָוואָבראַניעץ” און ער האָט זיך אויסגעפועלט, אַז מען זאָל אים שיקן דינען קיין וואַרשע און ווייסנדיק אַז דער ציוויל אנצוג גייט פאַרפאַלן ווען מען קומט אין קאַזאַרמע, האָט ער אָנגעטאָן דאָס ערגסטע וואָס ער האָט.

איך האָב ממש אַרויסגעכאַפּט זיינע ווערטער פון מויל; איך בין געווען אַזוי אומגעדולדיק, אַז איך האָב געוואָלט הערן כאָטש אַלץ מיט אַמאָל און נאָך איידער איך האָב אויסגעהערט איין נייעס, האָב איך שוין געשטעלט פראַגן וועגן אַ צווייטער זאַך.

שייקע האָט פאַרשטאַנען און געפילט מיין טיפן אינטערעס און ניי־געריקייט און ער האָט מיר איבערגעגעבן בקיצור ווי נאָר מעגלעך, אַז טאַטע־מאַמע פלאָגן זיך ווי אַלע מאָל און באַ זיי האָט זיך נאָך גאָרנישט געענדערט צום בעסערן. זיי האָבן פריער געוויינט אויף מיין דאָליע, וואָס זיי האָבן מיר אויסגעבעטן מיטן חתונה מאַכן מיך מיט טעקסן און זיי האָבן זיך געפרייט מיט דער ידיעה, אַז איך האָב זיך ענדלעך באַפרייט פון אים; זיי האָבן מורא געהאַט, אַז איך בין ברוגז אויף זיי און דערפאַר האָבן זיי מיר נישט געשריבן, אָבער איצט וועט ער שוין זען, אַז זיי זאָלן מיר שרייבן.

דערווייל איז געקומען ראַפאַעל, ער האָט זיך זייער פריינטלעך באַנו־מען ווען איך האָב אים פאַרגעשטעלט מיין ברודער, ער האָט אים צוגע־זאָגט צו פאַרהעלפן מיט וואָס ער וועט זיך נאָר נויטיקן. באַגלייטנדיק מיך אין טעאַטער אריין, האָט מיר שייקע איבערן וועג דערציילט, אַז פאַני איז אַנטלאָפן פון די עלטערנס טרופע קיין אדעס, זי האָט נישט געקאָנט אויסהאַלטן די ליידן און פיין פון די וואַנדערונגען, זי האָט פאַר זיך נישט געזען קיין שום אויסזיכטן. זי האָט שטאַרק געשטרעבט צו קענען טאָן עפּעס, איז זי אַוועק קיין אדעס; זי האָט געמיינט, אַז דער פעטער יאַסקע וועט זי שטיצן, אָבער דער פעטער יאַסקע וואוינט נישט מער אין אדעס, די באָבע איז טויט און זי ליידט דאָרט זיכער נויט...

גייענדיק אין טעאַטער, האָב איך פאַרגאָסן טרערן אַפן טויט פון מיין באָבען און אַף די ליידן פון מיין שוועסטער און איך האָב געשוואוי־רן בא זיך אין הארצן, אַז מיט וואָס איך וועל נאָר קענען, וועל איך זען איר צו העלפן.

און באַלד אַפּצומאָרגנס האָט זיך געמאַכט אַזוי, אַז איך האָב אָנגע־הויבן דערפילן מיין שבועה.

איך האָב פון פאַנין דערהאַלטן אַ בריוו.

— פון אַן אַנאָנס אין אַ וואַרשעווער צייטונג — שרייבט זי — האָט זי זיך דערוואוסט מיין אַדרעס, און אַזוי ווי דאָס איז איר לעצטע אויס־זיכט, שרייבט זי צו מיר.

אויסרעכענענדיק אַ גאַנצן צעטל פון ליידן און פיין, ביז זי האָט באַ־שלאָסן צו אַנטלויפן פון די עלטערן קיין אדעס, האָט זיך ערשט אָנגע־הויבן אַ נייער צעטל פון ליידן און פיין. א נס וואָס אברהם פישזאָן האָט זי אַריינגענומען אין טרופע און זי האָט פאַרדינט אַף ברויט, אָבער צום אומגליק איז זי זייער שיין און נישט נאָר אַקטיאָרן, נאָר ווי אַ שלאַק, טשעפּעט זיך צו איר און דאָס לעבן איז איר שוין אַזוי נמאס, אַז אויב איך וועל איר נישט העלפן, קומט אוים אַז זי זאָל אָן זיך אַ מעשה אָנטון...

דעמזעלבן טאָג האָט ראַפאַעל מיר געגעבן עטלעכע רובל פאַר שייקען און שוין האָב איך געהאַט אַ נייע בקשה צו אים, און איך, דערמאַנענדיק זיך אָן טעקסנס קאַרגשאַפט, האָב פשוט נישט געוואָגט אים צו זאָגן; אָבער ראַפאַעל האָט געזען, אַז איך גיי אַרום אַ פאַרוויינטע, האָט ער בא מיר געפאָדערט דעם בריוו און איבערלייענענדיק אים, האָט ער אויסגע־רופן: — טאָ וואָס וויינסטו? דיינע טרערן וועלן דאָ גאָרנישט העלפן, דאָ דאַרף מען עפּעס טאָן!... און אַ האַלבע שעה שפּעטער איז אַוועקגעשיקט געוואָרן טעלעגראַפיש געלט און אַ פאָדערונג — באַלד קומען!...

# זיבעצנטער קאַפּיטל:

מיינע עלטערן קומען קיין וואַרשע — מילי און מערי — דער טאַטע קאָן נישט „דינען" — מיר פאָרן אױף דער פּראָווינץ — פּערל פון ים, נישט איינעצנדיק די פינגער — מיר פאָרן קיין פּעטערבורג — אין דער הויפּטשטאָט פון צאַר — ראַפאַעל האָט אַ נייעם פּלאַן — „עליזעאום" אױף פינף יאָר — צוריק אין וואַרשע — ראַפאַעל אַנגאַזשירט ווידער מיינע טאַטע־מאַמע — איך קוק צו ווי אַנדערע שפּילן טעאַטער — אַנדזשעלע ווערט געבוירן.

## מיינע עלטערן קומען קיין וואַרשע

ווי שטאַרק פאַני האָט זיך געוואָלט אַרויסרייסן פון אדעס, האָט באַוויזן דער פאַקט, וואָס אַ וואָך שפּעטער, איז זי שוין אָנגעקומען קיין וואַרשע.

ווי זי האָט זיך דאָס אַנטוויקלט ווי אַ שיינע בלום! מיר האָבן זיך געהאַלטן אַרומגענומען און עס האָט אויסגעזען, אַז מיר וועלן זיך שוין קיינמאָל נישט אָפּרייסן איינע פון דער אַנדערער.

פאַני איז דעמלט אַלט געווען קוים זיבעצן יאָר, און לויט די ליידן וואָס זי האָט איבערגעלעבט, איז גאָרנישט געווען צו גלויבן, אַז זי וועט זיך צעבליען אין אַזאַ ליכטיקער שיינקייט און זיין אַזוי אַנטוויקלט ווי אַ מיידל פון 22 יאָר.

ראַפאַעל האָט זי באַלד איינגעלאַדן זי זאָל וואוינען מיט אונז צוזאַמען און ער האָט זי אויך אַנגאַזשירט און זי האָט געוויזן, אַז זי האָט אַ פיינעם טאַלאַנט. מיין פרייד איז דעמלט געווען אָן אַ גרעניץ.

שייקע האָט געוווינען די סימפּאַטיע פון זיינע עלצטע און ער איז אין קאַזאַרמע געוואָרן אַ גאַנצער כל־ולך; ער האָט אָרגאַניזירט קאָנצערטן און ספּעקטאַקלען אין אָפיצירן־קאַסינאָ און מען האָט אים דערפאַר באַפרייט פון די שווערע אַרבעטן אַלס „נאָוואָבראַניעץ" און ער האָט אפילו פאַרדינט געלט. ער איז אָפט געקומען צו אונז צוגאַסט און אפילו מיטגעבראַכט זיינע אָפיצירן צו אונז אין טעאַטער, און די אָפיצירן האָבן אים אָפּגעגעבן כבוד ווי אַ קינסטלער.

כאָטש איך האָב עס באַ זיי נישט געפרעגט, בין איך געווען מער ווי זיכער, אַז זיי האָבן זיך דורכגעשריבן מיט טאַטע־מאַמע און נאָך איידער

איך בין געקומען אינגאַנצן צו זיך פון דער פרייד וואָס איך האָב נעבן זיך מיין ברודער און מיין שוועסטער, קומט פלוצלינג ראַפאַעל צו גיין און ער זאָגט מיר, אַז ער האָט פאַר מיר אַ בשורה און איידער איך באַוויז אים צו פרעגן עפּעס, מאַכט ער אויף די טיר און ער רופט אויס — קומט אַריין, הער ציפּקוס...

גאָט מיינער וואָס פאַרא גרויסער הילוק! שייקע און פאַני האָבן זיך צעוואַקסן ווי פּרעכטיקע בלומען און דער טאַטע האָט איצט אויסגעזען אַזוי ווייסט און חושך און אַזוי פאַרעלטערט, אַז אַן אומענדלעכער צער האָט מיך אַרומגענומען און פאַרגעסנדיק די גרויסע פּיין, וואָס ער האָט מיר פאַראורזאַכט מיט זיין באַגליקן מיך אַלס זעכצן יעריק קינד מיט דעם פערציק יעריקן כיראַמאַנט, האָב איך זיך געוואָרפן אין זיינע אָרעמס, און לאַנג לאַנג געוויינט.

די מאַמע מיט מילין און מערין זיינען געהאַט געבליבן אין אַן אַכסניה און פאַני איז באַלד אַוועקגעלאָפן נאָך זיי, און מיר האָבן דעם טאָג געהאַט יום-טוב אין אונזער שטוב.

מילי מיט מערין, וועלכע איך האָב איבערגעלאָזן אַלס קליינע קינדער, זיינען שוין געווען היבש אויסגעוואַקסן; זיי האָבן זיך צוערשט געשראָקן פאַר דער באַלעבאַטישקייט אין אונזער וואוינונג, וואָס האָט באַזיי געמוזט אויסזען זייער רייך, אָבער נאָך מיין וואַרימען אַרומנעמען זיי, האָבן זיי דערפילט הארציקע אויפריכטיקייט און זיי האָבן זיך אָנגעהויבן פילן היימיש.

איך בין געווען אַזוי גליקלעך וואָס איך האָב מיין גאַנצע פאַמיליע נעבן זיך, אַז איך האָב זיך גאָרנישט אָפּגעגעבן קיין חשבון וועגן די פּראָבלעמען וואָס דאָס אָנקומען פון זיי האָט געשאַפן.

וועגן דעם האָט שוין דערפאַר ראַפאַעל געמוזט גאַנץ ערנסט טראַכטן, ווייל נאָך עטלעכע שעה אָפּפרייען זיך, האָט ער מיך אַוועקגערופן אין דער צווייטער שטוב און מיר געגעבן אַ פּעקל אַסיגנאַציעס און געזאָגט, אַז דאָס איז פאַרן טאַטן.

און אַזוי בין איך פון מיין יום-טובדיקער שטימונג אויפגעוואַכט צו דערווירקלעכקייט, איך האָב פאַרשטאַנען, אַז מען מוז זען די פאַמיליע איינצואָרדנען.

## דער טאַטע קאָן נישט „דינען"

באַלד צומאָרגנס, האָט דער טאַטע געדונגען אַ דירה אָף סטאַווסקיגאַס. פאַני איז אַריבער וואוינען בא די עלטערן און זי האָט פון אירע

פארדינסטן בא אונז אין טרופע, פאקטיש אויסגעהאלטן די שטוב.

מיינע טאטע־מאמע זיינען אבער זייער גאנץ לעבן געווען צו באַוועגלעך; זיי האבן נישט געקענט זיצן און ווארטן אף די פארדינסטן פון זייער קינד און זעענדיק ווי שטארק זייליידן דערפון, האב איך זיך אנגעהויבן באמיען, אז זיי זאלן אנגאזשירט ווערן אין א טעאטער.

ביי אונז איז די טרופע געווען א צו גרויסע און אגב האט שוין ראַפעל פארטראכט א פלאן, אז ווי נאר מען וועט ענדיקן דעם יאָר־קאנטראקט מיט עליזעאום, זאל מען ארויספארן אף א טורנע. אבער, עס איז מיר געלונגען, אז קאמפאניעיעץ זאל אנגאזשירן מיינע טאטע־מאמע, אבער לאנג האבן זיי זיך דארט נישט געהאלטן; זיי האבן זיך נאך אזוי־פיל יארן וואנדערונגען אלס זעלבסטשטענדיקע אונטערנעמער, נישט אריינגעפאסט און נישט געקאנט זיך צופאסן, נישט צו דעם אופן ווי אזוי מען האט אין ווארשע געשפילט טעאטער און נישט צו דער דיסציפלין. דער טאטע האט געפרואווט זאגן דעות וועלכע מען האט אים נישט אויסגעפאלגט, ביז ער האט אנגעהויבן שרייען, אז ער קאן נישט „דינען" ביי יענעם און אזוי ווי דעמלט איז געווארן מאדע צו ווייזן קינעמאטאגראַפישע בילדער און דערביי געבן קאנצערטן, האט דער טאטע איינשטודירט מילין מיט מערין אלס קינדער־דועט און באקומענדיק נאך עטלעכע אקטיארן און אקטריסעס צו זיך, האט ער בא מיר באקומען געלט אף הוצאות און מיטנעמענדיק אויך פאנין, איז ער ארויסגעפארן ווידער אלס טעאטער־אונטערנעמער איבער פוילישע שטעטלעך.

## מיר פארן אף דער פראָווינץ

איך האב שוין דערמאנט, אז די הוצאות אין טעאטער „עליזעאום" האבן אויפגעגעסן כמעט די גאנצע הכנסות, נאר אז דער „כמעט" האט אונז נאך געלאזן גענוג, אף צו קענען מאכן א גאנץ פיין לעבן און אפילו אף צו שטיצן די מייניקע.

אבער דער פאקט פון קענען מאכן א לעבן, האט ביי ראפעלן געהייסן אריינפאלן אין שאבלאן; שלעפן דעם יאך אזוי ווי א פערד; א מענטש דארף זיך אלעמאל באנייען; א מענטש טאר נישט בלייבן רואיק אף זיין פיצעלע פאשע־פעלד, א מענטש דארף זוכן אויפצוטאן עפעס נייעס.

און איך, מיט מיין רואיקן און נישט קעמפערישן כאראקטער, האב אין ראפעלס אומרואיקייט געזען א חסרון, אבער איך בין געווען צו נאכגיביק, אז איך זאל קעמפן קעגן זיין אומרואיקייט. אגב האט ער אלעמאל געוואוסט ווי אזוי מיך צו איבערצייגן, אז ער גייט טוען א גוטע

און אַ גרויסע זאַך און נאָך איידער ער האָט פאַרענדיקט זיין קאָנטראַקט מיטן „עליזעאום", האָט ער שוין געהאַט אָרגאַניזירט און אַנגאַזשירט אַ גרויסע טרופּע פאַר אַ טורנע איבער די גרויסע שטעט און ווי נאָר מיר זיינען אַרויס פון עליזעאום, האָבן מיר באַלד גענומען פּאַקן די טשעמאָדאַנעס און מיר האָבן זיך אַרויסגעלאָזן אױף דער רייזע.

דאָס ווידער אַרויספאָרן אױף דער פּראָווינץ האָט מיך געשראָקן, ווייל דאָס האָט מיך דערמאנט אָן מיינע אַמאָליקע וואַנדערונגען פון קינדווייז אָן; איך האָב אָבער געהאַט דעם טרייסט, וואָס מיינע קינדערלעך בלייבן אין אַ וואַרימער שיינער היים אונטער דער געטרייער אויפזיכט פון אַ באָבען און צוויי דינסטן, און בארואיקנדיק זיך, האָב איך שוין אָנגעהויבן פילן אַן אָפּפרישונג אױף דער רייזע, די דערפאָלגן ביי נייע מענטשן און אין נייע שטעט, האָבן מיר אָפּסניי געגעבן דעם גרויסן גענוס פון קינסטלערישער סאַטיספאַקציע.

אונזער איצטיקער אַרויספאָר איז מיט גאָרנישט גלייך געווען צו מיינע אַמאָליקע וואַנדערונגען אױף פורן; מיר זיינען געפאָרן מיט דער באַן איבער גרויסע שטעט און די געשעפטן זיינען געווען גוטע, אונזערע נעמען און אונזער גוטער שם איז אונז געלאָפן פאָראויס און אין יעדער שטאָט האָבן אונז אָפּגעוואַרט דעלעגאַציעס, מען האָט אונז אויפגענומען מיט באַגייסטערונג, צו אונזערע פאָרשטעלונגען זיינען געקומען די בעסטע מענטשן פון אַרבעטער און סוחרים. און עס האָבן אויך נישט געפעלט קיין פּראָפעסיאָנאַלן, וואָס האָבן אונז נאָך די פאָרשטעלונגען איינגעלאַדן אױף גלעזלעך טיי און מען האָט דיסקוטירט וועגן קונסט און שונד און וועגן בעסערן רעפּערטואַר, און ראַפּעל האָט מיט ליידנשאַפט פאַרטיידיקט די אידישע קינסטלער, וואָס מוזן זיך אַלעמאָל אַראָפּלאָזן צו די מאַסן כדי זיי אַרויסצוהויבן, בעת די אינטעליגענץ וואָלט געוואָלט אַרויסנעמען די פּערל פון גרונט פון ים, נישט איינעצנדיק זיך דערביי די פינגער...

## מיר פאָרן קיין פּעטערבורג

מיר האָבן געשפּילט אין לאָדזש פּינסקים און גאָרדינס רעפּערטואַר און יעדע אויפירונג אונזערע איז געווען אַ דעראייגעניש, ממש אַ סענסאַציע; מיר זיינען געווען אַרומגערינגלט פון פריינט און פאָרערער, שרייבער און פּראָפעסיאָנאַלן, אָבער ראַפּעלס אומרו האָט אים געשטויסן צו נייע אויפטוען און ער האָט זיך פאַרמאָסטן אױף אַ געוואַגטע אונטערנעמונג: — פאָרן שפּילן אידיש טעאַטער אַזש קיין פּעטערבורג!

און אַבי אים איז עפּעס אַריין אין קאָפּ, האָט ער שוין נישט גערוט,

ער האָט שוין גענומען באַארבעטן די אַנדערע שותּפים און די מיטגלידער פון טרופּע און ער האָט געהאַט אַזאַ כּח, אַז אַלע האָבן באַלד אָנגענומען דעם פּלאַן. עפּעלבערג איז געפאָרן קיין פּעטערבורג און עס האָט נישט לאַנג געדויערט, האָט ער טעלעגראַפירט, אַז ער האָט אָפּגעדונגען דאָס טעאַטער פון דער קאָמיסאַזשעווסקאַיא. דאָס טעאַטער איז דעמלט געווען באַרימט אַלס קונסט-טעאַטער און די מיטגלידער פון אונזער טרופּע האָבן זיך אָנגעהויבן פילן שטאָלץ באַם בלויזן געדאַנק, אַז זיי וועלן שפּילן אין דעם באַרימטן פּעטערבורגער קונסט-טעאַטער.

מיר זיינען באַלד צוריקגעפאָרן קיין וואַרשע און אָנגעהויבן די צוגרייטונגען צו דער נסיעה קיין פּעטערבורג. דערווייל האָב איך נאָך געהאַט אין וואַרשע אַ היבש ביסל אַרבעט וועגן מיין דינסטמיידל וואָס איך האָב געהאַט מיטגעבראַכט פון אדעס, זי איז געווען אַ זייער וואוילע און פאָלגעוודיקע און זי האָט צילין און דערנאָך אסתּרן זייער שטאַרק ליב געהאַט, אָבער זי האָט נישט געקאָנט אויסקומען מיט מיין שוויגער און זי האָט געבעטן, אַז זי וויל אַהיימפאָרן.

אַף איר פּלאַץ האָט די שוויגער אַריינגענומען אַן אַלטע ניאַניע, יולקאַ האָט זי געהייסן, זי איז שוין געווען איבער אַכציק יאָר אַלט, און זי האָט כּסדר געוויינט, אַז זי איז נעבעך אַ קיילעכדיקע יתומה... זי איז אַמאָל געווען לייזערס ניאַניע און זי האָט געדינט א סך יאָר באַ דער שוויגער און נאָכדעם ווי איך האָב זיך איבערצייגט, אַז זי איז געטריי און האָט זייער ליב די קינדער און זי גיט אַף זיי גוט אַכטונג, בין איך מיט אַ רואיקן געמיט און מיט נישט ווייניק רייזע-פּיבער, צוזאַמען מיט אסתּררחל קאַמינסקי און דער גאַנצער טרופּע אַרויסגעפאָרן קיין פּעטערבורג, כּדי צו שפּילן אין טעאַטער פון דער קאָמיסאַזשעווסקאַיא.

## אין דער הויפּטשטאָט פון צאַר

ווי צייטן האָבן זיך געביטן! ווי לאַנג איז דען אינגאַנצן געווען, ווען איך האָב זיך אַרומגעשלעפּט מיט טאַטע-מאַמע איבער שטעט און שטעטלעך, וואו מיר האָבן זיך געמוזט קליגן ווי אַזוי איבערצוכיטרעווען די צאַרסקע גזירה קעגן אידיש טעאַטער? ווי לאַנג איז עס דען אינגאַנצן, ווען איך האָב אונטער מיין טוניק אַלס שולמית, געמוזט טראָגן אַ געהאָפטענע בלוזע פון אַ מאַלאָ-רוסישע שיקסע, און באַ יעדן דערשיינען פון אַ „קנעפּל", האָב איך געמוזט אַראָפּוואַרפן די טוניק און פון שולמית איז געוואָרן אַ מאַלאָרוסישע קופּלעטיסטן? און ווי לאַנג איז עס דען אינגאַנצן ווען איך האָב געהערט דעם וואָרנונגס-רוף אַף דער בינע: — חברה, דאַ-

בערט מיט אַ פּאַסעך?...

און אַט זיינען מיר אין פּעטערבורג, אין דער הויפּטשטאָט פון רוסי־שן צאַר, אין סאַמע פינטל פונוואַנען עס האָבן זיך געשאָטן די פאַרשי־דענע גזירות קעגן אידן, און דוקא האָבן מיר דאָס אָנגעזעענסטע טעאַטער און דאָ וועלן מיר שפּילן אידישע פּיעסן און אף מאַמע־לשון!...

און וואָס פאַרא מענטשן עס האָבן אונז דאָס אָפּגעוואַרט און באַ־גריסט צו אונזער אָנקומען קיין פּעטערבורג! און וויפיל פרייד עס האָבן אונז פאַרשאַפט די פאַרשטעלונגען!

אסתר־רחל איז געווען דאָס שיינדל, אָדער ווי מען זאָגט עס היינט — **בראש** פון דער טרופּע און מען קאָן זאָגן מיט פולן באַוואוסטזיין, אַז זי האָט טאַקע מיט איר גרויסן טאַלאַנט באַשיינט די גאַנצע טרופּע.

אפן וועג קיין פּעטערבורג האָב איך געהאַט געלייענט די באַשריי־בונגען וועגן די ראשעל און די דוזע און זעענדיק אסתר־רחלען אין גאַר־דינס „די שחיטה", איך בין דעם אָוונט פריי געווען און בין געזעסן אין טעאַטער, און זעענדיק ווי אַזוי זי שפּילט אָפּ די סצענעס, האָב איך גע־פילט אַזאַ באַגייסטערונג, אַז טרערן האָבן זיך מיר געריסן פון די אויגן און איך בין געווען זיכער, אַז אויך וועגן אסתר־רחלען מעג מען זינגען אַזעלכע לויב־געזאַנגען ווי וועגן דער ראשעל.

אסתר־רחל האָט פון מיר זייער שטאַרק געהאַלטן, זי האָט געזאָגט, אַז אין די סצענעס וואָס זי שפּילט אָפּ מיט מיר אַלס פּאַרטנערן, פילט זי זיך גרויס, און נאָר מיט מיר אַלס פּאַרטנערן, פילט זי ערשט, אַז זי איז טאַקע די גרויסע אסתר־רחל.

דער אמת איז, אַז ווען מיר האָבן געהאַט אָפּצושפּילן צוזאַמען אַ סצענע, איז זי אַרויסגעקומען אַזוי מייסטערהאַפט פּערפעקט, אַז דער עולם האָט געיובלט און איך האָב געהאַט דאָס גרויסע גליק צו טיילן די אַפּלאָדיסמענטן מיט דער באַרימטער קינסטלערין.

עס האָט אָבער לאַנג נישט געדויערט; קוים נאָך צוויי חדשים שפּילן אין פּעטערבורג און דוקא ביי גוטע געשעפטן, איז אויסגעבראָכן אַ סכסוך צווישן עפּעלבערגן און קאַמינסקין און עס האָבן זיך אָנגעהויבן מחלוקת און ראַפאַעל האָט זיך פאַרשטענדיקט מיט עפּעלבערגן, מען האָט אַוועקגע־שיקט טעלעגראַמעס קיין וואַרשע און אין אַ שיינעם טאָג זאָגט מיר ראַ־פאַעל אָן די בשורה, אַז ער מיט עפּעלבערגן דונגען דעם „עליזעאום" טעאַ־טער אף פינף יאָר און מיר דאַרפן שוין פאָרן קיין וואַרשע.

## צוריק אין וואַרשע

די ידיעה אַז ראַפאַעל־עפּעלבערג האָבן גענומען דעם „עליזעאום" אף

פינף יאָר, איז אין וואַרשע אויפגענומען געוואָרן ווי אַ פריידיקע סענסאַציע. פריינט זיינען אונז געקומען באַגריסן, צווישן די פריינט זיינען געווען אויך שרייבער און פאַרטיי־טוער, זיי האָבן אויסגעדריקט זייער האָפענונג, אַז מיר וועלן ווי ביז היינט זיך באַמיען צו האַלטן הויך די פאָן פון דער אידישער טעאַטער־קונסט און ראַפּעל האָט געשוועבט אין די הימלען, און געגרייט זיך צו דער ערשטער פאָרשטעלונג.

אינדערהיים האָבן מיר געטראָפן אַלץ אין בעסטער אָרדענונג, לוטעק, מאַלווינקע, צילי און די קליינע אסתרל זיינען געווען געזונט, די אַלטע יולקאַ האָט נאָך אַלץ געוויינט אױף איר יתומהשאַפט, בלויז די שוויגער האָט זיך אַביסל געענדערט, זי איז געוואָרן קאַפּריזנע און וואָס מען האָט געטאָן, האָט זי פאַרגעוואָרפן, אַז מען האָט עס באַדאַרפט טאָן אַנדערש.

דורך דער צייט פון מיין זיין אין פעטערבורג, האָט זיך דערווייל שייקע פאַרליבט אין אַ מיידל פון אַ פרום חסידיש הויז, זיי האָבן געהאַלטן אַ קלייטל נישט ווייט פון דער קאַזאַרמע און דאָס מיידל, אַ יונג שיין מיידל, שבע האָט זי געהייסן, איז גאַנץ אָפט געזעסן אין קלייטל און דאָרט האָט זיך שייקע מיט איר באַקענט און זיי האָבן זיך ליב באַקומען.

שייקע האָט אונז פאָרגעשטעלט זיין מיידל, זי איז אונז אַלעמען זייער געפעלן און כאָטש ער האָט נאָך געדינט, האָט מען געמאַכט אַ תנאים און זיי זיינען געוואָרן חתן־כלה.

אונזער ערשטע דערעפענונגס פאָרשטעלונג אין „עליזעאום”, איז געווען אַ גרויסער יום־טוב און דער יום־טוב האָט זיך געצויגן און געצויגן וואָכן און חדשים. לאַנג און פלוצלינג באַקום איך אַ טעלעגראַם פון טאַטן, אין דער טעלעגראַמע זאָגט זיך בלויז איין וואָרט, נאָר דאָס וואָרט, שרייט און דרינגט אַריין ביז אין דער טיפעניש פון מיין האַרץ. דאָס איינע וואָרט איז געווען — העלף!...

כאָטש די הוצאות אין „עליזעאום” זיינען געווען זייער גרויסע און מען האָט געמוזט זיין אויסגערעכנט מיט געלט, פונדעסטוועגן, זעענדיק די טעלעגראַמע, האָט ראַפּעל באַלד אַרויסגעשיקט אַביסל געלט און דער טאַטע מיט דער מאַמען, פאַני, מילי און מערי זיינען געקומען קיין וואַרשע.

ווידער האָבן זיי גענומען אַ דירה אױף סטאַווסקי; פאַני איז באַלד אַריין אין אונזער טרופּע און כאָטש די טרופּע איז געווען אַ גרויסע, האָב איך געפּועלט ביי ראַפּעלן, ער זאָל אויך די טאַטע־מאַמע אַריינעמען, אָבער דער טאַטע האָט זיך ווייטער נישט געקענט צופּאַסן, נישט צו די באַדינגונגען אין אַ פּערמאַנענטן טעאַטער אין אַ גרויסער שטאָט, און נישט צו „דינען” ביי „יענעם”... ער האָט זיך ווידער אָנגעהויבן מישן אין די געשעפטן און פון פּאַרדרוס, וואָס ראַפּעל הערט זיך נישט צו צו

זיינע מיינונגען, האָט ער גענומען אַביסל בראַנפּן און דאָס האָט אים נאָך געמאַכט אומצופרידענער, ביז ענדלעך ער איז אַרויס פון דער טרופּע אַ ברוגזער.

דערווייל איז שייקע באַפרייט געוואָרן פון דינסט און מען האָט גע־פּראַוועט אַ שיינע חתונה און ווי נאָר ער האָט באַקומען עטלעכע הונ־דערט רובל נדן, האָט דער טאַטע צונויפגעשטעלט אַ טרופּע, שייקע האָט מיטגענומען זיין פרוי און זיי האָבן זיך געלאָזן איבער שטעט און שטעט־לעך. עטלעכע וואָכן שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז שייקע האָט זיך צעקריגט מיטן טאַטן און ער האָט געלאָזן די טרופּע און איז אַליין אַוועק צו דער טרופּע קאַניעווסקי, וועלכע איז דעמלט אויך אַרומגעפאָרן איבער פּוילישע שטעט און שטעטלעך.

ווידער זיינען טאַטע־מאַמע געקומען קיין וואַרשע, ווידער האָב איך געפּועלט אַז ראַפאַעל זאָל זיי אויפנעמען אין טרופּע, מען האָט דעמלט געשטעלט די פּיעסע „צוויי תנאים" און די מאַמע האָט זיך אויסגעצייכנט אין איר כאַראַקטער־ראָל, און דאָס האָט אַביסל געווירקט, אַז דער טאַטע זאָל זיך האַלטן גוט מיט די דירעקטאָרן און איך האָב זיך געפילט גליק־לעך, וויסנדיק, אַז טאַטע־מאַמע זיינען מיט אונז און עס פעלט זיי גאָרנישט.

## אַנדזשעלע ווערט געבוירן

די געשעפטן אין „עליזעאום" זיינען געגאַנגען זייער גוט. ראַפאַעל און עפּעלבערג האָבן זיך באַמיט אָנצוהאַלטן דעם בעסערן רעפּערטואַר, פונדעסטוועגן, האָט מען פון צייט צו צייט געמוזט שטעלן אַ לייכטערע פּיעסע און אַזוי ווי איך האָב זיך אויסגעצייכנט סיי אַלס פּרימאַדאָנע ווי אַלס דראַמאַטישע אַקטריסע, האָבן מיר געשפּילט אַ געמישטן רעפּער־טואַר. און כאָטש איך בין געווען שוואַנגער, האָט מען צוליבן גאַנג פון די געשעפטן, מיך גאַנץ זעלטן באַפרייט פון אַ פאָרשטעלונג.

אָבער אָט האָט מען געשפּילט די פּיעסע „יעקב און עשיו" און שוין אָראָפּגייענדיק פון דער בינע, האָב איך זיך אָן עפּעס פאַרטשעפּעט און בין אומגעפאַלן.

איך בין שוין געווען אין אַכטן חודש און ראַפאַעל האָט זיך זייער אי־בערגעשראָקן און כאָטש דאָס פאַלן האָט מיר חלילה נישט פאַרשאַדט, פונדעסטוועגן האָט מיך ראַפאַעל מער נישט געלאָזן אויפטרעטן און עס איז זיך לייכט פאָרצושטעלן, ווי איך האָב זיך דערנאָך געפילט זיצנדיק אין טעאַטער, און צוקוקנדיק ווי אַלע שפּילן, נאָר איך מוז זיצן און צוקוקן...

ענדלעך איז געקומען דער גליקלעכער טאָג ווען איך בין אויפגעבונדן געוואָרן; ראפעל האָט דוקא געוואָלט האָבן אַ אינגעלע און ווען מען האָט אים געזאָגט — מזל-טוב אַ שיין מיידעלע, אַ גאָלד, האָט ער זיך אַ זעץ אַוועק געגעבן און אָפּגעשפּילט אַ סצענע פון כלומרשטער פאַר־צווייפלונג, אָבער באַלד איז ער צוגעקומען, מיך געקושט און געזאָגט: — מזל-טוב קימפּעטאָרן!... דו ביזט מיר אַלצאיינס ליב און טייער...
דעם ניי-געבוירענעם נפשל, האָבן מיר אַ נאָמען געגעבן — אַנדזשעלע.

(סוף פון ערשטן טייל)